אַרויסגעגעבן מיט דער הילף פון

פאַראיין פון יידישע שרײַבערס און זשורנאַליסטן אין ישׂראל

אליעזר פּינעס־פאָנד פאַר קולטור און ליטעראַטור

קרן תל־אביב לספרות ולאמנות ע"ש יהושע רבינוביץ

קולטור־פאָנד בײַם אירגון יוצאי לובלין בישראל

מאיר יעלין

# באָרוועס איבער שניי

דערציילונגען



ה. לייוויק - פאַרלאַג
בײַם פאַראיין פון יידישע שרײַבערס
און זשורנאַליסטן אין ישראל

# אויפן האָק פון דער האָפענונג

**(סצענעס)**

### אין קאַשטשאַל, זונטיק

— ...און אַז כ׳האָב אים דערזען, דעם דאָזיקן נאַקעטן מענטש — אַ מאָגערער, אויסגעמוטשעטער, מיט אַ שמאַטע אַרום די לענדן; זײַן אויסגעצויגן פאַר־מעטן פּנים — אַרומגעזוימט מיט אַ טונקעלן האַראַנוווקס; אויפן קאָפּ — צעפּאָלאַשעטע שוואַרצע קודלעס; זײַנע שוואַרצע אויגן — ברענען אין טיפע גריבער. זיי האָבן געקוקט אויף מיר, די דאָזיקע אויגן, מיט אַ סך ווייטיק און מיטלייד, ווי זיי וואָלטן זאָגן: „כ׳באַדויער, וואָס דו האָסט מורא, דער־וועגסט זיך ניט. אַזוי וועט דיר ניט באַשערט זײַן צו געניסן פון גאָטס קיניגרײַך"... בין איך האַסטיק אַראָפּגעשפּרונגען פון ברישקע, צוגעגאַנגען צום מענטש און דערפילט זײַן אָטעם, וואָס האָט געמאָנט דערבאַרעמונג. כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז איצט איז די רגע פון אויספּרווו — צי וועל איך ווערט זײַן מײַן געבוירן ווערן אין גאָטס געשטאַלט, אָדער כ׳בין אַ באַשע־פעניש אָן אַ האַרץ און אָן געוויסן. האָב איך באַלד אויסגעטאָן די סוטאַנע און אים דערלאַנגט. דער מענטש האָט זי גענומען מיט אַן אויסדרוק פון אָנסופיקער דאַנקשאַפט און... פאַרשווונדן... דאָ האָב איך זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף. האָט עס מיר באַנג געטאָן: דער מענטש איז פאַרשוווּנדן, איידער כ׳האָב אים באַוויזן צו פאַרבעטן צו זיך אין ברישקע, איידער כ׳האָב אים אָפּגעפירט צו זיך אַהיים, געגעבן עסן און טרינקען, געגעבן אַן אָפּדאַך... לאַנג, לאַנג בין איך דערנאָך געלעגן וואַך און ניט געקאָנט זיך מוחל זײַן, לְמאַי כ׳האָב דעם מענטש ניט גענוג געהאָלפן. כ׳בין געלעגן ווי צוגענאָגלט צום בעט און ווידער אײַנגעשלאָפן. און ווידער האָט זיך מיר געחלומט: כ׳גיי באַגינען אַרײַן אין קאַשטשאַל זיך גרייטן צו דער זונטיקדיקער מעסע.

כאָטש לײדיק איז דער קאַשטשאָל, פֿון דעסטװעגן איז ער פֿול מיט אַן ערפֿאַרכטיקער דערװאַרטונג און מיט אַ סודותפֿול טונקלעניש. באַמערק איך אין דאָזיקן טונקלעניש: דער געקרײציקטער גײט אַראָפּ פֿון צלם, װאָס איבערן אַלטאַר, גײט מיר אַנטקעגן, גענענט צו מיר, בלײַבט שטײן און זאָגט: „ניט דעם ייִד, מיר האָסטו עס אָפּגעגעבן דײַן בגד, מיר, אַ געיאָגטן און געפּלאָגטן דורך זינדיקע, מיך, אַ נאַקעטן, פֿאַרפּײַניקטן, דערפֿרוירענעם האָסטו אָנגעטאָן"...

פֿאַרכליניעט זיך מיט די אײגענע רײד, װאָס האָבן אים גופֿא שטאַרק הנאה געטאָן, האָט דער קסיאָנדז, אַנטאַנאַס דלײבאַ, קוים זיך געצװוּנגען זיי איבער־צוהאַקן. ס׳אָנקוקן פֿון דער אַמבאָנע אַראָפּ דעם פֿאַרגאָפּט צעציטערטן עולם האָט אים די הנאה פֿאַרגרעסערט. זײַנע צוהערערס: די פֿרויען — אײַנ־געקוטעט אין װאָלענע טיכער, די מענער — אָנגעפּעלצט מחמת דער קעלט אינעם ניט געהײצטן קאַשטשאָל, זענען געשטאַנען מיט אָפּגעדעקטע קעפּ, מיט שטומפּיק־הכנעהדיקע, גלײביק־אונטערטעניקע פּנימער, זענען געשטאַ־נען װי שולדיקע אין עפּעס, גרײט צו טאָן אין אָט דער רגע, װאָס נאָר דער הײליקער פֿאָטער װעט הײסן. דער דאַמף װאָס זײערע ליפּן האָבן האָסטיק אַרויסגעשפּאַרט, האָט עדות געזאָגט, אַז פֿון איבערלעבונג אָטעמען זיי שװער.

דערפֿילנדיק אַז איצט איז די גינציקסטע רגע אַריבערצוגײן פֿון משל צום נימשל, האָט דער קסיאָנדז כּמעט װי באַפֿעלעריש פֿאַרענדיקט זײַן זונטיקדיקע דרשה:

— דעריבער, אויב ס׳קומט צו אײַך אַ מענטש װאָס האָט מורא פֿאַר דער טאָגשײַן, טאָרט איר אים ניט אַרויסטרײַבן. פֿאַרקערט, שטרעקט אים אויס אַ האַנט — גיט אָפּצועסן, פֿאַרשאַפֿט אים אַ זיכער נאַכטלעגער, באַהאַלט אים פֿון אַ בײזװיליק אויג, װײַל אַזוי װיל יעזוס קריסטוס, אונדזער האַר און דערלײזער! דאָס איז זײַן אָנזאָג צו אונדז, שטאַרביקע, כּדי מיר זאָלן װערט זײַן די אויסדערװײלטקײט און די הימלשע גנאָד. ס׳איז דאָס געבאָט פֿון גאָטס זון אין אַ צײַט, װען זינדיקע פֿאַרגיסן אומשולדיק בלוט פֿון מענטשן, דורך גאָט באַשאַפֿענע אין זײַן געשטאַלט. דען װאָס איז די מיסיע פֿון מענטש — צו טאָן גוטס מענטשן. און װיסן זאָלט איר, אַז די אמתע גאָטהייט לערנט: „די הענט װאָס גיבן הילף, זענען חשובער פֿון ליפּן װאָס מאָליען זיך"...

ער האָט געװוּסט, דער קסיאָנדז, אַז פֿאַראַן װעמען אויסצושטרעקן אַ

האַנט. די נאַציס ליקווידירן בהדרגהדיק די לעצטע געטאָ אין דער געגנט, און ייִדן רײַסן זיך אין זייער ייִאוש דורך די שטעכלדראָט־צוימען. דער רוב ווערט דערבײַ דערהרגעט, און ווייניק וועמען עס געראָט זיך אַרויסצוגנבענען פֿון הינטער דער באַוואַכטער אַרומצוימונג. די אָ ווייניקע לאָזן זיך בלינדער־הייט זוכן אַ מקום־מיקלט. טייל באַצאָלט ווידער מיטן לעבן. אַנדערע האָבן מזל...

נאָך דעם קסיאָנדזס דרשה האָט דער עולם לאַנג זיך ניט גערירט פֿון אָרט, ווי ניט געוואָלט אומקערן זיך אַהיים. ס׳קאָן דאָך געשען, אַז מען וועט דאָרטן געשטעלט ווערן פֿאַר אַ נסיון: העלפֿן אַנטיקריסטן און ריזיקירן דערבײַ מיטן אייגענעם לעבן. ס׳האָט זיך ניט איינעם פֿון עולם פּלוצעם אויסגע־דאַכט, אַז דער בונט פֿאַרביקער געקרייציקטער אויפֿן צלם וואָס איבערן אַלטאַר, האָט אין שײַן פֿון די ברענענדיקע ליכט אויפֿגעציטערט, ווי איבער־לעבנדיק אויף ס׳נײַ טויט־יסורים. כּמעט אַלעמען האָט דורכגענומען אַ סקרוך. ווער וויל דען לײַדן, מכּל־שכּן — באַצאָלן מיטן קאָפּ? האָט מען ניט געאײַלט זיך פֿונאַנדערצוגיין. געוואַרט, אפֿשר וועט דער קסיאָנדז, רעכענענדיק זיך מיט די סכּנות וואָס לאָקערן איצט פֿון איטלעך ווינקעלע, מילדערן זײַן פֿאָדערונג. ניט געאײַלט זיך פֿונאַנדערצוגיין, געוואַרט.

## אין פֿאָדער־צימער

אינעם האַלב טונקעלן פֿאָדערשטיבל פֿון זײַן גרין אָפּגעפֿאַרבן הילצערן הויז האָט דער קסיאָנדז דלייבאַ מאָדנע צופֿרידן אויסגעטאָן די פֿאַרבלאָטיקטע קאַלאָשן, וואָס האָבן ווי דערמאָנט אינעם עסעריק כּמאַרנעם, עסעריק קאַלטן און קויטיקן אינדרויסן. בלויז עטלעכע הונדערט טריט קומט אים אויס אַדורכצוטאָפּטשען איבערן שניי־ און בלאָטע־געמיש — פֿון קליינעם, ווײַס געקאַלכטן דאָרפֿישן קאָשטשאָל, מיטן פּירעקיקן, ניט הויכן גלאָקן־טורעם, ביז צו זײַן הויז — און אַנגעקלעפּט האָבן זיך הײַנט אויף די קאַלאָשן גאַנצע פּודן ליים, דורכגעקנאָטן מיט שוואַרצערד.

אַ שווערקייט איז אים אַראָפּ ניט בלויז פֿון די פֿיס, בעת ער איז געבליבן אין די גלאַנציק אָפּגעפּוצטע קאָמאַשן. מיט אַן אויפֿלעב־שימער אין די גאָר־גאָר העלע אויגן זײַנע האָט ער אַן עפֿן געטאָן די טיר צום פֿאָדער־צימער.

ווי געוויינטלעך האָט אויף אים דאָ געוואַרט די באַלעבאָסטע, וואָס איז

שוין געווען געקומען פון גאָטסדינסט. געוואַרט דאָ אינעם ניט גרויסן האָל ווי דורך אַ שמאָל פענצטערל, דערצו נאָך אַ פאַרשטעלטס מיט אַ הויכן, ברייט־בלעטערדיקן פיקוס־וואַזאָן, האָט קוים אַדורכגעדרונגען אַ ביסל טאָג־שײַן.

— גריס גאָט, באַלעבאָסטע מײַנע! — האָט דלייבאַ מונטער אויסגערופן און אויפגערוימט זיך פונאַנדערגערעדט: — פרילינג פאַרשפּעטיקט הײַיאָר אָבער פאָרט קומט ער. געזען, שוואַלבן זענען אָנגעפלויגן. ניט צו פרי, גענוי לויטן קאַלענדאַר. לויטן אייביקן גאָטס געזעץ, אַז נאָכן ווינטער קומט דער פרילינג...

ניט ענטפערנדיק און בייז אָנגעסטרויעט, האָט די באַלעבאָסטע צוגענומען פון קסיאַנדז דעם פוטער, וועלכן ער האָט געטראָגן אַרויפגעוואָרפן אויף די פלייצעס, און אים אַרײַנגעהאָנגען אין דער טונקל ברוינער דעמבענער שאַפע, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל. זײַן שוואַרצן הוט האָט ער אַליין אַרויפגעלייגט אויף אַ פּאָליצע אין דער זעלבער שאַפע, פאַרמאַכט איר טיר און זיך פאַרהאַלטן פאַרן אָוואַלן שפּיגל, וואָס אויף דער אויסנזײַט. דערזען זיך אין שפּיגל, האָט ער אײַנגעפונען, אַז די הײַנטיקע כמעט אָפענע, זייער דרייסטע דרשה האָט צוגעגעבן חשיבות זײַן קינדיש קײַלעכיק פּנים, און דער העלער יאָזשיק האָר טאַרטשעט איצט נאָך פאַרשײַטער איבער זײַן ברייטן שטערן. ער איז געווען צופרידן מיט זיך.

אָבער די באַלעבאָסטע... אַן עלטערע שוועסטער זײַנע, אַ פאַרזעסענע פולבלעכע בתולה, האָט באַטראַכט איר דינסט בײַם ברודער ווי אַ הייליקע עבודה פאַרן האַר פון דער וועלט און זײַן שליח, יעזוס. געהאַלטן האָט זי, אַז טאַקע זי און נאָר זי היט אויס דעם ברודער פון נסיון טועם צו זײַן דאָס זינדיקע, פאַרגענגלעכע לײַב פון אַן ערדישער ווײַבספּאַרשוין און פאַרהיט אים פון צו פאַרלירן דעם צוזאָג פון אויסלייז און אייביקן לעבן אונטער גאָטס הערשאַפט. ס׳געשעט דאָך מיט ניט ווייניק קסיאַנדזן, וואָס ווערן געשטרויכלט מיט זייערע באַדינערינס, די אַזוי גערופענע, באַלעבאָסטעס. זי, זײַן שוועסטער און איינציקע יורשטע, איז אויך אַ געטרײַע באַשיצערין פון ברודערס פאַרמעגן און בעל־הבתישקייט, מען זאָל עס ניט צעטרענצלען און פאַרתכלעווען. אומעטום איז איר וואַכיק אויג: אין די ווינהײַזער — פון קסיאַנדז און פון דער „משפחה" געדונגענע אַרבעטערס, אינעם בהמות־

שטאַל און תּבואה־שײַער, אינעם אויפסאָד און גרינוואַרג־גאָרטן, און אַפילו אויף די תּבואה־פעלדער ווייסט זי, וואָס עס טוט זיך. אַ געטרײַע, איבער־געגעבענע באַלעבאָסטע איז זי. דעריבער טוען איר באַזונדערש ווײ די משוגהדיקע געגג פון ברודער. זיך פלוצעם אײַנצושאַפן אַ יונג, שיך און, מ׳מוז מודה זײַן, מיט די בעסטע פּרייִשע אַנטיקן באַשאַנקען צימער־מיידל! און די הײַנטיקע דרשה אינעם קאַשטשאַל!

— גריס גאָט, שוועסטער מײַנע! — האָט דלייבאַ איבערגעחזרט, אַ מאָדנע צעשׂימחהטער.

— וואָס איז די פּלוצעמדיקע פרייד אויף דיר? — האָט די באַלעבאָסטע טרוקן געפרעגט, ניט ענטפערנדיק אויף דער באַגריסונג. — זוכסט אויף זיך דעם קסיאָנדז פּאָליקייסעס סוף, ניט אַנדערש!

— וואָסער סוף? — האָט דלייבאַ נאָך אַלץ גוטמוטיק געפרעגט און זיך פאַרנומען צו דער טיר פון סאַלאָן.

איז די באַלעבאָסטע אויפגעקאָכט געוואָרן און אַרויסגעפּלאַצט:

— מאַכסט זיך תּמעוואַטע, אַנטאַנאַס, אָדער שפּילסט דעם נאַר? אַלע ווייסן, מען האָט אים געשאָסן, פּאָליקיסן. און געשאָסן, ווײַל טאַקע פון דער אַמבאָנע אַראָפּ האָט ער געפּריידיקט... און ער האָט בלויז געזאָגט, אַז גאָטס שטראָף וועט גרייכן די אַלע וואָס פאַרגיסן אומשולדיק בלוט. באַקלער, וואָס דו האָסט הײַנט אָנגעבריײַט! ס׳לעבן איז דיר נימאס געוואָרן, וואָס?!

דער קסיאָנדז, מיט די הענט אין די באָקעס, האָט ניט פאַרלירנדיק די גוטע שטימונג, זיך ווי פאַרטיידיקט:

— כ׳האָב דאָך קיינעם ניט געסטראַשעט. פּאָליקיס, אייביקע רו זאָל אים באַשערט זײַן, האָט געסטראַשעט מיט גאָטס שטראָף. געסטראַשעט! האָבן זיך די דײַטשן דערשראָקן. גערעדט האָב איך בלויז צו מײַנע קאַשטשאַל־באַזוכערס. אַ פאַסטעך צו זײַנע שעפּעלעך... ניט אַזוי סטראַשנע...

— געהעצט האָסטו! — איז די באַלעבאָסטע אַרויס פון די כּלים, געשוימט און געהויבן איר קול: — גערופן ניט פאַלגן, ניט פאַלגן באַפעלן! גיין אַקעגן געזעצן! אַ וואָרט איז ווי אַ פויגל — אַרויסגעבראַכט, וועט עס דערפלײַען צו וועמען עס דאַרף יאָ און נאָך גיכער, צו וועמען עס דאַרף ניט...

— באַרויִק זיך, שוועסטערל. קום אַקאָרשט אַרײַן אין סאַלאָן, וועל איך

דיר דערציילן אַ חלום, — האָט דלייבאַ זיך צעשמייכלט, עפּענענדיק אַ פליגל פון אַ ברייטער טאָפּלטיר.

— חלומות ווערסטו, גײַסטיקער פּאַסטעך, ברײַען פאַר דײַנע שעפּסן און קעלבער, אויב מען וועט דיך ניט אָוועקשיקן צו פּולייקיסן! — האָט די באַלעבאָסטע געצישעט, אַ רויט אָנגעצונדענע.

— ניט אַזוי סטראַשנע. גאָט וועט העלפן! — האָט דלייבאַ דערקלערט און געזוכט אינעם סאַלאָן אַן אויסבאַהאַלט פון דעם פּאַסקודנעם אינדרויסן, פון דער שוועסטערס אָנפאַל. בלײַבנדיק שטיין אין דער געעפנטער טיר אַהין, האָט ער געבעטן, עמיליע זאָל אים ברענגען עפּעס איבערצוכאַפּן ס׳האַרץ.

— עמיליע... — האָט די באַלעבאָסטע אַ וואָרטשע געטאָן, אַוועק־קאַטשענדיק זיך אויף אירע קראַנקע פיס אין קיך אַרײַן.

איבערצײַגט איז זי געווען, אַז דער שׂטן האָט עס אַרויפגעבראַכט איר ברודער אויפן לעבנסוועג דאָס דאָזיקע, מענערשע תאווה רייצנדיקע, דערצו נאָך עוואַנגעלישע פייגעלע; אַרויפגעבראַכט בכדי אָוועקצונעמען פון אים דעם זכות אויף גאָטס לײַטזעליקער בענטשונג, וואָס זי, זײַן שוועסטער, האָט לאַנגע יאָרן מיט זאָרג און איבערגעגעבנקייט פאַר אים געכאָוועט, און אויסגעהיט ביז צו זײַן פּופּציקסטן געבוירן־טאָג, וואָס איז דאָ ניט לאַנג אַזוי פּאַראַדנע געפּראַוועט געוואָרן. טאַקע אַ פּופּציקיאָריקער, טאַקע אַ צו גאָט, זײַן זון און דעם הייליקן גײַסט אָפּגעגעבענער, געטרײַער דינער, אָבער מעגלעך, אַז נאָך אַלץ אַ מאַנצביל, וואָס וויל פאַרט נאָך עפּעס אַרײַנכאַפּן אויף דער אַ וועלט...

## אינעם סאַלאָן

אינעם גרעסטן צימער, דעם אַזוי גערופענעם סאַלאָן, וווּ ס׳ווערן אויפגענומען געסט און מען פּראַוועט די פּאַראַדנע מאָלצײַטן אין חגא־טעג, לעבן גוט אויסגעהייצטן קאַכל־אויוון איז דער קסיאָנדז אַנטאַנאַס דלייבאַ אַראָפּגע־זונקען אין זײַן ווייכן, מיט רויטן פּליוש באַצויגענעם פאָטערשטול. ווי באַפרײַט פון עפּעס פּײַנלעך דריקנדיקס, די הענט אויסגעצויגן אויף ביידע אָנלענען, האָט ער זיך איבערגעגעבן אַן אינערלעכער שלווה און געוואַרט, עמיליע זאָל אים אַרײַנטראָגן דעם איבערבײַס. געוואַרט רויִק, מיט אַ לײַכטן צומיש פון אומגעדולד.

געבליבן איז ער נאָך אַלץ אין דער שוואַרצער סוטאַנע, ווי בעת דער מעסע, בלויז אויפגעשפּיליעט עטלעכע קנעפּלעך אונטערן ווײַסן שטייענדיקן קראַגן, וואָס האָט ווי אַ רייף אַרומגעכאַפּט זײַן האַלדז. דער קסיאָנדז דלייבאַ האָט פײַנט געהאַט פּענטעס און קלעמען. דאָ, אין סאַלאָן האָט ער פרײַער געאָטעמט... צופרידן האָט ער באַקוקט די געבלימלטע גאַרדינען און געל־ברוינע פאָרטיערן אויף די פענצטער, די משונהדיק באַמאָלענע ברויך־רויטלעכע טאַפּעטן, מיט וועלכע מען האָט באַוויזן צו באַקלעפּן די ווענט האַרט פאַרן מלחמה־אויסבראָך; באַקוקט דעם לאַנגן אָוואַלן, מיט אַ טונקל גרינעם גאָבעלען באַדעקטן טיש, אַן אַרומגעשטעלטן מיט שוואַרץ געפּאָלירטע דעמבענע שטולן — אין דער מיט פון צימער. געבליבן איז ער מיט אַ לעבעדיקן בליק, אַרויפגעלאָזט אויף דער טיר צו דער קיך און געוואַרט.

באַלד האָט ער זיך דערוואַרט. ס'איז אַרײַן עמיליע — אַ סגראַבנע ליאַלקע מיט אַ העל, קײַלעכיק פּנימל און פאַרשײַט בלינצלענדיקע גרויע אויגן, מיט אַש בלאָנדע האַרקרויזן און מיט אויסגעטאָקט בולטע ווײַבלעכע גלידער. אויף אַ מעשענער טאַץ האָט זי אַרײַנגעבראַכט פאַרן קסיאָנדז זײַן טראַדיציאָנעל איבערבײַסן נאָכן קומען פון דער אינדערפרי׳יִקער מעסע. אַוועקגעשטעלט האָט זי אויף אַ טישל לעבן פּאָטערשטול אַ טעפּל הייסע קאַווע, איבער וועלכער ס'האָט זיך געהויבן אַ שמעקעדיקער דאַמף, און אויף אַ טעצל — עטלעכע שניטלעך פּוטער־געבעקס מיט ראָזינקעס און צימערינג, דאָס אַזוי זעלטענע געווירץ קריגסצײַט.

— אַ דאַנק, אַ דאַנק! — האָט זי ליבלעך מקבל־פּנים געווען דלייבאַ, אויפהייבנדיק זיך אַ ביסל פון אָרט. אַראָפּגעלאָזט זיך צוריק, האָט ער געפרעגט מיט אַ שעפּטש: — און פאַרן „מײַזל“? אַ טאָפּעלע פּאָרציע...

— אַרויפגעבראַכט, — האָט עמיליע שטיל אַ מורמל געטאָן. אַ שמייכל האָט אויף אַ ווײַל אײַנגעקנאָטן אין אירע באַקן צוויי חן־גריבעלעך.

— אַ שטיקל באַבקע אויך?

— ניין. די באַלעבאָסטע טאָר ניט פּילן...

דלייבאַ האָט מיט אַ קענטיקער הנאה באַטראַכט די װוּנדערלעכע יצירה גאָטס. ער האָט ליב צו באַקוקן אַ שיינע בלום, אַ שיינעם פויגל, אַ שיינע פרוי און זיך לאָבן מיט גאָטס באַשאַף. פאַרגעסן דעם איבערבײַס, פאַרגעסן אַז ער האָט ליב זודיקע קאַווע, האָט דער קסיאָנדז געקוקט אויף עמיליען.

„און אויך אַזאַ האָט מען געזאָלט"... ער האָט מיט איר געהאַלטן בײַם פֿאַרפֿירן אַ שמועס, נאָר זיך געכאַפּט און שטיל־שטיל אָנגעזאָגט:

— גיי, עמיליע, די באַלעבאָסטע וועט ווערן אײַפֿערזיכטיק. גיי, נאָר קום צו מיר אין שלאָפֿצימער, ווען די באַלעבאָסטע וועט שלאָפֿן. איצט גיי... — און דאָ האָט ער אויפֿגעהויבן זײַן שטים: — גיי, העלף דער באַלעבאָסטע. ווייסט דאָך, אירע זוויטיקן אין די קני. ווייסט דאָך, צוליב דעם דאַרף זי אַ געהילף, איר צו פֿאַרשפּאָרן אַרבעט, צו פֿאַרשפּאָרן קריכן אויפֿן בוידעם... מען מוז איר העלפֿן...

גערעדט און ניט אַראָפּגעלאָזט זשעדנע אויגן פֿון עמיליען.

די נײַגעריקע און חשדימפֿולע באַלעבאָסטע האָט ניט גערוט: צוגעלייגט אַן אויער צו דער טיר, געוואָלט הערן וואָס זיי רעדן דאָרטן, דער ברודער אירער און דאָס פּייגעלע. געהאַט אַרײַנגעקוקט דורך דער שליסללאָך. קיין זאַך דײַטלעכס ניט דערהערט און ניט דערזען, האָט זי אויפֿגעפּראַלט די טיר מיט אַ ירגזון:

— אַזוי לאַנג גערעדט עס, און אין קיך וואַרט אַלץ. כ'דאַרף זיך אײַלן צו דער „משפּחה", אַניט גייט עס דאָרטן ווי אַ שיף אָן אַ רודער. די בהמות אין שטאַל מוז מען אויך זונטיק אָנקאָרמענען, און אַלץ, אַלץ אויף מײַן קאָפּ! יאָ, און נאָך אַ זאַך, — האָט זי זיך געכאַפּט: — עמעצער שלעפּט ברויט, מילך, אָפּגעקאָכטע קאַרטאָפּל פֿאַרשווינדן. גרעסערע אַפּעטיטן, צי עמעצער פֿון דער „משפּחה" דערוועגט זיך... ס'בלײַבט מילכיק געקעכטס, טראַכט איך — פֿאַר די חזירים. פֿאַרשווינדט עס אויך!

אין סאַלאָן האָט די באַלעבאָסטע אויף קיין זאַך חשודיקס זיך ניט אָנגעשטויסן. בעת איר עפֿענען די טיר איז עמיליע געווען אויפֿן וועג צום אַרויסגאַנג און געבליבן זי אויסצוהערן.

דלייבאַ האָט פֿאַוואַליע געטראָגן דאָס טעפּל קאַווע צו די ליפּן און קאַלט־בלוטיק, פֿון אונטער די טאַרטשענדיקע הערע ברעמען אַרויס, אָנגעקוקט די אויפֿגערעגטע שוועסטער זײַנע, וואָס האָט זיך באַקוועם אײַנגעמאָסטעט אויף דער ווייכער טאָפּע.

— כ'פֿאַרשטיי, שוועסטער, — האָט דער קסיאָנדז פֿון זופּ צו זופּ גערעדט צו איר, — כ'האָב פֿאַרהאַלטן עמיליען אויף אַ ווײַל. זי האָט אַ שיינע האַנט־שריפֿט, וועט זי מיר העלפֿן פֿירן די קאַשטשאָל־ביכער. אַט האָבן מיר מאָרגן

אַ באַגרעבעניש. פֿאַרשרײַבן אַלץ וואָס געהער צום טויטן. חתונות, געבורטן, קריסטיקונגען... ווייסט דאָך, אַז איך האָב ניט גערן ס׳שרײַבערײַ, פֿאַרלאָז עס. דערנאָך קומט מיר אויס גאַנצענע אָוונטן צו בלענדן די אויגן פֿאַרן גאַזלאָמפּ. כ׳בין, קענטיק, ניט קיין פּאַפּירענער קסיאָנדז...

— אַ יאָלדעוואַטער קסיאָנדז ביסטו! — האָט אַרויסגעפּלאַצט די באַלעבאָסטע, בײַז אַ קוק טוענדיק אויף עמיליען, וואָס האָט שוין געהאַלטן די קליאַמקע פֿון טיר.

אַרויס איז עמיליע אַ צעטומלטע, דערדריקטע, מיט אַ קנויל טרערן אין קעל. זי פֿילט: דער קסיאָנדז פּרעסט זי מיט די אויגן. אַלץ דאָס פֿאַרשאַלטענע „גוטע אויסזען" אירס! ווײ, ווײ, וואָס איר שטייט פֿאָר! מען דערציילט פֿאַרשיידנס וועגן קאַטוילישע גאַטס סטראַפּטשעס... בגנבה פֿון די עלטערן האָט זי, אַ גאָר יונגע, געלייענט דעם דעקאַמעראָן.

## אין עמיליעס שלאָפֿאַלקער

עמיליע האָט געוויינט.

אין די זאַכן, אויף אַ שמאָל אײַזערן בעטל אין איר שלאָפֿאַלקער איז זי געלעגן און געוויינט. דאָס נאָפּטלעמפּל אויף דער וואַנט האָט מיט אַ געדיכטן געלן שײַן איר געהאַלטן אין איין פֿאַרקלעפּן די אויגן. האָט זי זיך געראַנגלט דערמיט: זי מוז זיין וואַך, מוז זיין וואַך!

אַ גאַנצן טאָג האָט זי אויסגעזוכט זיך אַרבעט: בײַם גרייטן דעם מיטאָג און דערלאַנגען צום טיש. געוואַשן ס׳געשיר און אויפֿגערוימט די צימערן. אויך בײַם גרייטן די וועטשערע האָט זי זיך געפּאָרעט און אײַנגעשפּאָרט דער באַלעבאָסטע כלאָפּאָט. בעת די מאָלצײַטן אויסגעמיטן אַ בליק צו טאָן אין דלייבאָס זײַט, און די עטלעכע אַרויסגעבראַכטע ווערטער בײַם טיש האָבן זיך אָנגעקערט דער באַלעבאָסטע און דער בעל־הבתישקייט, הגם יענע האָט איר אומפֿרײַנדלעך געענטפֿערט אויף זיי. דלייבאָ איז געזעסן פֿאַרטראַכט און, ניט ווי זײַן טבע, געגעסן שווײַגנדיק.

שפּעט אין אָוונט האָט עמיליע, אַ פֿאַרמאַטערטע און צעקלעמטע, זיך אַנידערגעוואַלגערט אין די זאַכן אויפֿן בעטל אין איר אַלקער און געוויינט.

ווען די באַלעבאָסטע וועט איינשלאָפֿן... דעמאָלט דאַרף זי... זי, עמיליע, דאַרף קומען צום קסיאָנדז אין שלאָפֿצימער...

בשכנות, הינטערן דינעם ווענטל איז די באַלעבאָסטע ניט אײַנגעלעגן אויף אַן אָרט, און די פּרוזשינעס פון איר מאַטראַץ האָבן געקרעכצט, געסקריפּעט און ווי מודיע געווען, אַז דער שלאָף נעמט ניט די, וואָס וואַרעטשעט זיך אויף זיי. צוליבן בויענדיקן ברעכעניש אין די קני, קלאָגט זיך אַלץ די באַלעבאָסטע, אַז שווער קומט איר אָן דאָס אײַנשלאָפן. שלינגט זי פּראָשקעס און וואַרט ביז זיי וועלן אײַנשטילן די ווייטיקן.

ווען די באַלעבאָסטע וועט אײַנשלאָפן, דאַרף זי, עמיליע, קומען צום קסיאָנדז, אין שלאָפצימער... די טיר אַהין געפינט זיך אין קאָרידאָרל לעבן משופּהדיקן הילצערנעם טרעפּ, מער לייטער ווי טרעפּ, צום בוידעם. צום אַרויסגאַנג פון שטוב מוז מען פאַרבײַגיין דעם טרעפּ און די טיר, הינטער וועלכער עס וואַרט דער קסיאָנדז. און זי, עמיליע, וואַרט ביז די באַלעבאָסטע וועט אײַנשלאָפן.

דורך טרערן האָט זי געזען, ווי אַ נאַסער שניי פאַרליאַפּעט די שוואַרצע שײַבלעך פון פענצטערל אין איר אַלקער, וואָס זיין לאָדן האָט זי בכּוונה ניט פאַרמאַכט — צו קאָנען זען וואָס אין דרויסן טוט זיך. דער שניי פאַרליאַפּעט די שײַבלעך און צעגייט. טרערן רינען איבערן שוואַרצן גלאָז. דער שניי צעגייט אַוודאי אויך אויף דער ברודיקער ערד און פאַרגרעסערט די בלאָטע. די הימלען זענען פינצטער. די ערד איז פינצטער. די וועלט איז שטאָק פינצטער, און אַ ווינט, אַן אַכזר, טוט פון צייט צו צייט אַ ברי דאָס פינצטערניש מיט זיין קאַלטן געוווי. און די ביימער אַרום דער שטוב קרעכצן.

עמיליע האָט געוויינט. דאָס געל ברענענדיקע צינגל פונעם נאַפטלעמפּל, וואָס איבער איר בעטל, איז געווען דער איינציקער מקור פון שײַן אין דער אַרומיקער פינצטערניש. זי וועט דאָס לעמפּל אַראָפּהייבן פון דער וואַנט און מיטנעמען צו באַלײַכטן זיך דעם וועג ביז דער אַרויסגאַנג־טיר. שטיל, אויף די שפּיצפינגער וועט זי אַרויס אין דרויסן, אין דעם נאַס־שנייִקן און ווינטיקן פינצטערניש. און דערנאָך ?

ניט לאַנג צוריק האָט זי אין אַזאַ פינצטערניש שוין געהאַט געזוכט אַן אויסוועג. דעמאָלט האָט זי געוווסט : זי לויפט פון געטאָ ! אַנטרינט פון טויט ! גנבעט זיך אַרויס דורכן באַוואַכטן שטעכלדראָט און זוכט אַ מקום־מיקלט. דעמאָלט איז דאָס גרימיקע וועטער געווען אויף איר צד — ווייניקער בייזע אויגן וועלן זײַן אין דרויסן. שלעכטהאַרציקע ברואים וועלן ליגן

פאַרשטעקט אין זייערע קאַנורעס. אַ שמץ פון האָפענונג האָט דעמאָלט גע־זשיפּעט אין דעם פינצטערניש: זי האָט געהערט, אַז דער הויפּט פון דער קאַטוילישער קוריע אין שטאָט העלפט... אויף וואָס קאָן זי האָפן אין דעם הײַנטיקן קאַלטן, נאַסן, שמוציקן פינצטערניש, וואָס וויינט מיט ברודיקע טרערן אויף די שויבן פון פענצטערל? וויינט אויף איר גורל. וויינט אויף דעם ווײַטעניש ביז צו יענעם, וואָס האָט איר ס׳ערשטע מאָל אויף אַן אמתן געוואָלט העלפן...

מענטשן אין געטאָ האָבן זי געהאַט געמוסרט: „רבקהלע, אַ זינד צו זיצן אין שטײַג פון די טויט־קאַנדידאַטן מיט אַזאַ גוט אויסזען!״

און אויפגעוואָרפן: „ניט אויסניצן אַזאַ גרויס פאַרמעגן — דאָס גוטע אויסזען! אַ חטא ניט צו פּרווון אַנטלויפן פון טויט!״

און צוגעגעבן מוט: „מען מוז ריזיקירן! וואָס איז שוין געבליבן צו פאַרשפּילן?״

אויסער איר אייגן לעבן איז איר טאַקע קיין זאַך ניט געבליבן צו פאַר־לירן. קיין יאָר ניט פאַרביי נאָך זייער חתונה, און ניטאָ דער הייסגעליבטער בן־זוג. ערגעץ פאַרשלעפּט געוואָרן, און ס׳טראָגן זיך אַרום מוראַדיקע קלאַנ־גען... ניטאָ טאַטע־מאַמע. דאָ ניט לאַנג אַרויסגעפירט זיי אין אַן „אַקציע״ אויף עלטערע לײַט. געווען איז זי אַ בת־יחידה און געבליבן עלנט, איינע אַליין אויף דער וועלט. געבליבן מיט איר „גוטן אויסזען״ הינטערן צוים. האָט מען איר ניט צו רו געלאָזט: „אַנטלויפן! ראַטעווען זיך!״

אין אַ קאַלטער און ווינטיקער נאַכט איז זי בשלום אַדורכגעקראָכן דעם שטעכלדראָט־צוים. איבער נאַכט אויסגעבאַהאַלטן זיך צווישן שטעלכלעך אין עפּעס אַ הויף שוין אויף דער „גוטער״ זײַט. און אַז ס׳האָט אָנגעהויבן טאָגן, פונאַנדערגענומען די פאַרקאַלייעטע גלידער און אַוועקגעשלעפּט זיך צו יענעם הויפּט פון די קאַטוילישע גײַסטלעכע.

ער האָט זי אויפגענומען אין אַ לאַנגן, כמורען צימער. געשטאַנען איז ער בײַ אַ שרײַבטיש אין עק צימער, און זי — בײַם אַרײַנגאַנג. אויסגעהערט זי קאַלט, מיט אַ פאַרשטאַרט פנים. פּאַמעלעך גענומען שפּאַנען צו איר — אַ הויכער, מאָגערער, מרה־שחורהדיקער, אין שוואַרצן אַנגעטאָן, און זי האָט דערזען, אַז זי שטייט לעבן אַ טישל מיט אַ טעלעפאָן... „דער מלאך־המוות רופט פּאָליציי!״ — איז זי געוואָרן זיכער און זיך אַ צי געטאָן צום אַרויס־

גאַנג. דער הויכער, מאָגערער, אין שוואַרצן אָנגעטאָענער האָט זי אַ כאַפּ געטאָן פאַר אַ האַנט. „קום, כ'וועל דיך באַהאַלטן", האָט ער טרוקן געזאָגט און זי אַרײַנגעפירט צו זײַן באַלעבאָסטע אין צימער. דאָ האָט מען זי געהאַלטן פאַרשפאַרט, און געווען איז זי אין הוילער ציטערניש, מחמת אַ העלפט פון הויז האָבן געהאַט פאַרנומען דײַטשן, און דאָס טופּען פון זייערע שטיוול און אַ געהאָלדער האָבן פול געמאַכט די לופט. פאַר דער צײַט האָט דער עמי־נענטער, שטרענג שוויַגנדיקער קאַטוילישער גײַסטלעכער איר פאַרשאַפט אַ דאָקומענט פון אַן עוואַנגעלישער פּראָטעסטאַנטין, אַ פּליטה פון אַ פאַר־דײַטשטן ליטווישן קאַנט, וואָס די נאַציס האָבן געהאַט אָפּגעריסן פון ליטע. אַן עוואַנגעלישע — זי זאָל ניט דאַרפן גיין אין קאָשטשאָל זיך מאָליען און אויך צוליב איר ניט פּערפעקטער ליטווישער אויסשפּראַך. געגעבן איר אַ פאַרדײַטשטן נאָמען — עמיליע.

נאָך אַ וואָך האַלטן זי פאַרשפאַרט, האָט אין איינעם אַ פאַרמיטאָג פּיפּיק אַרײַנגעשטעלט זיך אין צימער ניט קיין הויכער, פולבלעכער מאַנצביל אין אַ בגד פון דאָרפיש געוועבטן לײַן מיט אַ ווײַס האַרט קאָלנערל אַרום האַלדז, וואָס האָט באַטײַט אַז ס'איז אַ קסיאָנדז. העלע אויגן האָבן זי פאַרשײַט אָנגעקוקט, און אַזש פריילעך האָט ער אויסגערופן: „מיר פאָרן, פאַניע!" דער דאָרפישער קסיאָנדז דלייבאַ האָט זי מיט אַ כוונה אַריינגעפירט צו זיך אין הויף אויף זײַן בריטשקע נאָך בײַ טאָגשײַן, עולם זאָל זען, אַז ער ברענגט פאַר זיך אַ צימער־מיידל און אַ געהילפין פאַר דער באַלעבאָסטע. אונטער־וועגנס האָבן זיי זיך פאַרהאַלטן בײַ זײַנער אַ געוועזענער באַדינערין און געהייסן האָט ער ביידן זיך בײַטן מיטן אָנטועכץ... אין דאָרפישע מלבושים איז עמיליע אַרײַנגעפאָרן אין דעם קסיאָנדזס פּאָסעסיע — — —

עמיליע האָט געווײנט. ווער ווייט זי איצט, אין בייזן פינצטערניש, ערגעץ ווו אַרויספירן? און צו וואָס, צו וואָס דאָס גאַנצע מאַטערניש? ניטאָ פאַר יִדן קיין אויסוועג! געדאַרפט בלײַבן מיט אַלעמען, און ווי גאָט וועט געבן.

זי האָט זיך דערוואַרט. אויף יענער זײַט וועגטל האָט זיך באַרוּקט דער מאַטראָץ. עמיליע איז אויפגעשטאַנען. אָנגעטאָן דעם דאָרפישן מאַנטל. אַרויפ־געטאָן אויפן קאָפּ דאָס דאָרפישע טיכל. אַראָפּגענומען דאָס נאָפּטלעמפל פון דער וואַנט און, אויפן וועג צום אַרויסגאַנג פון שטוב, אויף די שפּיצפינגער

זיך דערקליבן ביזן קאָרידאָרל, ווו די טיר צום קסיאָנדזס שלאָפצימער און דער שיפּועדיקער לייטער־טרעפּ צום בוידעם. פאַרבײַגייענדיק אומגערן געטראָפן מיטן פוס איבעם אַלכסונדיקן באַלקנדל, וואָס האָט געטראָגן די שטיגן צום בוידעם...

אויפן קלאַפּ האָט אויפגעפּראַלט די טיר. אין איר איז געשטאַנען דלייבאַ.

— וואָס ט'פּאַסירט, עמיליע ? — האָט ער שטיל געפרעגט און זיך צו איר דערנענטערט. — אין מאַנטל ?

דורך דער געעפנטער טיר פון זײַן שלאָפצימער האָט זי דערזען : דאָס „מיזל" און נאָך אַן אומבאַקאַנטער לעבן דעם קסיאָנדזס בעט.

דלייבאַ האָט זי אונטערן אָרעם אַרײַנגעפירט צו זיך אין שלאָפצימער.

## אין שלאָפצימער בײַם קסיאָנדז

ער — אין זײַן לאַנגן שטוב־מלבוש פון ברוינעם טוך, זי — אין מאַנטל.

אַוועקגעשטעלט דאָס ברענענדיקע נאָפטלעמפּל אויפן קאָמאָד, האָט עמיליע אַראָפּגעכאַפּט דאָס קאָפּטיכל. אויסגעטאָן דעם מאַנטל און מיט אים אין די הענט געבליבן שטיין אין מיטן צימער. געשטאַנען אַ פאַרשטיינערטע. בלויז אירע ליפּן האָבן שעפּטשענדיק זיך באַוועגט, ווי ליפּן פון אַן אויטאָמאַטישער ליאַלקע :

— זײַט מוחל, זײַט מוחל, פּאָטערל גײַסטלעכער...

אירע צעשויבערטע בלאָנדע קרויזן, ס'קײַלעכדיקע, פאַרגליווערטע פּנימל מיט די פּולבלעכע בעקלעך, דאָס קליינע פאַרריסענע נעזל און די גרויע, אין קלעמעניש פאַרשטאַרטע אויגן האָבן ווי געצווונגען דעם קסיאָנדז זי אַ צערטל צו טאָן :

— נאַ, נאַ, ניט אַזוי טראַגיש... די זאַכן לייג אַוועק און זעץ זיך אויפן ראַנד פון בעט. לעבן מיר. ס'פעלן שטולן.

די צוויי שטולן, וואָס אין צימער, זענען געווען פאַרנומען. אויף איינעם פון זיי — דאָס „מיזל", אויפן צווייטן — אַן אומבאַקאַנטער אין אַ טונקל גרינער קורטקע, מיט אַ טשופּרינע ברוינלעכע האָר.

לעבן דער דעמבענער בעט מיטן שוואַרצן צלם איבער איר האָט אויף אַ נאַכטטישל געברענט אַ נאָפטלאָמפּ. דער ראָזלעכער אַבאַזשור איבער זײַן צילינדער־גלאָז האָט צעשפּרייט אַ וואַרעמע שײַן, וואָס האָט ווי געזוכט

ווייכער צו מאַכן דאָס אָנגעשפּאַנט־צעשראָקן, בלייך פּנים פונעם „מײַזל״ און נאָך רויִקער געמאַכט דאָס האַרטלעכע פּנים פון דעם פרעמדן ברוינ־האָריקן יונגן־מאַן, וואָס האָט צוגעצויגן עמיליעס גרויע אויגן. זיי און די גרויסע קאַרע אויגן פונעם פרעמדן האָבן געשלאָסן קאָנטשאַפט.

די לאַדנס פון די פענצטער זענען געווען שטילנע צוגעמאַכט און פאַר־לייגט פון דרויסן מיט אייזערנע שטאַבעס. אינעווייניק פאַרריגלטע. דער ווינט האָט געהודיעט הינטער די לאַדנס, ווי באַרויִקנדיק די מענטשן אין צימער, אַז אין דרויסן פאַרטרײַבט ער, דערלאָזט קיינעם ניט זיך צו דער־נענטערן אַהער, פאַרטויבט דאָס קלאַפּן פון זייערע הערצער, דעם קלאַנג פון זייער אָטעם און זייערע ווערטער. ס'האָט אויסגעזען, אַז דער צימער איז צוגעגרייט אויף אָפּצוטאָן דאָ בסוד אין דער שפּעטער נאַכט־שעה עפּעס פאַרוועריטס און סכנותדיקס.

דער קסיאָנדז האָט זיך אַנידערגעזעצט לעבן עמיליען אויפן ראַנד פון בעט און, מאָדנע גוט אויפגעלייגט, אין האַלב־קול אָנגעהויבן:

— ערשטנס, באַקען זיך, עמיליע, מיט דעם, וואָס האָט אויפגעגעסן די פאַרגרעסערטע פאַרציע און אויפגערעגט די באַלעבאָסטע... און אָט האָבן מיר אַ צונויפקום פון פאַרשווערערס. קורץ, צווייען קאָן מען ניט אויסבאַהאַלטן אויפן בוידעם. די באַלעבאָסטע וועט פאַרשן, נאָכשפּירן. דערווײַלע וואַר־טשעט זי, אַז ווײַל זי קאָן ניט אַרויף און נאָך ערגער אַראָפּגיין פון בוידעם, האָבן זיך דאָרטן אָנגעפּלאָדיעט מײַז... „מײַזל״, זאָלסט ווייניקער שאַרכען!

— האָט דלייבאָ צוגעוווּנקען צום מאָגערן, שולדיק פאַרטײַעטן בחורל מיט די סימנים פון טונקעלע וואָנצעס און אַ טונקל בערדל, וואָס האָבן אָנגעהויבן שפּראָצן אויף דער בלאַסער הויט פון זײַן פּנים.

און ווײַטער האָט דער קסיאָנדז אויסגעבראַכט, אַז מיטן „מײַזל״, איז קיין אויסוועג ניטאָ. ער מוז פּרויִערן אויפן בוידעם. פאַר זײַן ייִדישן אויסזען קומט אים שיסן. פאַר יעדן אַרויסגעזאָגטן וואָרט אין ליטוויש קומט אים צען מאָל שיסן... מוז זיך באַהאַלטן דער דאָזיקער רבס זון, וועלכן מען האָט אים רעקאָמענדירט צו ראַטעווען. דערקעגן, דאָקטער וואָלף פײַנשטיין, וואָס האָט אַהער אָנגעשפּאַרט, זעט אויס גוט, רעדט אַ גוטן ליטוויש. ווער וועט זאָגן, אַז ס'איז אַ ייִד, אַ געלאָפענער פון געטאָ?

און בכדי עמיליע זאָל אַלץ וויסן, און טאַקע שוין, האָט דלייבאָ אויס־

געדערצײלט, ווי דער דאָזיקער דאָקטער האָט געכטן זיך באַוויזן אין קאַש־טשאַל, ווי ער האָט אים דאָרטן אויסגעבאַהאַלטן ביז שפּעט אין דער נאַכט און ערשט דעמאָלט אים אַרויפגעפירט צום „מײַזל" אויפן בוידעם.

און וואָס ווײַטער? אָנגעקוקט דעם דאָקטער, האָט דליבאַ דערקלערט, אַז ס'העלפט ניט. ער וועט מוזן גיין אין דער „משפּחה"־שטוב, ווי די געדונגענע אַרבעטער, מחמת אַ קסיאָנדז שטייט ניט אָן צו לעבן אונטער איין דאַך מיטן פּראָסטן פאָלק... דער פּרילינג איז פאַר דער טיר, וועט ער אַקערן, זייען מיט די אַנדערע צוויי באַטראַקעס. וועט אין סאָד זיך עסקן, העלפן דעם גאָרטן פאַרפלאַנצן. און אָנגעזאָגט צו פאָלגן די באַלעבאָסטע. נערוועז איז זי און דעריבער — ניט אַרײַנגיין מיט איר אין קיין סטירדעס. ווײַל ס'דאַרפישע לעבן איז אים פרעמד, זאָל ער שפּילן אַ תמעוואַטן טויגענישט און ניט רעאַגירן, אויב מען וועט חוזק פון אים. הייסן וועט עס, אַז ער איז געלאָפן פון שטאָט צוליב די כאַפּערײַען אויף אַרבעט אין דײַטשלאַנד. מיט אַזעלכע האָט איצט דער עולם אײַנזעעניש. אַ שטיקל דאָקומענט וועט ער, דליבאַ, אים שוין באַזאָרגן, און פון הײַנט וועט ער הייסן... זאָל מען זאָגן, פראַנאַס...

— יאָ, אַזוי וועסטו הייסן, — האָט דליבאַ גוטמוטיק פעסטגעשטעלט.

אַריין אין קוראַזש פון רעדן, האָט דער קסיאָנדז אויך אויסגעמאָלן, ווי אַזוי דער נײַער פראַנאַס דאַרף אַרויף בײַ זיי אויף דער אייבערפלאַך. מאָרגן באַערדיקט מען אַ מת. דער גלאָק וועט קלינגען און אַלע שטוביקע, אויסער דער עוואַנגעלישער עמיליע, וועלן זיין אין קאַשטשאַל. וועט דער פריש געבאַקענער פראַנאַס אַראָפּגיין פון בוידעם, זיך אַרויסכאַפּן אין דרויסן און זיך אַרומדרייען אויפן וועג פאַרן טויער, וויל עמיליע וועט אים ניט אַריינלאָזן אינעווייניק... און אַז אַלע וועלן זיך צוריקקערן פון דער באַגרע־בעניש, אָנגעפרעסענע און אָנגעזשליאָקעטע אויפן מאָלצײַט פאַר דער נשמה פון געשטאָרבענעם, וועט ער, פראַנאַס, אין אַלעמענס בײַזײַן דערלאַנגען דעם קסיאָנדז אַ כלומרשטן בריוו פון דליבאַס אַ סעמינאַריע־חבר, אין וועלכן ס'קומט די בקשה צו באַשעפטיקן דעם בריוו־איבערברענגער. די באַלעבאָסטע וועט געוויס מסכים זײַן אַרײַנצונעמען אין דער „משפּחה" נאָך אַ פּאָר, איצט שטאַרק נייטיקע, אַרבעטסהענט.

אויפגעמונטערט פון זײַן פאַרשײַטער דרייסטקייט און אײַנפאַלערישקייט, האָט דליבאַ פאַרענדיקט זײַן לאַנגן מאָנאָלאָג אַזוי:

— הערט, חברה, כ׳האָב זיך געקווענקלט אַרײַנצונעמען אין אײַן סוד אײַך דרײַען. אַ סוד בלײַבט אַ סוד, בעת אײנער בלויז ווייסט פון אים. אָט, למשל, עמעצער פון אונדז פאַלט אַרײַן צו די גזלנים. אין אונדזערע צײַטן מוז מען זײַן גרייט אויף דאָס סאַמע אומסימפּאַטישע. זיי וועלן פּײַניקן, וועלן פּרווון אויספּרעסן ידיעות. און מיט אַלע מיטלען... וואָס ווייניקער מען ווייסט, פאַר אַן אַלץ קלענערן נסיון שטייט מען. פון דער אַנדערער זײַט — העלפן אײנער דעם אַנדערן אין אַ סכּנה. שותּפים זענען מיר איצט, שותּפים אויף לעבן און... נאַ, כ׳וויל דאָס בייזע וואָרט ניט אַרויסברענגען. ווי ווערט דאָרטן געזאָגט: „ניט לאָז דעם טײַוול זיך אָנכאַפּן אין דײַנס אַ וואָרט!" מיר׳ן לעבן, איבערלעבן, דערלעבן! הערט אַן אַלטע ליטווישע פאַלקסקלוגשאַפט: „ווען אַ קסיאָנדז מאַכט יד־אַחת מיט אַ יידן, וועלן זיי אפילו דעם טײַוול אָפּנאַרן". און מיר מוזן טאַקע אָפּנאַרן דעם טײַוול.

## אין סאַלאָן בעת אַ רעקאָלעקציע

אין פאָדער־צימער אויף דער דעמבענער ברעט מיט די מעשענע הענגערס — אַ גאַנצע שורה שוואַרצע מאַנטלען און שוואַרצע קאַפּעליושן איבער זיי.

אין סאַלאָן, אויסגעזעצט אַרום אָוואַלן טיש — פאַרשיידנראַנגיקע קאַטוילישע גײַסטלעכע אין שוואַרצע סוטאַנעס מיט ווײַסע שטייענדיקע קרעגעלעך, ווי רייפן אַרום האַלדז — אַ פעליקע לויט דער ריי רעקאָלעקציע פאַר גאָטס דינערס בײַם קסיאָנדז דלייבאַ.

אונטער צווײ בײַכיקע, נידעריק פון סופיט אַראָפּגעלאָזטע נאַפטלאָמפּן אַ פול אָנגעשטעלטער טיש: פאַלומעסקעס מיט פריש אָפּגעקאָכטע, הייסע ווורשטן, צוגעגרייטע פונעם געקוילעטן חזיר לכּבוד דער געשעעניש. אויף פלאַכע טעלערס — אָנגעשניטענע טרוקענע גערייכערטע ווורשטן, גערייכערטע שינקע און שפּעק, געטריקנטע „ליטווישע" קעזן — אַלץ פון היימישער פּראָדוקציע, וואָס מען האַלט אויפגעהאַנגען אויפן בוידעם אונטערן שינדלדאַך, און ניט די באַלעבאָסטע, צוליב אירע קראַנקע פיס, נײַערט פּריער דלייבאַ, איצט עמיליע האָט אויף דעם די השגחה. דעם אויבנאָן אויפן טיש האָבן פאַרנומען אַ פּאָר משונהדיק לאַנגע טעלערס מיט שטיקער, אין גליווער אײַנגעמאַרינירטער העכט, דער באַלעבאָסטעס אַ פּאַטראַווע, וואָס האָט אַ באַזונדערן שם בײַ די שטענדיקע אורחים. צו הייבן דעם אַפּעטיט

האָבן ניט געפעלט קיין פּאַלומעסקעס מיט געזײַערטע אוגערקעס און גרינע פּאָמידאָרן, מיט געמאַריניִרטע שוועמלעך און אַוודאי — זויער קרויט מיט קימל און בלוט־רויטע זשוראַווינעס. פאַרשטייט זיך, אַז עס זענען צעשטעלט געווען אויפן טיש ליימענע קריג מיט ברויטקוואַס און היימישן ביר, און פּאַר די ליבהאָבערס פון ביטערן טראָפּן — גראַפינען מיט היימישן בראָנפן, רויט באַפאַרבט מיטן זאַפט פון אײַנגעצוקערטע קאַרשן. שמעקעדיק שוואַרצ־ברויט און ווײַסע קוילעטשן האָט מען ספּעציעל געבאַקן. איז פון דעם אַלעם, צוזאַמען מיטן ריח פון ברענענדיקן נאַפט און דעם דאַמף פון אָטעם און שוויס פון מענטשן, געשטאַנען אַ ריחות־געמיש וואָס האָט שטײַף געמאַכט די מוטנע לופט.

לויטן קאַנאָן דאַרף די רעקאָלעקציע באַהאַנדלען דעם מצב פון דער מענטשלעכער נשמה און אירע צאַפּלענישן בײַם גרייטן זיך צום ווידוי. מען רעדט וועגן דער געטלעכער הבטחה, וועגן דער מיסיע פון גאָטס זון צו באַפרײַען דעם מענטש פון דער פאַרקנעכטונג צו זינד. מען באַהאַנדלט די יסורים פונעם אויסלייזער און מען פאַרבײַסט די רייד מיט די בשפע צוגע־גרייטע מאכלים.

דאָס גערייד בעת די רעקאָלעקציעס קלינגט שטענדיק פויל, פרעמד, יענוועלטיק. על־פּי־רוב חזרט מען איבער אַלט באַקאַנטע קירכלעכע דאָגמעס, אָפּגעריסענע פון דער וואָר און דער צײַט, ווי ס׳וואָלט די וועלט געבליבן פאַרגליווערט אין דער קדמונים־תקופה און ניט געווען איצט אַרומגעכאַפּט פון אַ מוראדיק בלוט־פאַרגיסן; ווי ס׳וואָלטן אין דער ליטע ניט געבאַלע־באַטעוועט די נאַציס און זייערע היגטיש געטרײַע אָרטיקע משרתים. עמעצער האָט יאָ, צום ווײַפלטן מאָל שוין, געפּרוּווט אַרויסהייבן דעם אויסגע־דראָשענעם אַפּאָקאַליפּטישן סוף פון דער וועלט, וועלכן עס זאָגט פאָר דער נײַער טעסטאַמענט, אָבער קיינער האָט עס דאָ ניט געוואָלט הערן, און זײַנע ווערטער זענען אויפן וועג צו די צוהערערס געבליבן שטעקן אין דער מוטנע־שטײַפער לופט — ניט אַהער, ניט אַהין. געטאָן האָט ער עס, ווײַל ס׳געהערט זיך, אַז אויף אַ רעקאָלעקציע זאָלן באַהאַנדלט ווערן העכערע מאַטעריעס און מען זאָל ניט אָפּקומען מיטן גוטן אָפּעסן בלויז.

דער איינציקער וואָס האָט אַרײַנגעטראָגן אַן אַקטועלן טאָן אינעם צונויפ־קום, איז געווען יאַנקוס, אַ קסיאָנדז פון אַ שכנותדיקן דאָרפישן קאָשטשאָל.

זײַן שװאַרצע סוטאַנע מיטן טאַרטשענדיקן איבער איר גלאַנציקן ליסעקאָפּ האָט זיך אַרויסגעהויבן איבער די צװײ שכנים זײַנע בײַם טיש, פון לינקס און רעכטס; אַרויסגעהויבן האָט זיך איבערן אַלגעמײנעם האַרמידער זײַן האַרב סקריפּעדיק קול, װאָס האָט אָבער ניט געקאָנט אײַנהאַמעװען דאָס מעסער־גאָפּל־געקלאַפּ און דאָס געזשום פון רייד, געפּירטע צװישן זיך בײַם עסן. ער איז שוין געװען, יאַנקוס, בגילופין בעת זײַן אויפגעבונדענע צונג האָט זיך אַװעקגעלאָזט:

— יאָ, די מיסיע פון גאָטס זון. זי איז, װי כ'האָב געזאָגט און װי מיר װייסן אַלע, זיין מיסיע איז צו באַפרײַען די װעלט פון גאָטס לעסטערערס און קרייציקערס, די טרעגערס און פאַרשפּרייטערס פון אַלע פּלאָגן פון די מענטשן און זינד אויף דער ערד. כ'האָב אין זינען, און איר, חשובע גײַסט־לעכע, פאַסטעכער פון פאַרלוירענע שעפּעלעך, פאַרשטייט אָן ספק, אַז דאָס זענען ייִדן!

אָנגעהויבן, האָט ער אַלץ מער און מער זיך צעהיצט, אַרײַן אין שװונג און זיך שוין ניט געקאָנט אָפּשטעלן. ער האָט טעאַטראַליש פאַרגלאָצט די אויגן, פאַרקנייטשט דעם שטערן, אויפגעהויבן דעם װײַזפינגער פון דער רעכטער האַנט אין דער הייך:

— פאַר װאָס האָט דער ייִדישער גאָט דערלאָזט, מען זאָל אויסקוילען זײַנע גלייביקע, האַ?

אָפּגעװאַרט אַ רגע, האָט ער אַליין געענטפערט אויף זײַן פראַגע:

— דערפאַר, װײַל זינט יעזוס האָט זיך אַנטפּלעקט, איז אָט דער גאָט מער קיין גאָט ניט! אָט דערפאַר, מײַנע הערן, גײַסטיקע פאַסטעכער! און היטלער איז דער שליח פון הייליקן גײַסט און יעזוסן — גאָטס זון און משיח, געשיקט, ניט בכדי אָפּצוצאָלן די ייִדן פאַר דער קרייציקונג, ניין! אונדזער גאָט איז אַ גאָט פון פאַרגעבונג. היטלער איז געשיקט פון דער השגחה אָפּצורייניקן די ערד פון אירע פאַראומרייניקערס און ברענגען אויף דער זינדיקער ערד דעם הימלשן צואָג פון ראַסישן אויסלייז!

דער עולם אַרום טיש האָט געהאַרעװעט מיט גאָפּל־מעסער אין די הענט, געאַרבעט מיט די ציין און קינבאַקן. יאַנקוס האָט געטאָן צװײ מלאָכות אויף אַ מאָל — אי געפרעסן און געזשליאָקעט דעם ביטערן טראָפּן, אי געמאָלן מיט דער צונג. ער איז אַרויס מיט זײַן שטענדיקער טענה, אַז די

יידן זענען אַ ווילדגעוויקס אויף דער ליטווישער ערד, וועלכן מען מוז אויסיעטן מיטן וואָרצל, אויב מען וויל, אַז דער ליטווישער גאָרטן זאָל בליִען, געדייִען און געבן פּרוכט...

שפּירנדיק אַז מען לייגט ניט געַנוג אַכט אויף זײַנע רייד, איז יאַנקוס אויפגעשפּרונגען און ממש אויסגעשריִען:

— און דער קאָמוניסטישער אומגליק, ווער האָט אים געבראַכט אויף ליטע און דער גאַנצער וועלט? ווער, אויב ניט די יידן?! לענין, טראָצקי, סטאַלין — אַלע זענען זיי יידן! יאָ, חשובע קאָלעגן, היטלער איז געקומען צו דער רעכטער צײַט!

אין מיטן זײַנע רייד זענען געווען אַרײַן די באַלעבאָסטע און עמיליע מיט פּאַלומעסקעס הייסע „צעפּעלינען”, די ליטוויש־טראַדיציאָנעלע לענגלעכע קאַרטאָפל־קניידלעך מיט גריוון־„נשמות”, אײַנגעדעמפּטע אין חזיר־פעטס. הערנדיק יאַנקוסעס דיבורים, האָט עמיליע שיִער ניט אַרויסגעלאָזט די כּלי פון אירע הענט. זי האָט ניט פאַרשטאַנען, ווי קומט עס, אַז קיינער פּרוווט אים ניט דערווידערן, כאָטשבי אָפּשטעלן. זי האָט אים געזען צום ערשטן מאָל און ניט געוווּסט פון זײַן ניט שטאַרק געהויבענער רעפּוטאַציע. אַ שיכּור, אַ נואָפניק, האָט מען אים געהאַט משלח געווען פון וויפל דאָרפישע קאָאָ־טשאָל־געגנטן ווו ער האָט געקסיאָנדזעוועט. און זאָגן זאָגט מען, אַז ס'לויפן דאָרטן אַרום זיינע אָפּשפּראָצן... מעגלעך, אַז פון די וואָס בײַם טיש, האָט ניט איינער געפילט אַ שׂינאה צו יידן, אָבער אונטערהאַלטן יאַנקוסן האָט קיינעם קיין כּבוד ניט געקאָנט פאַרשאַפן. קיינער האָט מיט אים ניט געוואָלט אָנהייבן — ניט מסכּים זיין און ניט שטרײַטן.

שטענדיק אַ פריילעכער מכניס־אורחים וואָס ווייסט, ווי צו פאַרברענגען אַ געזעלשאַפט מיט אַ וויץ און אַ שאַרפזיניק ווערטל, איז דאָס מאָל דלייבאַ געזעסן אַ פאַרשטומטער. יאַנקוסעס וואָרטאויסגאָס איז פאַר אים ניט געווען קיין איבעררעאַשונג. ער האָט געקענט דעם פויגל. דערדריקט האָט אים די נעכטן פאַרגעקומענע שׂרפה אין יאַנקוסעס קאַשטשאָל־דאָרף. דײַטשן האָבן דאָרטן פאַרברענט אַ שטוב, צוליב יידן...

אויף דער טעלעכע מאָל מיט די אַכילות אַרײַנגעקומענער עמיליען האָט יאַנקוס געוואָרפן אַן אויג און איבערגעטראַכט: אַ מזל פון אַ פּאַרוויאַנעטן אַבסטינענט צוצופּאַסן זיך אַזאַ פּיקאַנטן ביסן! וואָס קאָן ער שוין מיט איר

אָנהייבן, איר בעל־הבית? קוקנדיק אויף איר האָט יאַנקוס אויפגעהערט ריידן, אַזש פאַרהאַלטן דעם אָטעם. זײַן שווערער שאָטן האָט ווילד אַ פאָכע געטאָן מיט אַ האַנט אויף דער טיר, דורך וועלכער עמיליע און די באַלעבאָסטע זענען אַרויסגעגאַנגען. און ער האָט האָפערדיק ווײַטער געדרשנט:

— חשובע גײַסטלעכע! אויף אונדזערע רעקאָלעקציעס באַהאַנדלען מיר דעם באַטײַט פון ווידוי... צי ס'איז אַ הייליקער סוד, וואָס דער קסיאָנדז הערט און דאַרף באַגראָבן אין זײַן נשמה, צי... אַ סוד בנוגע ייִדן, וואָס האָבן אונדזער גאָט געקרייציקט און ברענגען אַנשטאָט זײַן לערע דעם קאָמוניזם אויף דער וועלט, טאָר קיין סוד ניט בלײַבן!... און אַז עס קומט צו מיר אַ גלייביקער זיך מתוודה זײַן און פרעגט, צי ער טוט ריכטיק, אויסבאַהאַלטנ־דיק ייִדן... געווען איז עס נאָך מײַנעם אַ פריידיקט אין קאָשטשאָל. כ'האָב געסטראַשעט מיט גאָטס שטראָף די אַלע, וואָס ברעכנדיק געזעצן, פרווון זיי ראַטעווען רעשטן פון די צו אומקום פאַרמישפטע אַנטיקריסטן... קומט אַ פויער פון אונדזער דאָרף און איז זיך מודה, אַז ער באַהאַלט בײַ זיך, אמת, פאַר אַ גוט געצאָלטס, האַלט ער אַ משפחה פון פינף ייִדן, אַנטרונענע פון געטאָ. האַלט זיי אין אַ באַהעלטעניש אונטערן באַקאַויון. איז זיך מתוודה דער פויער און פרעגט, צי ער באַגייט ניט קיין זינד. האָב איך אים געמוזט פון דער זינד באַפרײַען. אמת, די דײַטשן זענען געווען ברוטאַל, האָבן פאַרברענט די שטוב... צוזאַמען מיט די ייִדן. פאַר דעם האָט מען באַפוילן אַרויסגיין פון באַהעלטעניש. און אַז זיי האָבן ניט געפאָלגט, איז מיט זיי געשען, וואָס ס'איז געשען. קיין טעות איז ניט באַגאַנגען געוואָרן. פון דער ברענענדיקער שטוב האָבן זיך געטראָגן קולות אין ייִדיש. מסתמא האָבן זיי געשריִען צו זייער גאָט, וואָס איז ניטאָ. היטלער האָט געוואָרנט די ייִדן: צווינגט ניט אַרויף קיין קריג אויף דער וועלט, ווײַל ער וועט זיך ענדיקן מיט אײַער פולער פאַרטיליקונג! און זיי האָבן אַרויפגעצוווּנגען! כ'שעם זיך ניט, פאַרקערט: יאָ, איך האָב געשאָסן ייִדן בײַם אויסרייניקן פון זיי אונדזער געגנט! וואָס קלערן די ניט דערקוילטע, די אַלע וואָס באַהאַלטן זיך, די אַלע וואָס קלאַמערן זיך אין דער האָפענונג צו בלײַבן לעבן, די אַלע אַרויפגע־כאַפּטע אויפן האָק פון דער דאָזיקער האָפענונג? האַ, וואָס טראַכטן זיי זיך?!

פאַרענדיקט האָט ער זייער פאַטעטיש און פאַרריסן געקוקט אין די זײַטן,

וועלנדיק אָפּשאַצן דעם רושם וואָס זײַנע רייד האָבן געמאַכט אויף די פֿאַרזאַמלטע.

אין מיטן זײַן צעהיצטער פּיסק־מלאָכה זענען ווידער געווען אַרײַן די באַלעבאָסטע און עמיליע און צעשטעלט אויפֿן טיש די אַרײַנגעטראָגענע הילצערנע וואָזעס מיט ווינטער־עפּל און אַ לענגלעכע מעשענע טאַץ מיט אַ צעשניטענער אין פּענעצן פּוטער־באַבקע, געפֿילט מיט צוואָרעך. עמיליע האָט קוים אײַנגעהאַלטן אין זיך דאָס געיאָמער וואָס האָט זי געשטיקט. געדאַכט האָט זיך איר, אַז דאָס וואָס זי הערט און זעט אין סאַלאָן, הערט זי און זעט אין אַ בייזן חלום. דער הויכער מיטן ליסעקאָפּ וואָס רעדט, איז דער טײַוול אַליין און ער פֿאַרפּאָלגט זי מיט ברענענדיקע אויגן. אַלע קוקן גלײַכגילטיק צו. און אויך דלייבאַ שווײַגט. בלויז עמעצער האָט בײַם טיש, מיט אַ פֿול מויל עסן, אַ בורטשע געטאָן:

— פֿון דעסטוועגן, גאָטס באַשעפֿענישן... מיט נשמות וועלכע מען דאַרף ראַטעווען...

צי דען איז עס געווען דלייבאַ? עמיליע האָט זיך געכאַפּט, אַז געדאַרפֿט האָט ער שווײַגן. חלילה, ער זאָל אַרײַן אין אַ סיכסוך מיטן טײַוול. חלילה, צו האָבן דעם טײַוול פֿאַר אַ שונא.

## אין קאָשטשאָל בײַם ווידוי־פֿענצטערל

די אַלטע, שווער זשיפּענדיקע פֿיסהאַרמאָניע האָט אַרײַנגעפּרײַכט איר לעצטן קלאַנג אין דער גרויער, פֿון די ברענענדיקע ליכט בײַם אַלטאַר, געדיכט אָנגערייכערטער לופֿט אין קאָשטשאָל, און אָפּגעשלאָסן די פּרײַטיקדיקע פֿרימאָרגן־מעסע.

דער פֿיסהאַרמאָניע־שפּילער האָט אָפּגעטאָן דאָס זײַניקע און אַוועק. דער משרת האָט אויסגעלאָשן די חלבנע ליכט (מלחמה־צײַט מוז מען שפּאָרן זאַכן. וואָס שווער איז אַפֿילו פֿאַר געלט צו קריגן.) און אַזוי ווי גאָטס טעמפּל מוז סײַ ווי אַ גאַנצן טאָג בלײַבן אָפֿן פֿאַר די גלייביקע, האָט ער ניט געוואַרט ביז דער קסיאָנדז וועט פֿאַרענדיקן זײַנע עסקים דאָרטן אינעם ווידוי־בײַדל, און איז אויך אַוועק.

דעם קליינעם עולם וואָס האָט זיך מתוודה געווען, האָט דלייבאַ מעכאַניש אָפּגעפֿטרט, הייסנדיק יעדן איינעם איבערחזרן פֿאַרן שלאָף אַ שפּרוך צו

דער הייליקער מוטער — וועמען צען, וועמען צוואַנציק און אַפּילו פופציק מאָל איבערחזרן, וועדליק דער האַרבקייט פון דער עבירה, און גאָט וועט מוחל זײַן.

מיט אַ פאַרלײַכטערט האַרץ זענען די בעלי־עבירות זיך פונאַנדערגעגאַנגען. אויפן אָרט פון די מענטשן האָט דעם קאָשטשאָל גענומען אָנפילן אַ פאַרשידן קאָליריקע שײַן פון אויפגייענדיקן טאָג, וואָס איז אַרײַנגעדרונגען דורך רויטע, גרינע, געלע שײַבלעך אין די הויך אויסגעצויגענע פענצטער, אַרײַנגעדרונגען און פאַרשאַרט אונטער די בענק, אין די פאַרשטעלטע עקן און ווינקלען די לעצטע רעשטן פון דער פרימאָרגנדיקער סומנעקייט.

יאַדזיע האָט געוואַרט ביז אַלע האָבן פאַרענדיקט, געוואַרט צו זײַן די לעצטע בײַם ווידוי־פענצטערל. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט מיט די קני אויפן בענקעלע, וואָס בײַ דער קליינער פירקאַנטיקער, פאַרקראַטעוועטער עפענונג, און אינעם אויסגעשטעלטן אויער פון יענער זײַט קראַטע גענומען אַרײַנשושקען:

— פאַטערל, גײַסטלעכער, כ׳בין אַ געקריסטיקטע. כ׳האָב אַ מעטריקע. האָב אָבער ניט ווו זיך אַהינצוטאָן...

דלייבאַ האָט אַ קער געטאָן זײַן פּנים צום פענצטערל און פון הינטער די קראַטעס אָנגעקוקט די, וואָס האָט זיך איצט מתוודה געווען: אַן אומבאַקאַנטע, פרעמדע, אַ מיאוסע. אויף אַ שמוציק און זייער אויסגעמאַטערט פּנים — אַ ברייטע נאָז, קליינע, קאַלטע, אַ ביסל קאָסאָקע אויגן, גראָבע ליפּן. אַ פאַסמע רויטלעכע האָר איז אַרויסגעקראָכן פון אונטער אַן אַלט, שטאַרק אָפּגעניצט קאָפּטיכל. דער קסיאָנדז האָט ווידער אויסגעקערט צו דער עפענונג דעם אויער, אַ סימן, אַז ער הערט וואָס מען רעדט צו אים. האָט זיך יאַדזיע צערעדט שטיל, שטיל און אָן קיינע הקדמות:

— מען האָט אונדז באַפוילן אויספּוצן זיך... אינעם שענסטן און בעסטן אָנטועכץ קומען אויפן מאַרקפּלאַץ, און געזאָגט, אַז אַ דײַטש, אַזש אַ גענעראַל, וועט אונדז דורכקוקן און געבן צו פאַרשטיין, ווי זיך אויפצופירן. דעריבער, פון אונדזער טובה וועגן, דאַרפן מיר לײַטיש אויסזען. אַזוי האָט מען אָנגעזאָגט. דער טאַטע איז שוין געווען אַוועקגענומען. שוין וויניק ייִדישע מענער געבליבן אין שטעטל. די מאַמע און די שוועסטער האָבן זיך אויסגעפּוצט — צו זײַן יונג און שיין, און איך האָב געזאָגט, אַז איך גיי ניט. כ׳בין אַ מיאוסע,

האָב מורא און וועל ניט גיין. די מאַמע האָט אויף מיר געשריִען, און איך האָב זיך אויסגעבאַהאַלטן אויפן בוידעם. פון אַ דאַכפענצטערל געקוקט צום מאַרק צו. און געזען... גאָט מיינער! אַ דײַטש האָט זיך טאַקע באַוויזן און פון אַלע זײַטן — געהילפן זײַנע. זײַט ניט ברוגז, פאָטערל, נאָר כ׳מוז זאָגן דעם אמת, ליטווינער זענען געווען די געהילפן, און מיט מאַשינביקסן. דער דײַטש האָט עפּעס געפּאָכעט מיט די הענט, און די פרויען און קינדער אויפן מאַרק האָבן גענומען זיך אויסטאָן. צונויפגעלייגט די זאַכן אין אַ קופּע און געבליבן אין די אונטערוועש. פלוצעם... יעזוס־מאַריאַ, אַ קנאַלערײַ, אַ געדו־נער! יללות, געשרייען... פרויען, קינדער... פאַלן, פאַלן!.. כ׳האָב זיך געריסן די האָר פון קאָפּ און ניט געקאָנט אַוועק פון פענצטער. ניט געקאָנט אַוועק... ס׳האָט זיך אַלץ געענדיקט און אויף מאַשינען האָט מען אַוועקגעפירט — באַזונדער די געשאָסענע, באַזונדער זייערע זאַכן... פײַערלעשער מיט גומי־קישקעס האָבן אָפּגעוואַשן דאָס בלוט פונעם ברוק... און איך בין אַלץ גע־שטאַנען בײַם פענצטערל. געוואָרן פינצטער און איך בין אַוועקגעפאַלן און לאַנג געשלאָפן. ווי לאַנג קאָן אַ מענטש ליגן אויף אַ בוידעם אָן עסן און טרינקען? מיר דאַכט, ערשט אויף דער דריטער נאַכט בין איך אַראָפּ און געלאָפן... באַגינען האָב איך אָנגעקלאַפּט צו אַ פויער און געהאַט מזל. ער האָט מיך באַהאַלטן אין אַ שײַער אויפן היי. געגעבן ברויט און מילך. געהאַלטן עטלעכע טעג און געזאָגט, אַז ער האָט מורא. מען זוכט איבערגעבליבענע, ניט־דערשאָסענע. האָב איך ווידער אַרומגעוואָגלט. אין וואַלד געפונען יאַג־דעס, אין פעלדער אָנגעריסן זאַנגען און געקײַט די קערנער. אַ גליק, וואָס די זון האָט געשײַנט, די נעכט זענען געווען וואַרעמע. און געטראַכט האָב איך: ווען איך בין אַ הונט, אַ קאַץ, וואָלט מען מיך ניט געטשעפּעט, געגעבן עסן... כ׳בין אָבער ניט געווען ניט קיין הונט און ניט קיין קאַץ, נאָר... האָב איך געבעטן גאָט, מען זאָל מיך אָננעמען און דערשיסן. האָט גאָט דערהערט מײַן געבעט, און מען האָט מיך טאַקע אָנגענומען. נאָר אַ ביסל פאַרשפּעטיקט. מיט אַ טאָג פריִער האָט מען דאָ אויסגעשאָסן אַלע יידישע פרויען און קינדער, און איך האָב פאַרשפּעטיקט. האָט מען מיך פאַרשפּאַרט אין עפּעס אַ שטיבל, ביז מען וועט אָנקלײַבן נאָך אַזעלכע ווי איך. מיט איינער האָבן זיי זיך ניט געוואָלט פּאַטשקען. דער נאַכט־שומר האָט מיר געגעבן אַ שטיק ברויט און אומישנע ניט פאַרריגלט פון דרויסן אַ פענצטער. האָב איך ניט

אויסגעהאַלטן און אַנטלאָפן. כ׳האָב זיך דערשלעפּט צו אַ שטעטל. גלײַך בײַם אָנהייב איז געשטאַנען אַ קאָשטשאָל, אַ שיינער, געמויערט פון רויטע ציגל. דערבײַ — דעם קסיאָנדזס שטוב. כ׳בין אַרײַן צו אים און אַלץ אויס־געדערציילט. האָט ער מיר אויסגעשריבן אַ קריסטיקונג־שײַן און געשיקט אין שטעטל צו נאָך דרײַ אַזעלכע ווי איך. ער האָט זיי געמאַכט פאַר קאַטוי־לישע, געפונען פאַר זיי אַ ליידיק שטיבל, באַזאָרגט מיט אַרבעט, מיט פראָסטער אַרבעט, ווי דינסטן. כ׳האָב אויך גענומען אַרבעטן ביי אַ גערטנער און געשלאָפן מיט די מיידלעך. שיינע מיידלעך געווען. נאָר מיר איז געווען בעסער פון זיי. צו מיר איז קיינער ניט געקראָכן און צו זיי פלעגן יעדע נאַכט קומען ליטווישע העלפערס פון די דײַטשן... די וואָס פלעגן שיסן... און שטענדיק זאַלבעזדריט פלעגן זיי קומען צו יענע דרײַ מיידלעך און מיך פלעגט מען ניט טשעפּען. קיין ליכט פלעגט מען ניט אָנצינדן... נאָר איך האָב אַלץ געהערט און פאַרשטאַנען. געהערט ווי דערנאָך פלעגן די מיידלעך כליפּען... וואָס האָבן זיי נעבעך געקאָנט טאָן? אונדזער אַלעמענס לעבן איז געלעגן אין די הענט פון די, וואָס פלעגן קומען... דאָ ניט לאַנג, גאַנץ פרי פון אָוונט, לאָזט זיך אַראָפּ איינער פון זיי. טרעפט אונדז אַלע פיר מיידלעך אין שטוב. מיר בלײַבן אַ ווײַלע זיצן. דערזען מײַנע שיך, באַדויערט ער, וואָס זיי זענען שרעקלעך צעטראָמפּלט, די פינגער קריכן אַרויס, און אין דרויסן איז אַ בלאָטע. האָב איך געזאָגט, אַז ס׳מאַכט ניט, לאַנג וועט שוין ניט אויסקומען זיך צו מוטשען. איז ער מאָדנע אומעטיק געוואָרן, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, זיך אויפגעהויבן און אַוועק. בין איך צוגעשטאַנען צו די מיידלעך: „ס׳טויג ניט, מען מוז אַנטלויפן!״ האָבן זיי געזאָגט, אַז ס׳איז ניטאָ וווּהין צו לויפן, און איינער פון די געטער — דער ייִדישער צי דער נײַער גאָט, דער קאַטוילישער, וועט העלפן. און איך האָב זיך ניט פאַרלאָזט אויף גאָט און אַרויס פון שטוב. געטראַכט איבערצונעכטיקן אין אַ שטעלכל און זען. בלויז באַוויזן אַרויסצוכאַפּן זיך פון שטוב, זענען מיט אַ האַרמידער אָנגע־קומען די, וואָס מיט ביקסן, און אַרויסגעפירט פון שטוב די מיידלעך. איינער פון זיי האָט פריילעך געזאָגט: „און איצט פירן מיר אײַך שיסן!״ כ׳האָב דערקענט די שטים פון אַ שטענדיקן נאַכטגאַסט... בין איך געלאָפן... אַ גאַנצע נאַכט... און דערלאָפן אַהער. ווייס איך ניט, צי ס׳לוינט זיך נאָך צו מוטשען אָדער בעסער, מען זאָל מיך דערשיסן, וועט נעמען אַ סוף צו די צרות...

יאַדזיע האָט שטיל, אין אַ גוטן ליטוויש זיך מתוודה געווען, שטיל, אַז קיינער זאָל ניט דערהערן, כאָטש אין קאָשטשאָל האָט זיך געהאַט אײַנגע־בעסטיקט אַ טויבע פּוסטקייט. איר שעפּטשען איז שוין געווען אויסגעגאַנגען אין אַט דער פּוסטקייט און ווידער אַ טליע געטאָן:

— און אָט איז מיין קריסטיקונג־שײַן.

דורך די קראַטעס האָט זי אַדורכגעשטעקט אַ צעקנייטשט פּאַפּירל. דלייבאַ האָט אין אים אַרײַנגעקוקט. די דאַטע — פון מיט אַ קנאַפּן יאָר צוריק. ס׳הייסט, ווי מען האָט זיך געקענט פאַרשטעלן, האָט מען זי געקריסטיקט ניט באַלד נאָכן קומען אויף דער וועלט... אין האָפענונג — ס׳וועט צו קיין קאָנטראָל ניט קומען, און פאַר די אַרומיקע איז זי אַ פּראָסטע ליטווינערין, אַ קאַטוילישע, מיט אַ נאַטירלעך קלינגענדיק ליטוויש־לשון.

אָפּגעוואָרט ביז דער קסיאָנדז וועט דורכלויפן מיט די אויגן איבערן פּאַפּירל, האָט יאַדזיע ציטעריק אַרויסגעפּרעסט פון זיך:

— מען זאָגט, אַז דער גײַסטלעכער פאָטער העלפט.

— שלעכט, אַז מען זאָגט עס! — האָט דלייבאַ בייזלעך אָנגעקוקט דאָס מיאוסע, אין אַ מאָדנער דערשרעק־גרימאַסע פאַרקרימט פנים, וואָס האָט פאַרנומען דעם גאַנצן שטח הינטער די קראַטעס פונעם פענצטערל.

ביידע האָבן זיך אַ ווײַלע אָנגעקוקט מיט אַ ביטער קלעמעניש.

— ווייסט אַוודאי אומצוגיין מיט קי, מיט חזירים. וואַסער אָנשעפּן פון ברונעם, אַ באַרשטש אויסקאָכן און נאָך אַזעלכס... — האָט דלייבאַ ניט געפרעגט נאָר געגעבן אָנצוהערן, וואָס עס שטייט איר פאָר. — וואַרט, כ׳קום צו דיר אַרויס, און צוזאַמען גייען מיר צו מיר אַהיים.

## אין דער „משפחה״־שטוב

פאַר נאַכט. די זון ענדיקט ברענען אויפן הימל הינטער די ביימער־קרוינען פון נאָענטן וואַלד.

ס׳איז אָנהייב פרילינג און דער שווערער אַרבעטסטאָג אין דער פּאַסעסיע פונעם קסיאָנדז דלייבאַ, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיטן אויפגיין פון דער זון, איז פאַרענדיקט.

אין איר שטוב האָט דעם קסיאָנדזס „משפחה״ זיך געזעצט עסן וועטשערע. אויפן טיש האָט יאַדזיע אַוועקגעשטעלט אַ גרויסן טשוהונענעם טאָפּ

מיט אַ געדיכטער זופּ פון זויערן קרויט, אין וועלכער ס'האָבן זיך געטוקט שטיקער חזיר־פליש. אַ גרויסן לענגלעכן לאַבן אייגן געבאַקן קאָרנברויט האָט זי געהאַט צעשניטן אויף גראָבע פּענעצן און דערלאַנגט דער „משפּחה״ — די צוויי שטענדיקע אַרבעטערס, דער פּאַסטעך, דער ניי צוגעקומענער „משפּחה״־מיטגליד, פּראַנאַס, די קי־מעלקערין און חזירים־פּיטערין, די געדונגענע סעזאָן־אַרבעטערין. זיי אַלע זענען געזעסן אויף בענק פון בײדע זײַטן ניט באַדעקטן טיש פון פּשוטע ברעטער און זשעדנע זיך אַ נעם געטאָן צו דער אַכילה — אַנגעגאָסן זיך מיטן גרויסן הילצערנעם שעפּלעפּל פולע ליימענע שיסלען זופּ מיט פליש, געריסן שטיקער ברויט און געשטופּט אין מויל. אויך אַ ליימענער קרוג מיט פריש אָנגעמאָלקענער מילך איז געשטאַנען אויפן טיש. אַ נאָפּטלעמפּל וואָס איז אַראָפּגעהאַנגען פון הילצער־נעם סופיט, האָט ניט אַזוי געלויכטן ווי געמישט זײַן שײַן מיט דער אַרומיקער סומנעקייט, אויסגעשיילט מטושטשע שאָטנס פון די וואָס זענען געזעסן ביים טיש, און צעלייגט זיי אויף געקאַלכטע ווענט. אַלע זענען געווען נאָך שטאַרק פאַרנומען מיטן שטילן דעם הונגער, בעת די באַלעבאָסטע האָט איבערגעטראָטן די שוועל און גליך מיט אַ ויצעקו:

— גאַזע! קריגסצײַט גאַזע! אַזוי פרי אָנגעצונדן דעם לאָמפּ! אָן אים ט'איר ניט טרעפן, וווהין צו שטופּן ס'עסעכץ?!

— ס'איז פינצטער, — האָט אַ בורטשע געטאָן איינער פון די אַרבע־טערס — אַ לאַנגער דראָנג מיט אַ העלער שטשעטינע אויפן פאַרווינטיקטן פּנים, אויפגעשטעלט זיך און אַראָפּגעדרייט אַ ביסל דעם קנויט פון לעמפּל.

אין שטוב איז געוואָרן נאָך טינקעלער און דאָס האָט ווי אײַנגעהאַמעוועט דער באַלעבאָסטעס גערייצטקייט. האָט זי זיך גענומען צום ענין, צוליב וועלכן זי איז בעיקר געקומען:

— פּראַנאַס! ווו האָט מען עס דיך אויסגעשריבן? ניט צו וויסן ווי אײַנצושפּאַנען אַ פערד, ניט צו קאָנען אָנהאַקן האָלץ פאַר דער פּליטע! ווו אַ סוק, ביסטו אַ פאַרלוירענער! זיי קריכן ניט, דײַנע שײַטלעך, דורכן טירל!

— ווי קאָן ער אָנהאַקן האָלץ, אַז ער וואַשט זיך יעדן אינדערפרי, ווי אַ ייִד, — האָט זיך צעכיכיקעט דער הויכער, מאָגערער דראָנג און פאַר־שטאָפּט זיך דאָס מויל מיט אַ שטיק ברויט.

— ניט נאָר אין דער פֿרי. ער וואַשט די הענט פֿאַר יעדן עסן, ווי די ייִדן, — האָט מיט חוזק דערגעבן דער צווייטער אַרבעטער, אַ שטשופּלע מענטשל מיט אַ פּישטשעדיק קול. — אי ער וואַשט די הענט, אי ער נעמט ניט דאָס פֿלייש מיט די הענט. עסט פֿלייש מיטן לעפֿל...

ביים טיש האָט אַרויסגעפּלאַצט אַ געלעכטער.

— דאָס גאַנצע וואַסער פֿון ברונעם וועט ער פֿאַרטאָן און מיר'ן אויסגיין פֿון דאָרשט, — איז געפֿאַלן אַ חוזק־באַמערקונג פֿונעם לאַנגאַטש.

— און אין באָד גייט ער ניט. האָט מורא מען זאָל דערזען, אַז ער איז אַ טומטום, — האָט געמאַכט דעם אויספֿיר דאָס פּישטשעדיקע קול. — אַ טומטום! צו אונדזערע מוידן קריכט ער ניט...

דער באַלעבאָסטע איז אויסגעקומען, אַז צו לאַנג ריידן אַנדערע און זי קומט ניט צום וואָרט. איז זי אַרויס מיטן לשון און אויף די הויכע טענער:

— געוויס, פֿראַנאַס איז אַ טויגעניכטס, וואָס איז דעם טײַוולס קאָקעכץ ניט ווערט! אָט, יאַדזיע! אויך אַ נײַע בײַ אונדז, און ווי אַלץ ברענט אונטער אירע הענט. פֿראַנאַס האָט אָבער ניט קיין ברעקל שׂכל...

— זאָל ער גיין פּאַשען די בהמות. דערצו דאַרף מען ניט קיין שׂכל, — האָט ווידער זיך געלאָזט הערן די קוויטשיקע חוזק־שטים פֿון קליינעם מענטשל.

דער פּאַסטעך האָט אַ פֿליוך געטאָן אין פּנים פֿונעם שאַרף־צונגיקן אַ לעפֿל זופּ. דער געטראָפֿענער איז אויפֿגעשפּרונגען, געכאַפּט דעם שעפּלעפֿל און זיך פֿאַרפֿאָכעט אויפֿן חצוף.

האָט די באַלעבאָסטע דערלאַנגט אַ זעץ אין טיש מיט דער פּויסט, אַזש די כּלים האָבן אונטערגעטאַנצט:

— שטיל זאָל זײַן! אָפּגעגעסן און שלאָפֿן געגאַנגען! מאָרגן ז'אַ שווערער טאָג. דאָס פֿעלד וואַרט, דער גאָרטן וואַרט, דיביימער אין סאָד וואַרטן. אַ קעלבל פֿון די נײַע צוויי וועלן מיר קוילען... פֿראַנאַס, זאָלסט ווערן אַ מענטש, אַניט וועסטו פֿליִען אַהין, פֿון וואַנען ס'האָט דיך אַהער אַנגעטראָגן!

די באַלעבאָסטע האָט זיך שווער אויפֿגעהויבן פֿון ברעג באַנק, ווו זי איז געזעסן. קוים זיך אויפֿגעהויבן, קוים געשטעלט די ערשטע פּאָר טריט און אָוועקגעקאָטשעט זיך צום אַרויסגאַנג.

פֿון איר מיחוש האָט שוין פֿראַנאַס געוווּסט. ער איז איר נאָכגעגאַנגען

און אין פירהויז, ביי דער אָפענער טיר, וואָס האָט אַריינגעלאָזט אַ גרויע שיין פון דרויסן, האָט ער זי אָפּגעהאַלטן:

— באַלעבאָסטע, אַנטשולדיקט, כ׳ווייס, איי‌ערע קני... כ׳ווייס אַ מיטל, וואָס טוט גוט. פון קעלבל וואָס מען וועט קוילען, פאַרהיט די גאַל. קאָמפּרעסן פון גאַלזאַפּט אויף דער נאַכט העלפן. כ׳ל אייך צולייגן. כ׳ווייס, ווי מען מאַכט עס.

— אַזוי גאָר, אַ גאַנצער פעלדשער? — אַ ביסל איבערראַשט, אַ ביסל צעטומלט איז די באַלעבאָסטע געוואָרן, און איר פול, שטייף פּנים האָט ווי באַקומען לעבן. — אַזוי גאָר, אַ רפואה? פראַשקעס העלפן טאַקע מער ניט. גוט, כ׳וועל די גאַל פאַרהיטן...

— מאָרגן, פאַרן גיין שלאָפן... — האָט פראַנאַס אָפּגערעדט מיט איר. ווען ער איז צוריק אַריין אין שטוב, האָבן די צוויי אַרבעטערינס געהאַט פאַרענדיקט ס׳עסן, זיך אויפגעשטעלט, זיך איבערגעצלמט און אַוועק צו זיך אין קאַמער, אַוועק שלאָפן.

די דריי מאַנסלייט האָבן געהאַלטן אין טרינקען מילך און אַלץ נאָך געריסן און זשעדנע געשטופּט אין מויל שטיקער ברויט. יאַדזיע האָט גענומען אָפּראַמען דעם טיש.

— נו, אָפּגערעדט מיט דער באַלעבאָסטע זיך צו טרעפן אויפן היי? — האָט די קוויטשיקע חוזק־שטים פונעם קליינוווקסיקן זיך אַ טשעפּע געטאָן מיט פראַנאַסן.

— הער אויס, מיר האָבן באַשלאָסן, אַז מוזסט אונדז ווייזן, ווי ס׳זעט אויס ביי אַ טומטום... — איז צו אים צוגעשטאַנען דער פאַסטעך, טוענדיק אַ ווונק מיט אַן אויג.

— איר שפּאַסט, — האָט זיי פראַנאַס גוטמוטיק אָפּגעענטפערט, בלייבנ־דיק שטיין מיט די הענט אין די באָקעס — אַ הויכער, שטאַלטנער, אַ פאַר־ברוינטער און פאַרווינטיקטער.

— מיר שפּאַסן טאַקע און ווילן טאַקע זען!

ביידע אַרבעטערס און דער פאַסטעך האָבן זיך אַ הייב געטאָן פון די ערטער און אַרומגעשטעלט פראַנאַסן, גרייטע צו אַ פאַרמעסט.

— נו, מיט גוטן! מיר׳ן ניט אָפּטרעטן! — האָט מודיע געווען דער נידעריקער מיט דער קוויטשיקער שטים און אָפּגערוקט דעם טיש אין אַ זייט, ס׳זאָל ווערן מער פּלאַץ.

— מיר וואַרטן! — האָט טרוקן פעסטגעשטעלט דער הויכער, אַרויס־נעמענדיק די הענט פון די קעשענעס.

אַז אין שטוב דרייט זיך אַרום יאַדזיע, ראַמט אָפּ דעם טיש, האָט די דרײַען ניט געאַרט. זי — אַן אָפּגעלאָזענע, שטענדיק פאַרהאַרעוועטע און זייער מיאוסע, ווי זי וואָלט ניט עקסיסטירט פאַר זיי... און יאַדזיע האָט מיט האַרצקלאַפּעניש נאָכגעפאָלגט דעם איבעררייד מיט פראַנאַסן. איצט האָט זי זיך אַרויסגעטראָגן פון שטוב און גלײַך צום קסיאָנדז. וועןביידע זענען געקומען צו לויפן, איז דער קנויט פון לאָמפּ געווען הויך אַרויפגעדרייט, און גאַר ליכטיק איז געווען אין שטוב. דער טיש — אָפּגערוקט, האָט באַפרײַט אַ שטח, ווו אויפן דיל האָט פראַנאַס זיך געראַנגלט מיט די, וואָס זענען אים באַפאַלן. דער קליינוווקסיקער האָט אים געהאַלטן פאַר די הענט, דער לאַנ־גאַטש — פאַר די פיס. און דער פאַסטעך, אַ זייער ערנסטער, האָט זיך פאַרנומען מיטן אַראָפּשלעפּן אים די הויזן.

— און דאָס, וואָס איז?! — האָט דלייבאַ אַזש אַ דונער געטאָן מיט אַ ניט קיין געוויינטלעכן קול פאַר אים.

די דרײַ באַפאַלערס האָבן אָפּגעלאָזט זייער קרבן און שולדיק שמייכלענ־דיק זיך אויפגעשטעלט.

— אַ שפּאַס, — האָט איינער פון זיי אַ בורטשע געטאָן.

— נאָך איין מאָל, פּרוווט אַזוי שפּאַסן! — האָט שטרענג געוואָרנט דלייבאַ. — פראַנאַס איז אַ שווער געליטענער. די באָלשעוויקעס האָבן צוגע־נומען דאָס פאַרמעגן פון זײַן משפחה און ער האָט קוים זיך געראַטעוועט פון סיביר. איצט ווילן די דײַטשן אים פאַרשלעפּן אויף אַרבעט קיין דײַטש־לאַנד. מיר, ליטווינער, דאַרפן זיך האַלטן איניק. גאָטס געבאָט איז צו העלפן אַ ליטווינער, אַ שווער געליטענעם, — האָט ער פאַטעטיש פאַרענדיקט, ווי ער וואָלט געררעדט צום עולם אין קאָשטשאָל.

— אַז ער גייט ניט אין באָד מיט אַלעמען... שעמט זיך... האָט ניט צו טאָן מיט קיין מוידן... מסתמא, אַ טומטום. ווילן מיר אַ קוק טאָן... — האָט דער פאַסטעך פאַרטיידיקט אַלעמען.

— כ׳קאָן אײַך פאַרזיכערן, אַז ער איז אַ מאַנצביל ווי איר אַלע. כ׳וואָרן, ווער ס׳וועט אָנרירן פראַנאַסן, וועט שלעכט ענדיקן! כ׳וועל עס ניט פאַר־טראָגן! ער איז מײַנער אַ קרוב! דאָס מאָל בין איך מוחל. ווי ס׳לערנט

אונדז גאָטס זון, יעזוס קריסטוס, געבענטשט איז זײַן נאָמען אויף אַלע אײביקייטן! און איצט — געגאַנגען שלאָפן! אַ גוטע נאַכט!

דער קסיאָנדז האָט ווי אָפּגעזאָגט זײַנע אַ דרשה און אַרויס.

אונטערשמייכלענדיק האָבן די דרײַ טומלערס זיך אַרויסגעשאַרט פון שטוב. זייערע האַלצזוילן האָבן אָוועקגעקלימפּערט צו דער שלאָפקאַמער צו.

פראַנאַס האָט פאַרלאָשן דעם לאָמפּ און געבליבן זיצן בײַם טיש, אײַנגעזונקען אין פינצטערניש.

יאַדזיע האָט זיך אויך געזעצט צום טיש.

אַ פרילינג־אָוונט האָט גלײַכגילטיק אַרײַנגעקוקט דורך צוויי פענצטערלעך און צוגעמישט צו דער פינצטערניש, וואָס אין שטוב, אַ גרויע מאַנדלביטערניש. די צוויי בײַם טיש האָבן פון איר ווי טועם געווען, און זי האָט נאָך האַרבער געמאַכט דעם סם־המוות, וואָס האָט געשאַרפּעט זייער קעל.

— גיי שלאָפן, יאַדזיע. כ'קום דיר אַ דאַנק, — האָט פראַנאַס אַראָפּגעשלונגען די ביטערניש און אָנגעטאָן זיך כּוח אַרויסצובערענגען אַ וואָרט. — איך בלײַב דאָ. וועל דאָ איבערנעכטיקן.

יאַדזיע האָט זיך צוגערוקט צו אים. אײַנגעוווינט זיך מתוודה צו זײַן אַזוי, אַז אירע ווערטער זאָלן חלילה צו קיין זײַטיקן ניט דערגיין, האָט זי פלוצעם גענומען אַרײַנשעפּטשען פראַנאַסן אין אויער, און אין ייִדיש:

— כ'בין אויך אַ ייִדישע... יוכבד... אַ געשמדטע... יאַדזיע... דו וואַשסט זיך יעדן טאָג, און איך, ווי זיי אַלע, נאָר פרײַטיק, ווען מען גייט זיך מתוודה זײַן... מוטשע זיך שוין באַלד צוויי יאָר. קען שוין אַלע זייערע פּאָוואַדקעס... מען דאַרף האָבן געדולד. דאָ וועלן מיר איבערלעבן. מען זאָגט, אַז די דײַטשן ליגן שוין גוט אין דר'ערד, וועט דער קסיאָנדז אונדז ראַטעווען. ער איז אַ גילגול פון אַ ייִדישער נשמה...

איר פאַרגרעבטע דלאָניע האָט זי פּאָרכטיק אַרויפגעלייגט אויף פראַנאַסעס צונויפגעפלאָכטענע פינגער פון בײדע הענט, וואָס ער האָט געהאַלטן אויפן טיש.

פראַנאַס האָט נימ רעאַגירט, געשטומט, ווי מסכּים זײַענדיק צו אַלץ, וואָס ווערט צו אים געזאָגט. דעם קאָפּ — אַראָפּגעלאָזט, די פּלייצעס — אַראָפּגעלאָזט, האָט ער אויסגעזען ווי איינער, וואָס אַ שווערע משׂא האַלט אים בײַם צעקוועטשן. האָט יאַדזיע דערשראָקן אַראָפּגעכאַפּט איר האַנט

פון זײַנע צונויפגעפלאָכטענע פינגער און געזוכט מיט עפּעס אים צו העלפן, מיט עפּעס צו טרייסטן. און געזאָגט האָט זי אין ליטוויש:

— זאָרג זיך ניט. כ׳האָב שטאַרקע הענט, כ׳ל דיר צעהאַקן ס׳האָלץ.

ביידע האָבן לאַנג געשוויגן. לאַנג האָט געדויערט ביז פּראַנאַס האָט איר געענטפערט:

— גיי שלאָפן, יאַדזיע. מען קאָן אונדז נאָך חושד זײַן...

## אויפן בוידעם

יאָ, די קאָמפּרעסן וואָס פּראַנאַס האָט איר אין משך פון אַ וואָך געלייגט צו די קני אויף בײַנאַכט, האָבן דער באַלעבאָסטע ווויל געטאָן: די קני בייגן זיך לײַכטער, די פּיס דינען איצט בעסער. ווי וועט זײַן אויב זי וועט פּרווון אַרויפקומען אויפן בוידעם? אַרויף גייט זיך לײַכטער. צי וועלן בײַם אַראָפּ־גיין די וויטיקן אין די קני ניט פאַרכאַפּן ס׳האַרץ ווי פריִער? אפשר איז פּראַנאַס גאָר ניט אַזאַ טויגענישט ווי זי האָט געהאַלטן, און גאָט אַליין האָט אים אַהער אַראָפּגעבראַכט?

שוין לאַנג חלשט זי אַרויפצוקומען אויפן בוידעם און כאַפּן אַ קוק, ווי ס׳האַלט דאָרטן מיט די וווּרשטן, מיט דער שינקע און מיטן געזאַלצענעם און גערייכערטן שפּעק, מיט די געזאַלצענע און געטריקנטע קעזן. צי הענגט אַלץ געהעריג אָפּגערוקט איינס פון צווייטן און קריגט דעם נייטיקן צוגווינט. און אויך צי מען פרעסט ניט אויף איבער דער מאָס פון אָט דעם גוטס, און ס׳בלײַבט אַ זאַפּאַס אויף אַ שוואַרצן טאָג. מען טאָר ניט פאַרגעסן, אַז ס׳איז קריגסצײַט, און ווער קאָן וויסן, וואָסער זאַוועריוכע עס שטייט דאָ נאָך פאָר. געוויס, אַ באַלעבאָטיש אויג איז נייטיק אין יעדן ווינקעלע. ווי דען, זיך פאַרלאָזן אויף איר ברודער, דעם שטענדיק אין מחשבות פאַרטראַכטענעם גאָטס דינער, וואָס טראַכט נאָר וועגן הייליקייטן; צי גאָר זיך פאַרלאָזן אויף עמיליען, דער פון ערגעץ אויסגעשריבענער פאַרשוין?

האָט זיך די פּולבלעכע באַלעבאָסטע גענומען אַרויפהייבן מיטן טרעפּ־לייטער. אַ שטיג אַרויף, נאָך אַ שטיג אַרויף, אָנהאַלטנדיק זיך אין פאַרענטש. ס׳גייט זיך גאָר נישקשה. מיט גאָטס הילף האָבן די קראַנקע פּיס אַרויפ־געהויבן איר שווערלעכן קערפּער אויפן בוידעם.

און אויבן? דאָס „מזל" האָט זיך צו ערשט אַ ביסל געחידושט: ס׳איז

ניט די צייט פון עמיליעס קומען. סיידן ער האָט די צייטמאָס פאַרלוירן. אָדער עפּעס אויסערגעוויינטלעכס איז געשען. האָט ער זיך אײַנגעהערט צו די פּאַמעלעכע, צו די אָפּגעהיטע טריט אויף די שטיגן און זיך אויפגעשטעלט, אָן אָנגעשפּיצטער.

— יעזוס־מאַריאַ! — האָט די באַלעבאָסטע דערזעענדיק אים אַרויס־געלאָזט אַ דומפּ געשריי.

— ניט שרעקן זיך! — איז דאָס „מייזל" אַרויס מיטן לשון. — ניט שרעקן זיך, איך — אַ ייִד.

— יעזוס־מאַריאַ, אַ ייִד! מענטשנס אומגליק, ווי קומסטו אַהער? שוין אַראָפּ פון דאַנען! און פון שטוב אַרויס, צרעת פון דער וועלט!

— אַראָפּגיין נאָר ביי נאַכט. איין מאָל אין וואָך, זיך אַרומצווואַשן. און נאָר ווען קסיאָנדז אַ צייכן גיט: טוק, טוק, טוק.

די באַלעבאָסטע איז אויפגעשפּרונגען ווי אַן אָפּגעבריטע, אָנגעקוקט מיט רציחה דאָס בחורל, וואָס אַנטקעגן איר — אין אַ היטל, אין אַ טונקעלער קורטקע, אין צעטראָמפּלטע הויזן. און דערזען אויף זיינע פיס איר ברודערס וואַרעמע שטעקשיך. און זי האָט די שטוב איבערגעקערט, זוכנדיק זיי. איז זי צו אים צוגעפאַלן:

— די שטעקשיך — אַהער! גנב, פאַרשאָלטענער!

דאָס בחורל האָט רויִק דערקלערט:

— ניט געגנבעט. דער קסיאָנדז געגעבן. די טריט, די טריט ניט הערן זיך.

די באַלעבאָסטע האָט געבראָכן מיט די הענט:

— גאָט, אַלמעכטיקער! די שטעקשיך אַהער און אַרויס פון שטוב! אומגליק פון דער וועלט, וואָס דו ביסט!

צוגעפאַלן צו אים, האָט זי אים גענומען שלעפּן צום אַראָפּגאַנג.

דאָס „מייזל" האָט זיך געוועדט. זיינע שוואַרצע אויגן האָבן געברענט מיט שרעק און עקשנות:

— ניט גיין! כ'ל ניט גיין! ניטאָ ווו!

דערהערט דעם טומל אויפן בוידעם, האָט דלייבאַ זיך האַסטיק אַהין אַרויפגעקליבן.

— און דאָס וואָס איז? — האָט ער אויסגערופן, דערזעענדיק ווי די באַלעבאָסטע שלעפּט דאָס „מייזל" פאַר אַן אַרבל.

ניט אַפּלאַזנדיק ס׳בחורל, האָט זי זיך צעשריִען צום ברודער:

— פון אומגליק וואָס דו האָלטסט בסוד אויפן בוידעם, וויל איך פטור ווערן! כ׳וויל לעבן, הערסט! מיר׳ן אַלע האָבן פּולייקיסעס סוף!

— יעדערנס סוף ווערט פעסטגעשטעלט דאָרטן! — האָט דלייבאַ פאַרכ־טיק אַ זאָג געטאָן, ווײַזנדיק מיט דער האַנט אויף אויבן.

— הער, אַ חצוף! — האָט די באַלעבאָסטע געשווימט: — ניט שרעקן זאָל איך זיך, זאָגט ער! האָט ניט מורא, זאָגט ער, כ׳בין אַ ייִד... ניט מער און ניט ווייניקער — אַ ייִד! אַ גליק מיט אים, ער איז אַ ייִד... די וואָרעמע שטעקשיך האָסטו אים אָפּגעגעבן און מיר געלאָזט זיך דרייען דעם קאָפּ, זוכן זיי... איצט וויים איך, ווער ס׳פּרעסט אַלץ אויף, דאָס גוטס אויפן בוי־דעם... ווי אַ שוואַרצער פּאַצוק...

— „מײַזל" הייס איך און כ׳ריר ניט קיין זאַך, — האָט זיך דאָס בחורל פאַרטיידיקט. — כ׳עס ניט חזיר. איך — אַ רבס אַ זון. מעגט מיך הרגענען, עס איך ניט. אָן חזיר קאָן לעבן... און ניט שטאַרבן.

— הער נאָר אַ ליטוויש! — האָט די באַלעבאָסטע אַרויסגעצישעט מיט גאַל. — בײַ אַ קסיאָנדז אין שטוב אַזוינס צו הערן, אַזוינס צו דערלעבן! סודות האַלטן פון אָן אייגענער שוועסטער! עמיליע ווייסט אַוודאי אַלץ, און איך טאָר ניט וויסן. — און אַרויסגעפּלאַצט האָט איר אויפוואָרף: — אַ קסיאָנדז, און אַ יונגע באַלעבאָסטע וויל ער זיך אײַנשאַפן, אַנשטאָט די שוועסטער! ניט אַזוי גיך! די קני זענען מיר בעסער!

— איז גוט, גוט, — האָט דלייבאַ געפּרוווט אַלץ פאַרגלעטן. — גלייב מיר...

נאָר די באַלעבאָסטע האָט ניט געלאָזט אים קומען צום וואָרט:

— כ׳וויל ניט! ער איז אַ ייִד. און מיר זענען ניט מחויב... זאָל ער גיין צו די זײַניקע! סט׳פאַרגעסן די שׂרפה בײַ יאַנקוסן? מיט אַלץ האָבן די פּויערים באַצאָלט. אָפּגעברענט...

— דאָס איז געווען בײַ יאַנקוסן...

— זאָל ער גיין צו זײַן גאָט! — האָט די באַלעבאָסטע אַ טופּע געטאָן מיטן פוס.

דלייבאַ איז געבליבן געדולדיק און מיט זײַן רויִקן טאָן געזוכט צו באַווירקן די שוועסטער:

— זייער גאָט... כ׳פאַרשטיי אַליין ניט, ווי ער קאָן אַזוי באַגיין זיך מיט די זיינינקע. דערקעגן, יעזוס, אונדזער אויסלייזער... זיינע יסורים! דער וואָס ליידט, איז חשובער פון אַזאַ, וואָס ווערט ניט געשטעלט פאַר אַ נסיון. יעזוס איז געקומען צו באַפרייען דעם מענטש פון זינד און אָנפילן אים מיט דער געטלעכער ליבע. די ליבע צום פאַרפאָלגטן, ווי יעזוס איז געווען פאַרפאָלגט...

— און מיטן ייִד וואָס טוט מען?! — האָט די באַלעבאָסטע ניט נאָכגעלאָזט.

— ער וועט דאָ בלייבן, — האָט געפּסקנט דלייבאַ, — ביז ער׳ט מעגן אָנקוקן די ליכטיקע שיין. דאָס איז אונדזער באַשערטקייט און יעזוס וועט אונדז אַלעמען באַשירעמען. דאָס „מזל״ וועט דאָ בלייבן... לאָך ניט, כ׳האָב געחלומט...

— חלומות וועסטו ברייען פאַר עמעצן אַנדערש, — האָט אים איבערגעהאַקט די באַלעבאָסטע. — ווײ, ווײ, ביעדעס אונדזערע גרויסע!

אָן אויפגערודערטע, מיט אָנגעצונדענע באַקן און אַן אויפגעקאָכט האַרץ האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזט מיט די שטיגן, כמעט ניט פילנדיק קיין ווייטיק אין די קני.

## אין סאַלאָן מיט יאַנקוסן

געזעסן זי אויף דער רעקאָלעקציע, איז פאַר יאַנקוסן געווען גענוג: עמיליע! איצט איז זי אין דער ריי! די גלחיש־קאַטוילישע סוטאַנע פאַרוועריט טאַקע צו האָבן אַ געזעצלעך ווייב. ווער פאַרווערט אָבער צו געניסן פון אומגעזעצלעכע ווייבער? יאַנקוס האָט זיך געמאַכט דעם דאָזיקן היתּר און געניסט, ניט טראַכטנדיק וואָס אויף יענער־וועלט דערוואַרט אים. ער האָלט פונעם פאָלקסווערטל, אַז בעסער אַ קאַטשקע אויפן טעלער, אײדער צען אין די הימלען. געניסט ער אויף דער אָ זינדיקער וועלט. ווען אַ קסיאָנדז ווערט צודרינגלעך, ווער וועט האָבן די העזה אים צו דערוויידערן? אמת, אין זיינע הענט פאַלט אַריין סחורה פון ניט קיין געהויבענעם סאָרט: אַלט־פאַרזעסענע מוידן, וואָס פרייען זיך, אַז אַ מאַנצביל איז זיך אויף זיי מרחם; פאַרהאָרעוועטע און פאַרזויערטע ווייבער, וואָס ווערן געשלאָגן פון זייערע שיכּורע מענער און זענען פול שינאה צו זיי; באַקלעמטע און פאַרחושכטע אַלמנות, וואָס דאַרפן האָבן טרייסט און ווערן אומבאַהאָלפן־פאַרלוירן בעת אַ קסיאָנדז

ווײַזט זיי אַרויס לאַסקעס... וואָס זענען אָבער זיי אַלע אין פאַרגלײַך מיט עמיליען? זי קומט אים צו חלום אין פּלערליי בעט־סיטואַציעס און נאָגט אויס זײַנע מאַנצבילשע זאַפטן. פון די בײַנאַכטיקע חלום־אַוואַנטורעס בלײַבט אים אויף מאָרגן אַ גאָר שלעכטער נאָכטעם, וואָס מען מוז אים פאַרגיסן מיט בראָנפן, און צווינגען טוט ער צו זוכן גענג און גענגעלעך, ווי אַרײַנצו־קריגן אין די אָרעמס אויף דער וואָר און ניט אין חלום די דאָזיקע מאכלדיקע ליאַלקע.

און אַוועק איז אַ סדרה פון זיינע באַזוכן ביי דלייבאַן. קיין אייגן געשעפט האָט ער ניט, פלעגט ער אויסניצן פאַרבײַפאָרנדיקע פויערשע פורלעך. און ווידער: וועט עמעצער זיך אָפּזאָגן אַרויפצונעמען אַ קסיאָנדז אויף זײַן פור, צופירן אים אַ שטיק וועג און טאַקע דערפירן צום אָרט, ווו ער וויל אָנקומען? און אַז ס׳פלעגט זיך ניט מאַכן אַזאַ געלעגנהייט, איז ער ניט געווען פויל, יאַנקוס, אַוועקצושפּאַנען צו פוס די זיבן קילאָמעטער ביז צום הויז, וואָס אונטער זײַן געבעלק געפינט זיך די ביז משוגעת שיינע און געוויס ביז משוגעת צאַפּלדיק־הייסע...

דער פרילינג האָט זיך געצײַטיקט און פאַרשמעקט מיטן זומער. די זון איז פון טאָג אַלץ העכער אַרויפגעקראָכן אויפן בלויען הימלפליין, האָט אַדורכגעוואַרעמט די ערד און אויסגעטריקנט די וועגן און שטעגן. בײַ אַ שיינעם וועטער, באַגלייט פון געדאַנק באַלוינט צו ווערן מיט עמיליעס אַ צוזאָגנדיקן בליק און אפשר, אפשר... אירע ליפּן, אירע אָרעמס, איר פּוכקע לײַב מוזן אַוודאי אַראָפּברענגען אַן אמתע הימלשע קיניגרײַך אויף דער ערד... איז דער שפּאַציר צו דלייבאַן געוואָרן פאַר יאַנקוסן אַ פאַרגע־ניגן, אָנגעלאָדן מיט זיסע דערוואַרטונגען. געוווּסט האָט ער אויך, אַז דער שפּאַציר וועט זיך פאַרענדיקן אין דלייבאַס סאַלאָן, בײַ אַ טישל לעבן דעם קסיאָנדזס פאָטערשטול, אַ געדעקט טישל מיט אַ גוטן צובײַס, מיט בראָנפן און מיט געלעגנהייטן צו זען עמיליען — אַ שײַנענדיקע, צערייטלטע, מיט צעטומלט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, בעת זי פלעגט דערפילן, אַז ער, יאַנקוס, פרעסט זיך אײַן מיט זײַנע אויגן אין איר פולבלעכן בוזעם. אין סאַלאָן פלעגט זי זיך באַווייזן אויף אַ ווײַל מיטן אַריינגעבראַכטן עסן און טרינקען, און האַסטיק אַרויספלאַטערן. ווו און ווי וועט ער ענדלעך בלײַבן מיט איר אויג אויף אויג?

— און געדאַרפט האָסטו אַזאַ עמיליע אַרײַננעמען אין שטוב ? — האָט געוואָרטשעט די באַלעבאָסטע. — כ׳קאָן שווערן, צוליב איר האָט זיך דאָ אײַנגעגנאַדזשיעט דײַן יאַנקוס, דער שיכּור, דער פּרעסער, דער ווײַבערניק...

— דער שמוציקער נפש... — האָט דלייבאַ דערגעבן, אַרומגייענדיק פּאַרטראַכט איבער דער שטוב. — רייד ווײַטער, שוועסטער : דער אין בלוט אָפּגעטונקטער... גיב אים ניט אַזוי גוט אָפּצועסן, שטעל אים ניט קיין בראָנפן צום טיש, וועט ער ניט קומען.

— כ׳שווער, עמיליע מאַניעט אים. ווען פלעגט ער זיך דאָ פריִער באַווײַזן ? בעת אַ רעקאָלעקציע, און שוין. אַלץ דײַן ווילטווערישקייט : אַן עלנט געבליבן ווײַבל פון אַ ליטווישן אָפיציר, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן אַרויסגעפירט... אַ צו שיינע איז זי, דאָס איז איר אומגליק און אונדזער צרה, — האָט געטענהט די באַלעבאָסטע.

און דלייבאַ האָט געמאַכט זיינע אויספירן :

— שיינקייט איז אַ גאָטזאַך. ווי אַ מענטש זאָל געבוירן ווערן, באַשטימט גאָט. און אַלץ איז אין זײַנע הענט. אויף דער זינדיקער ערד פּאָלסטו אַרײַן אין פאַרדרייעניִשן און מוזסט זיך פאַרמעסטן מיט זיי. צו מאָל אומגעוווּנטשענע, אומאָנגענעמע. נאָר שטענדיק זאָלסטו געדענקען, שוועסטער מײַנע, וואָס אין די הייליקע ביכער שטייט : „האָף צו גאָט און טו גערעכטיקייט, וועט דיך באַגלייטן זײַן בענטשונג״.

די באַלעבאָסטע האָט אים געלאָזט רעדן און אַרויס פון סאַלאָן אַ פאַרקרימטע.

מילא, יאַנקוסעס פרעסן און זויפן, דאָס קערט זיך אָן דער באַלעבאָסטע. אָן אָנגעטרונקענער, פלעגט ער אָפּבינדן זײַן שמוציקע צונג. און אויסהערן אים דעמאָלט איז פאַר דלייבאַן געווען אַן אמתע פּײַן.

דאָס מאָל זענען יאַנקוסעס דיבורים ניט געווען אַזוי האָפערדיק, ווי פריִער. ער איז מער ניט געווען זיכער אין היטלערס נצחון און געשטעלט אויף אַן אַנדער קאָרט : די ענגלענדער און אַמעריקאַנער ! זיי וועלן אָפּשליסן שלום מיט היטלערן און צוזאַמען מאַכן אַן ענד צום סאָוועטישן אומגליק. גאָט וועט ניט דערלאָזן, אַז די אַנטיקריסטן זאָלן מנצח זײַן. און אַזוי ווי די ענגלענדער און אַמעריקאַנער וועלן אַראָפּלאָזן זייערע דעסאַנטן אין די באַלטישע לענדער און ווערן דאָ די בעלי־בתּים, און אַזוי ווי רוזוועלט איז, ווי

מען רעדט, אַ מיטגליד פון אַ מאַסאַגען־לאָזשע, ס׳הייסט, אַ האַלבער ייִד, מוז אַלץ וואָס דאָ איז געשען מיט די ייִדן, בלײַבן אַ סוד. ס׳טאָרן קיין עדות ניט בלײַבן. ניט קיין לעבעדיקע, ניט קיין טויטע! אויך מיט די טויטע גיבן זיך שוין די דײַטשן אַן עצה — מען גראָבט זיי אויס און אויף שײַטערס פאַרברענט מען זיי. בלײַבט דאָס ביסל לעבעדיקע ייִדן. די וואָס זשיפּען נאָך הינטערן געטאָצוים, שיטערט מען אויס ביזן לעצטן. ערגער איז מיט די געלאָפענע — די וואָס דרייען זיך אַרום מיט ביקסן אין די וועלדער און די וואָס באַהאַלטן זיך בײַ ליטווינער...

אין זײַן פאָטערשטול האָט דלייבאָ צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, געלאָזט יאַנקוסן זויפן, פרעסן און ווײַטער מאַלן מיט דער צונג:

— און איצט וויל איך... קאָלעגע מײַנער, כ׳בין דיר אַ גוטער פרײַנד. מען רעדט, אַז דו העלפסט ייִדן. פון דער אַמבאַנע אַראָפּ הייסטו זיי העלפן. כ׳וואָרן דיך, ווייסט דאָך, די דײַטשן מאַכן קורצע צערעמאָניעס... שטעל זיך פאָר, דאָס דריטע יאָר ווי מען רייניקט אויס פון זיי די געגנט, קריכן ייִדן נאָך אַלץ אַרויס פון לעכער. די מעשׂה מיט דער לעבעדיק פאַרברענטער ייִדישער משפּחה אין אונדזער דאָרף, און ס׳ט אפשר געהערט, מען האָט געכאַפּט אין וועלדל לעבן אונדזער דאָרף, געכאַפּט דאָרטן אַ ייִד מיט זײַנעם אַ ייִנגל. לאַנג האָבן זיי אַרומגעוואָגלט, ניט צו רו געלאָזט די פּויערים: גיב זיי עסן, לאָז זיי איבערנעכטיקן אין אַ פּראָסט. פאַרפרוירענע, אָפּגעריי־סענע, אָפּגעשליסענע האָבן זיי זיך געמאַטערט און געשטעלט אין סכּנה אַנדערע. צו וואָס זאָלן לעבעדיקע באַשעפענישן זיך מאַטערן? פריִער צי שפּעטער מוזן זיי אַרײַנפאַלן. און וואָס פריִער, אַלץ בעסער. און אַלץ ווייניקער לעבעדיקע עדות...

יאַנקוס האָט זיך אָנגעגאָסן אַ פולן בעכער משקה:

— פאַר דײַן געזונט, קאָלעגע!

אויסגעטרונקען, אַרויסגעלאָזט אַ הנאה־קרעכץ, געוואָרט אַ ווײַלע, דער בראָנפן זאָל טאָן זײַן פּעולה, פאַרביסן מיט אַ שטיק שינקע און זויערן קרויט און ווידער גענומען מאָלן מיט דער צונג:

— פון דעסטוועגן וואָלט איך דיר געעצהט צו זײַן אָפּגעהיט בײַם פריידיקן. מען טאָר ניט אַרויפּברענגען קיין סכּנה אויף קריסטן. מיט די דײַטשן שפּאַסט מען ניט! אמת, ניט שטאַרק וואָזשנע זענען זייערע געשעפטן,

אָבער מיט די ייִדן און זייערע באַשיצערס וועלן זיי זיך ספּראַווען. און אַז ס׳וועלן קומען די ענגלענדער און אַמעריקאַנער... אין אונדזערע אינטערעסן מוזן מיר אַלץ טאָן, אַז די האָפענונג פונעם רעשט ייִדן צו בלייבן לעבן זאָל גאָרנישט ניט ווערט זײַן; אַז אָט דער רעשט זאָל בלײַבן הענגען אויפן האָק פון זייער האָפענונג, ווי פיש אויף ווענטקעס נאָכן אַרויסציִען זיי פון וואַסער... — ער האָט זיך צעכיכיקעט, אַ באַגײַסטערטער פונעם בילדערישן פאַרגלײַך, וואָס אים איז אײַנגעפאַלן. ניט דערפילט קיין רעאַקציע מצד זײַן מיטשמועסער, האָט יאַנקוס אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש: — וואָס שווײַגסטו, קאָלעגע?!

דלײַבאַ האָט אויפגעציטערט, דערנאָך דײַטלעך אויסגעבראַכט מיט אַ זינגעוודיקן טאָן פון אַ פּריידיקער:

— געוויס, ווי שטייט דאָרטן אין די פּסאַלמען: „וואָרעם גאָט מערקט דעם וועג פון די גערעכטע, און דער וועג פון די זינדיקע וועט אונטערגיין״.

יאַנקוסן זענען די אַ רייד ניט אָנגעגאַנגען. ער האָט אינטענסיוו פאַרביסן די אַרײַנגעקערטע גרויסע דאָזע אַלקאָהאָל מיט אַלץ, וואָס מען האָט דער־לאַנגט צום טיש. די גאָז, די באַקן, אַפילו דער ליסעקאָפּ זײַנער האָבן זיך רויט אָנגעצונדן און געגלאַנצט, ווי אײַנגעריבן מיט וואַקס. אַרבעטנדיק מיט די קינבאַקן, האָט ער אַרויסגעקוועטשט צווישן די ציין:

— ווו איז אַקאָרשט די דאָזיקע עמיליע פאַרשוווּנדן? וואָס ברענגט זי ניט דאָס נאָכגעריכט? עפּעס זיס׳ צום פאַרבײַסן...

**אינטערמעדיע אין געהעפט**

ניט דערוואַרט זיך אויף עמיליען אין סאַלאָן, האָט יאַנקוס געגומען זי זוכן. אין אַלע זײַנע אבֿרים האָט געיוירט דער אַלקאָהאָל און אַרויפגעשרויפט אַ טשאַד אין קאָפּ. די פאַרנעפּלטע וועלט האָט זיך געוויגט. ער — צוזאַמען מיט איר. און עמיליע איז געשטאַנען פאַר די אויגן — אַ צעוואַקלט־צעשווי־מענע, ווי אַ מלאך פון הימל, און אין גאַנצן אַ נאַקעטע. ס׳האָט אים געצויגן אין שלאָף, אין בעט אַרײַן, צוזאַמען מיטן מלאך...

דלייבאַ איז געבליבן צוגעוואַקסן צום פאָטערשטול. ער האָט אײַנגע־דרעמלט, אַ פאַרקלעמטער. באַלד וועט ער אָפּהאַלטן די אָוונט־מעסע. וועט זיך באַהעפטן מיט אַ העכערער מאַטעריע און אָפּוואַשן פון זיך דעם ברוד,

מיט וועלכן ער איז אָקערשט געקומען אין באַריר. שווימט ער דערוויַילע אַוועק אין וויַיטע, פאַרנעפּלטע ספערעס.

איבערגעלאָזט דלייבאַן אין סאַלאָן, פאַרגעסן אין אים, האָט יאַנקוס זיך גאָר דערשפּירט דאָ ווי אַ בן־בית. די שיכּרות האָט אים דערגעבן חוצפּה. ער מוז געפינען עמיליען! איז ער אַוועק איבער די צימערן זוכן די, וואָס ער האָט געמוזט געפינען. דער דיל האָט זיך געוואַקלט אונטער זיַינע פיס, און ער האָט ווי אַ שמייכלענדיקער קונצנמאַכער געשפּרייזט איבער אים. ניט געקומען אויף עמיליעס שפּור אין דער שטוב, האָט ער זיך אַרויסגעשאַרט אין דרויסן.

דער אָפּגעלעבטער טאָג האָט געהאַלטן אין גזעגענען זיך מיט דער וועלט און, ווי געבנדיק איר אַ לעצטן צערטל, געטאָן אַ ווייע מיט אַ גרוס פון צעבליטע לאָנקעס און נאָענטן סאָסנעוועלדל. יאַנקוס האָט זיך פאַרכלי־ניעט מיטן דאָזיקן חיות. די אויסגעזשליאָקעטע משקה, דאָס אַריַינבאַקומענע עסעכץ אין מאָגן האָט מען געדאַרפט פאַרדיַיען. איז ער געבליבן שטיין, אָפּגעגרעפּצט זיך, אָפּגעכאַפּט אָטעם. געוואַרט, געוואַרט, ביז די וועלט האָט אויפגעהערט זיך אַזוי צו וואַקלען און ליַיכטע כוואַליעס האָבן זי לאַשטשעוו־דיק גענומען גלעטן.

לאַנג איז יאַנקוס געשטאַנען אַ געפּלעפטער: אַלץ פאַרמאַגט דער דאָזי־קער דלייבאַ — האָב־און־גוטס און אַזאַ עמיליע! און ער, יאַנקוס, וואָס האָט ער האָט די האָפענונג... כּל־זמן היטלער רעגירט, וועט ער באַוויַיזן אַריַינ־צוקריגן דאָס אַלץ און אויך עמיליען! ער האָט זי לאַנג געזוכט מיט די אויגן. דער הונט אויף דער קייט האָט זיך צעבולן. זאָל ער! יאַנקוסן האָט אַן אימפּעט אַוועקגעטראָגן איבער אַלע ווינקעלעך פון געהעפט. ער איז געבליבן שטיין בײַם ברונעם און אויסגעזשליאָקעט אפשר אַ האַלבן עמער וואַסער. מיט אַן אָפּגעפרישטן קאָפּ דערקראָכן צום שטאַל מיט די אָפענע טויערן און אַריינ־געקוקט אין שיַיער. עד, אויפן היי מיט עמיליען! אַ גאַנצע נאַכט מיט איר, גייען אויס אַלע כּוחות אין דער העכסטער הנאה... בלויז געפינען זי! זוכעריש האָט ער אַרומגעקוקט זיך. די וועלט האָט כּמעט זיך אויפגעהערט צו וויגן און כּמעט זיך ניט געטוקט אין קיין טומאַן. דערזען די „משפּחה"־שטוב, האָט ער טראָט בײַ טראָט געלאָזט זיך אַהין. אפשר? און יאָ, יאָ, יאָ! דער בלאָנדער קאָפּ פונעם מלאך האָט אַ בלענד געטאָן אויפן גאַנעק און האָסטיק

פֿאַרשווונדן הינטער דער אַרײַנגאַנגס־טיר. באַמערקט אים? אַרײַן אינעווייניק מיט אַ כּוונה? לויטן שׂכל דאַרף איצט די „משפּחה״־שטוב זײַן ליידיק. אַלע אַרבעטן נאָך. מאַניעט אים עמיליע אַהינצו?

## אין דער „משפּחה״־שטוב מיט יאַנקוסן

ער האָט זי טאַקע געטראָפֿן אין דער ליידיקער שטוב. און דאָס האַרץ איז אים געבליבן שטיק. דער קאָפּ האָט זיך אויפֿגעהויבן הויך איבער די פּלייצעס.

— עמיליע! — האָט ער אַרויסגעבראַכט, באַהערשט פֿון העזהדיקער דרייסטקייט. — ענדלעך זענען מיר אַליין! ענדלעך קאָן איך דיר זאָגן... ענדלעך...

זי האָט אָפּגעפּראַלט אויף הינטערווײַלעכץ ביז צו דער וואַנט, און ער איז אויף איר אַרויף — אַ גרויסער, שוואַרצער, מיט אַ גלאַנציקן פּנים און אַ גלאַנציקן קאָפּ. ער האָט זי צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט, ווילד אײַנקלאַמערנ־דיק זיך מיטביידע דלאָניעס אין אירע בריסט. זי האָט זיך געצאַפּלט, זיך געוועדט. אַלץ אויף איר פּנים האָט געברענט, און די אויגן, אירע אויפֿגעַ־ריסענע גרויע אויגן האָבן זיך געצאַפּלט אין זייערע נעסטן.

— עמיליע, מײַנע כּוחות גייען אויס... פֿאַר וואָס ביסטו אַזאַ זיסע ליאַלקע? איך מוז, איך מוז... — האָט יאַנקוס געפּרײַכט און דאָס זײַערס פֿון ניט איבערגעקאָכטן היימישן בראָנפֿן האָט אַ זעץ געטאָן עמיליען אין נאָז. אין אירער אַ באַק האָבן זיך אײַנגעזויגן יאַנקוסעס נאַסע פּיאַווקע־ליפּן.

— קסיאָנדז! — האָט עמיליע אַרויסגעקוויטשעט און מיט די פֿויסטן גענומען שלאָגן, ווו געטראָפֿן.

— ניט קיין קסיאָנדז! איצט בין איך אַ מאַנצביל! האָב ניט מורא, אַ גוטער מאַנצביל! — מיט אַ קורצן אָטעם האָט ער גענומען אַרויסשטויסן זײַנע געמיינע רייד: — ליסע מענער זענען גוטע, שטאַרקע מענער! וועסט עפּעס אַזוינס בײַ מיר איבערלעבן, ווי בײַ קיינעם ניט! וועסט לאַכן, וויינען, שרײַען פֿון הנאה!

צוגעדריקט צו דער וואַנט דורך אַ פּרײַכנדיקן שוואַרצן באַרג, האָט עמיליע געריסן מיט די נעגל די שוואַרצקייט, וואָס האָט זי געהאַלטן אין איין צודעקן, געשטויסן מיט די פֿויסטן אינעם באַרג, וואָס האָט זיך אויף איר אַרויפֿגעוואַלגערט און געהאַלטן בײַם צושטיקן.

יאַנקוס האָט זי אַ רגע אָפּגעלאָזט, אַרומגעכאַפּט איר טאַליע און גענומען שלעפּן צו אַ טיר אין דער טיף פֿון שטוב.

— יעזוס־מאַריאַ! — האָט זיך צעשריִען עמיליע. — ראַטעוועט!

— וואָס איז? — האָט שטרענג אויפֿגעקלונגען דאָס האַרטע קול פֿון גאַטס אַ דינער. — מענטשן וועלן זיך צונויפֿלויפֿן. ווילסט פֿאַרשעמען אַ קסיאָנדז?

— כ'וויל קיינעם ניט פֿאַרשעמען, קיינעם ניט! — האָט אַ צענומענע געמורמלט עמיליע. — לאָזט מיך אָפּ, בלויז לאָזט מיך אָפּ...

איר ניט פּערפֿעקטע אויסשפּראַך, דער אָפּגעטעמפּטער „ר" פֿון אַ פּאַר־דײַטשטער ליטווינערין האָבן אים גאָר משוגע געמאַכט. ער ווייסט, ער מוז... און ווי ער האָט זיך אויף ס'נײַ און ווייער דעצידירט פֿאַרמאָסטן אויף איר, האָבן זיך צעפּויקט אַנקומענדיקע טריט פֿון שטעקשיך אויף האָלצזוילן. יאַנ־קוס האָט אַרויסגעלאָזט פֿון די אָרעמס זײַן פֿאַנג.

אין שטוב איז אַרײַן פֿראַנאַס. נאָך אים — די אַנדערע צוויי אַרבעטערס.

אין ערשטן אַרײַנגעקומענעם וואָס האָט צעשטערט אַלע זיינע האַניק זיסע פּלענער, האָט יאַנקוס אַריינגעלאָזט אַ בליק, פֿול רציחה. ער וואָלט אים געפּלעט דעם שאַרבן, צעריסן אויף פּיצלעך, אַרײַנגעלאָזט אַ קויל אין קאָפּ. די אויפֿגעקאָכטע יוכע האָט באַלד פֿאַרביטן חשדפֿולע פֿאַרוווּנדערונג. עפּעס אַ קענטלעכער פֿאַרשוין. ערגעץ געזען, ערגעץ געטראָפֿן, ערגעץ... הויך, שטאַלטנע, אַ טשופּרינע ברוינלעכע האָר...

— קסיאָנדז, — האָט עמיליע געזוכט אַרויסצופֿירן יאַנקוסן פֿון פֿאַר־לעגנהייט. — ווי איר זעט, איז אויך אונדזער „משפּחה"־שטוב ווויל אײַנ־געאָרדנט. גוטע בעלי־בתּים האָבן מיר, געניסט שוין די גאַנצע „משפּחה".

— איך זע, איך זע. גאָטס בענטשונג רוט בײַ אײַך אויף אַלץ און אויף אַלעמען, — האָט יאַנקוס געפּונען עפּעס אָפּצוענטפֿערן.

ביידע — צו ערשט ער, נאָך אים עמיליע — זענען רויִק אַרויס פֿון שטוב, באַגלייט פֿון פֿאַרחידושטע בליקן פֿון די אַרײַנגעקומענע.

## אינטערמעדיע אין דרויסן

די בהמות האָבן פֿויל זיך צוריקגעקערט פֿון דער פּאַשע. די מעלקערין האָט מיט עמערס שוין געוואַרט אויף זיי.

— קסיאַנדז, איר וועט טרינקען פרישע מילך פון קו?

— אויב וועסט קומען ביי נאַכט אויפן היי אין שייער. ס׳איז אַ וואַרעמע נאַכט, אַ ראָמאַנטישע, ווי מען רופט עס. וועסטו חלומען ביי מיר אויף דער וואָר. כ׳האָב דיר שוין געזאָגט, כ׳בין אַ גוטער מאַנצביל.

ער זאָל ניט מאַכן זיך קיין אילוזיעס, האָט עמיליע אים גלייכגילטיק געענטפערט:

— קסיאַנדז, כ׳וועל ניט קומען.

און אַלץ מער האָט זי באַטאָנט דאָס וואָרט „קסיאַנדז״.

— קסיאַנדז, איך בין אַ גלייביקע. גאָט וועט שטראָפן. צוליב אַ מינוט פאַרגעניגן וויל איך ניט פאַרלירן דאָס אייביקע לעבן...

און דערמאָנט האָט זי זיך אין דער באַלעבאָסטעס עטלעכע מאָל איבער־געהזרטער, בייז סקריפּענדיקער וואָרענונג: „קלײדלעך טו ניט אָן, צוגע־פּרעסטע צום לייב. וועלן דיינע ווייבערישע אַנטיקן ניט אַרויסשפּאַרן און ניט מאַניען קיין מענערשע הענט!״

— ווער איז ער, דער דאָזיקער הויכער מיט די ברוינלעכע האָר, דער דאָזיקער?.. — האָט יאַנקוס אַרויסגעבראַכט די פראַגע, וואָס האָט אים ניט אָפּגעלאָזט.

— אַן אַרבעטער.

— פון ווען אַן? עפּעס אַ קענטלעכער מיר...

— שוין לאַנג. דלייבאַס אַ קרוב... — עמיליע האָט דערפילט, אַז מיינענ־דיק גוט, האָט זי זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַן איבעריק וואָרט. — קסיאַנדז, איר וועט טרינקען פרישע מילך פון דער קו?

דער קאָשטשאָלגלאָק האָט גערופן צו דער אָוונט־מעסע.

### אויף דער וועראַנדע

אַ וואַרעמער, אַ לויטערער אינדערפרי פון ערב־זומער. נאָך דער פרימאָרגן־מעסע האָט דלייבאַ ליב אין אַזאַ וועטער צו עסן פרישטיק אויף דער וועראַנדע פון זיין שטוב, איינגעמאָסטעט אין אַ געפלאָכטענעם אָנלענשטול; האָט ליב אַרויסצוקוקן דורך די ברייט פונאַנדערגערוקטע פענצטער און זען, ווי די זון פילט אָן די לופט מיט אַ ברושטינענער שיין און פילן, ווי מלאכים שמייכלען הערנדיק די פייגעלעך אויסצוויטשערן אַ לויב צום באַשאַפער.

„עך, ווען מענטשן פֿאַרפּאַסקודיען ניט גאָטס שיינע וועלט” — האָט דלייבאַ געטאָן אַ קלער, דערזעענדיק אָנקומען דאָס ניבזהדיקע געשטאַלט אין דער שוואַרצער גלחישער סוטאַנע, דערזעענדיק יאַנקוסן. און וואָס זוכט ער דאָ אַזוי פֿרי ?

— אַ שיינעם גוט־מאָרגן, קאָלעגע, — איז דער אורח האָפֿערדיק אַרויף אויף דער וועראַנדע, דערלאַנגט דלייבאָן אַ פֿײַכטלעכע האַנט און לאַנג געדריקט זײַנע. — געמאַכט האָט זיך אַ געלעגנהייט. ווי ניצט מען ניט אויס אַ געלעגנהייט צו קומען צו אַ גוטן פֿרײַנד ? אין אַזאַ וועטער דערצו !

— געגריסט זאָלן זײַן גוטע פֿרײַנד אין זייער קומען ! — האָט דלייבאַ דעליקאַט געענטפֿערט און אויסגערופֿן : — עמיליע, אַ גאַסט צום פֿרישטיק !

עמיליע איז דערשטוינט געבליבן שטיין אין דער טיר אָבער באַלד צוגעשמייכלט צום גאַסט, ווי קיין זאַך וואָלט ניט האָבן צווישן זיי נעכטן פּאַסירט :

— שוין, כ׳ברענג ס׳געשיר, גאָפּל־מעסער.

— און אויך עפּעס שאַרפֿס אויסצוטרינקען. ווי איך וויס, האַלט ניט מײַן קאָלעגע דערפֿון, — האָט יאַנקוס דערגעבן, וווּליוונגעריש צווינקענדיק צו דער, וואָס בלויז בײַם אָנקוקן זי קערט זיך אין אים אַלץ איבער. זיכער איז ער איצט, אַז זײַנע באַמיִונגען טראָגן פּרוכט. דער מלאך האָט אים צוגעשמייכלט. און אַז ער וועט נאָך שטאַרקער אָנגרײַפֿן מיט די צוגעגרייטע מיטלען...

אויסגעטרונקען און גוט צוגעביסן, אָפּשיטנדיק מיט קאָמפּלימענטן דלייבאַס באַלעבאַסטע, דאָס געראָטן צוגעקליבענע צימער־מיידל, איז ער אַרויס מיט דער סיבה פֿון זײַן דאָסמאָליק אומדערוואַרט קומען :

— כ׳וויל, קאָלעגע, זאָלסט וויסן. כ׳בין אויסן דײַן טובה און דײַן וווּיל. פֿאַרגעס ניט, אַז ס׳איז קריג און אַז די דײַטשן, און נאָר זיי... דערווײַלע, נאָר זיי האָבן צו באַשטימען. אין דער לעצטער מינוט וועלן זיי זיך געבן די הענט — די דײַטשן, ענגלענדער און אַמעריקאַנער. וועלן פֿאַרשטעלן דעם וועג פֿאַר די גאָטלאָזע באָלשעוויקעס. כ׳פֿאַרלאָז זיך אויף טשערטשילס שׂכל, אויף רוזוועלטס יושר און אויפֿן דײַטשישן כּוח. ווי ס׳זאָל ניט זײַן, קיין איין ייִד טאָר ניט בלײַבן ! צו וואָס לעבעדיקע עדות ? זיי וועלן דערציילן, שרײַבן אין די גאַזעטן און אפֿשר גאַנצענע ביכער אָנטערכען. צו וואָס

מאַנערס? זיי װעלן דערזען בײַ עמעצן זייערע טישן און שטולן, זייערע בעטן און שאַפעס, זייער געשיר און אָנטועכץ... אַ זייגערל, אַ רינגעלע, אַ מע־דאַליאָן...

ער האָט איצט געלאָזט רוען גאָפּל־מעסער, צוגעבויגן זיך צום מכניס־אורח און מיט אַ קענטיקער שאָדנפרייד אײַנגערוימט אים אַ סוד:

— דערזען נעכטן בײַ דיר אַן אַרבעטער אין דער „משפחה", דעם הויכן מיט דער טשופּרינע ברוינלעכע האָר. אַן אַרבעטער כּלומרשט בײַ דיר. זײַ װיסן, ס'איז אַ פאַרשטעלטער ייִד!

— װאָס?! — האָט דלייבאַ אויף אַן אמתן אויפגעצאַפּלט.

— יאָ, יאָ, — איז יאַנקוס געװען צופרידן פון דער דאָזיקער רעאַקציע און זיך אָװעקגעלאָזט דערציילן, װי אַלץ האָט פּאַסירט: — דערזען אים, איז מיר באַלד אויסגעקומען, אַז ס'פּנים איז מיר קענטלעך. אויפן אָרט ניט געקאָנט זיך כאַפּן. געטראַכט, געלייגט זיך שלאָפן טראַכטנדיק. ערשט הײַנט באַגינען שיסט מיר אַרײַן אין קאָפּ: ס'איז ער! כ'שװער בײַ אַלע הייליקע, ס'איז דער דאָקטער פון שטאָטישן רויטן־קרייץ־שפּיטאָל. פאַרן קריג האָב איך אַריינגעכאַפּט אַ מאָגן־פאַרגיפטיקונג. געהאַלטן בײַם שטאַרבן. האָט מען מיך פון דאָרף אַהין אַװעקגעפירט. און װי דו זעסט, געראַטעװעט. טאַקע ער האָט זיך אַרום מיר געפּאָרעט. ס'אַ ייִד! אַ דאָקטער! טו אַ קאָנטראָליר זײַנע דאָקומענטן. מען קאָן אויך אַ קאָנטראָליר טאָן דעם דאָקומענט, װעלכן מען שטעלט אויס ייִדן אויפן זיבעטן טאָג פון געבוירן...

יאַנקוס האָט זיך צעכאָכאָטשעט. דלייבאַ האָט פון װעגן העפלעכקייט צוגעשמייכלט.

אָפּגעהאַקט ס'לאַכן האָט יאַנקוס װידער זיך אָװעקגעלאָזט:

— פאַרשטייסט, װי ס'זאָל ניט אויספאַלן דער סוף, כ'מיין, דער אויס־גאַנג פון קריג, דעם ייִדישן ראָק מוזן מיר אויסשנײַדן מיטן װאָרצל! ס'אַ היסטאָרישע געלעגנהייט!

אויסגעזופּט אַ נײַע פאַרציע משקה, האָט ער זיך פאַסמאַקעװעט און װײַטער געסדרט מיט אַן אויפגעשרויפטן קוראַזש:

— די ייִדעלעך, אַהאַ, פאַרשטייען זיי זיך צו מאַסקירן און צו אַנטלויפן פון דער פאַרדינטער שטראָף! און קיינער טאָר פון זיי ניט בלײַבן! קיינער ניט! צו װאָס זאָלן זיי אונדז באַשמוצן? און אַז מיר האָבן צוליב נאַציאָנאַלע

אינטערעסן געהאַלפֿן די דײַטשן, איז וואָס? דו ביסט כיטרע, האָסט זיך באַלד געשטעלט אין אַ זײַט. כ'וועל ניט פֿאַרגעסן, ווי ביסט געקומען בעטן מיך, ניט צו שיסן די ייִדן. געוויס, יעזוס, אונדזער האַר, פֿריידיקט באַרעמ־האַרציקייט. פֿיאַוווקעס און קאָמוניסטן — אויף זיי טאָר מען אָבער קיין רחמנות ניט האָבן! זיי האָבן אונדזער גאָט געקרייציקט און זיך אויסגעשלאָסן פֿון מענטשלעכן מין! געוויס, ס'איז גוט, וואָס די דײַטשן רוען ניט. די באַהאַלטענע און פֿאַרשטעלטע פֿאַר קריסטן מיט געפֿעלשטע דאָקומענטן כאַפּן זיי צונויף. מיין ניט, אַז בײַ אַ קסיאָנדז וועט מען ניט קומען זוכן...

אין אַ צימער וואָס זײַנער אַ פֿענצטער איז אַרויס אויף דער וועראַנדע, האָט עמיל'ע בכוונה זיך פֿאַרנומען מיטן אַראָפּווישן שטויב פֿונעם מעבל און, ניט קיין געזעענע פֿון קיינעם, זיך צוגעהערט צו די שרעקלעכע דיבורים פֿונעם גאַסט.

אַ גוט אויפֿגעלייגטער, האָט יאַנקוס באַקוועם זיך אײַנגעאָרדנט אין אַ געפֿלאָכטענעם שטול, פֿונאַנדערגעשפּיליעט די סוטאַנע, אַרײַנגעקערט נאָך אַ גלאָז פֿונעם ביטערן טראָפּן און פֿאַרזופּט דאָס עסן מיט אַ טעפּל שטאַרקע קאַווע, און ווײַטער אַלץ גערעדט, גערעדט:

— זאָג אַ דאַנק, קאַלעגע, וואָס כ'האָב דיך געוואָרנט. כ'בין דיר אַ גוטער פֿרײַנד. כ'זאָג דעם אמת: ווו וועל איך געפֿינען נאָך אַזאַ ברייטהאַרציקן גאַסטגעבער און ליבע מענטשן און אַזאַ, אַזאַ, כ'זאָג דעם אמת — עמיליע... זאָג, אין בעט מוז זי זײַן גאָר אַן אויסנעם...

דלייבאַן האָט עס געהויבן פֿון אָרט. שווער געווען צו הערן די האַדקע דיבורים פֿונעם אָנגעשיכּורטן שמוציקן אוממענטש. האָט ער געפּרוווט אים אָפּשטעלן:

— קאַלעגע, מיר טראָגן סוטאַנעס...

יאַנקוס האָט געלאַכט, פֿאַרגלאָצט די קליינע אייגעלעך און אומגעקערט זיך צום ענין, וואָס האָט זיך געהאַט אָפּגעזעצט בײַ אים אויף דער לונג, און די צונג האָט עס איצט אַרויסגעבראַכט:

— ביסט פֿאָרט ניט אָפּגעהיט. כ'בין דיר אַ גוטער פֿריינד און וואָרן דיך! ווען דו פֿריידיקסט... און די מענטשן וואָס דו נעמסט אָן... אַ, יאָ, יאָ, זיך דערמאָנט: עמיליע זאָגט, ער איז דיינער אַ קרוב, דער דאָזיקער ברויני־האָריקער... אמת?

אַ רגע אָנגעקוקט דעם מאָדנע שוויַיגנדיקן בעל־הבית, האָט יאַנקוס שאָדנפריידיק אָנגעגריפן:

— אויב ס'איז ניט אַזוי... איכ'ל שוין זאָרגן, זאָלסט פּטור ווערן... מירן פאַרענדיקן מיט אַלע אַנשיקעניַשן קליפּ־און־קלאַפּ... און ס'טהאָבן אַ רויִקן קאָפּ... היַינט, ביַי אַזאַ וועטער וויל איך אויסניצן דיַין גאַסטפריַינד־לעכקייט און פראַוווען דאָ דאַטשע אַ גאַנצן טאָג. שלאָפן ווילט זיך. שלעכט געשלאָפן די נאַכט. אַלץ געוואָלט זיך דערמאָנען, ווו כ'האָב אים געזען... כ'וועל זיך צושפּאַרן אויף דער סאָפע אין דיַין סאַלאָן...

ער האָט זיך שווער אויפגעהויבן, שווער פאַרלאָזט די וועראַנדע — אויף וואַקלדיקע פיס און אין אַ פאַרטשאַדעטער וועלט...

דלייבאַ איז פאַרשטאַרט געבליבן זיצן אין געפלאָכטענעם שטול. אויך ער האָט געוואָלט איַינשלאָפן. אויף לאַנג איַינשלאָפן און אַרויסגליטשן זיך פון אונטערן מאוימדיק דריקנדיקן וואָלקן, וואָס האָט זיך אַרויפגעשאַרט אויפן לויטערן הימל מיט שטורעם־צייכנס אין זיַין איַינגעווייד.

## אין קיך

אויפגעכאַפּט זיך אין סאַלאָן אויף דער גוט געפעדערטער פּליושענער סאָפע, איז יאַנקוס לאַנג געלעגן מיטן פּנים אַרויף און געפּריַיכט ווי נאָך אַן אויס־מאַטערנדיקן אָנשטרענג. דער שמועס אויף דער וועראַנדע איז אים פּלוצעם אַרויף אויפן זינען. וואָס האָט ער דאָרטן אָנגעבריַיעט, אַריַינגייענדיק אין געשמאַק פון עסן און טרינקען? צו וואָס איז ער געווען אָפּנהאַרציק? צו וואָס אים וואָרענען? דלייבאַן דאַרף מען דערלאַנגען אַ טערעבעניץ איבערן קאָפּ, ער זאָל ניט קומען צו זיך, און פאַרענדיקן מיט אים... אַלץ צוליבן גוט אָפּעסן, צוליב אַ קאַטשקע אויפן טעלער... און צוליב עמיליען מאַכט ער לאַנגע צערעמאָניעס.

דורך די פאַרצויגענע פאַרטיערן האָט זיך געסאָטשעט אַ מילד געדעמפּטע ליכט און פאַרגלעט אַלע פאַרדראָסן און דאגות. לעבן מוז מען דערוויַילע מיט דער קאַטשקע אויפן טעלער און אָנסטרויען זיך אויף גאָר־גאָר נײַע צײַטן! איצט האָט זיך אים בלויז געוואָלט מיט עפּעס פאַרטרינקען דעם אַריַינגעכאַפּטן ביַיטאָגיקן דרעמל, די זעט, מיט וועלכער דער באַטעמטער פרישטיק האָט אָנגעגאָסן אַלע זיַינע אבֿרים; פאַרזופּן מיט אַ האַרבן געטראַנק

די נאָכווייענישן פונעם אַלקאָהאָל, און ווען מען קריגט נאָך אַרײַן אין די אָרעמס אַזאַ עמיליע...

ער איז אויפגעשטאַנען, אַרײַנגעקראָכן ווידער אין דער סוטאַנע, אַדורכ־געשפּאַנט עטלעכע מאָל דעם סאַלאָן היין און צוריק, פונאַנדערגעצויגן די הענט, באַוועגט די פאַרשטײַפטע גלידער. איידער ער וועט זיך לאָזן זוכן עמיליען, מוז ער זײַן פריש און מונטער, ווי אַ יונג לאַשעקל... זי האָט אים אין דער פרי צוגעשמייכלט. גוט, וואָס ער האָט פאַר איר די מתּנה! געפינען בלויז די געהעריקע געלעגנהייט. ער מוז אויך נאָך אַ מאָל אָנקוקן דעם הויכן מיט די ברוינלעכע האָר און זיך איבערצײַגן... אַ סך ענינים האָט ער הײַנט צו פאַרענדיקן.

דלייבאָן האָט ער אין שטוב ניט געטראָפן. מסתּמא אַוועקגעשלעפּט זיך איבער זײַן בעל־הבתּישקייט. אויך די באַלעבאָסטע האָט ער ניט געטראָפן. ווייניק עסקים פאַראַן אין סאַמע ברען פון די אַרבעטן ערבֿ זומער?

ניטאָ קיינער, האָט ער פרײַ אַרומגענישטערט אין די צימערן, אַרײַנ־געשטעקט די נאָז אין קיך און געטראָפן! געטראָפן עמיליען בײַם גרייטן ס׳מיטאָג־עסן. אָ, גאָט, איינער אַליין מיט איר! אַ ווײַס טיכל אויף בלאָנדע קרויזן האָט צוגעגעבן טויזנט חנען איר פּנימל. און איר פולער בוזעם אונטערן שירץ! ער האָט קוים אײַנגעהאַמעוועט די גלוסטונג, וואָס האָט אָנגעצונדן זײַנע דלאָניעס.

— פאַרשמעקסט די שטוב, ליאַלקע! — האָט יאַנקוס אַרויסגעבראַכט מיט אַ פאָרכט פון אַ יונג־פאַרליבטן. — און זע, ווי דו ליגסט מיר אין זינען.

אַרויסגענומען האָט ער פון קעשענע אַ גאָלדענעם מעדאַליאָן אויף אַ גאָלדן קייטל און עס אויפגעהויבן צו איר, זי זאָל עס גוט קאָנען באַטראַכטן.

— קיין צלמל טראָגסטו ניט. וועט דער מעדאַליאָן באַשײַנען דײַן האַלדז, דײַן דעקאָלטע און דאָס כּישוף־שטעגעלע צווישן די צוויי בערגלעך, מיט וועלכע מענער לאָבן זיך.

— אָ, ניין, ניין! — האָט עמיליע אויפגעציטערט.

— ס׳אַ געשאַנק מיט אַ פאַרבאָרגענעם מיין, — האָט יאַנקוס אָנגעטאָן אין עפּעס סודותדיקס זײַן קול. — מיט דיר וועל איך זײַן אָפנהאַרציק. וויסן זאָלסטו, אַז אַ שלעכטן ענד וועט האָבן דײַן איצטיקער בעל־הבית. פאַר זײַן לאַנגער צונג וועט מען אים ניט שאַנעווען. און אויך פאַרן אויסבאַהאַלטן

ייִדן! דאָס האָט ער דיר געזאָגט, אַז דער הויכער מיט די ברוינלעכע האָר איז זײַנער אַ קרוב. ס'אַ ליגן! אַ ייִדישער דאָקטער איז ער! כ'דאַרף די זאַך נאָך אַ ביסל אויספאָרשן, צו זײַן זיכער. און צוגרייטן אַלץ מיט האַנט־און־פוס...

עמיליע איז אַלץ אָפּגעטראָטן פונעם מעדאַליאָן, וועלכן אַ העלהאָריקע מענערהאַנט האָט געהאַלטן אויפגעהויבן פאַר אירע אויגן. יאַנקוס האָט אַזש אויפגעלעבט, אויסמאָלנדיק פאַר זיך און עמיליען אַ קייט געגאַרטע פאַר־לויפּעניש:

— פאַרן פלאַפּלען און פאַרן אויסבאַהאַלטן ייִדן וועט מען דלייבאַן מאַכן אין אָרדענונג און זײַן פאַרמעגן קאָנפיסקירן. מיך, מיך וועט מען אויף זײַן פלאַץ באַשטימען! אַהאַ, מײַנע פאַרדינסטן! כ'וועל אַ טאָפּעלן געהאַלט דיר צאָלן. וועסט אַ פינגער אין קאַלט וואַסער ניט דאַרפן אַרײַנטאָן. דעם הימל אויף דער ערד וועסטו בײַ מיר האָבן! אַ קאַפּעלע געדולד, ביז אַלץ וועט זיך אויסקאָכן. אָבער שוין ביז יענער שיינער צײַט קאָנען מיר געניסן פון לעבן. און טאַקע ניט אָפּלייגן אויף מאָרגן. ווי זאָגט מען עס — מאָרגן וועט גאָט זאָרגן, הײַנט — געניסט, מײַנע פרײַנד!

ער האָט געגענט צו איר — אַ שוואַרצע כמאַרע מיט אַ גלאַנציק רויטלעך פּנים און אײַנגעפאַלענע באַקן, מיט שטעכיקע, טיף אין גריבער אַרײַנגע־זעצטע אייגלעך און אַ גלאַנציקן שאַרבן. אַ פריקרער ריח פון שווייס האָט באַגלייט צוויי תּאוודיקע מענערשע הענט.

— גײַסטיקער פאָטער, כ'האָב מורא פאַר יענער־וועלט. און איר, איר...

— איז עמיליע געשטאַנען אַ פאַרלוירענע און געמורמלט: — כ'וויל ניט, כ'וויל אײַך ניט ברענגען צו קיין זינד...

— אַ זינד איז צו פאַרשפּילן די הנאה פון לעבן! און זאָג צו מיר — דו!

— קסיאָנדז! מען גייט!

ס'האָבן זיך דערהערט פאַמעלעכע, שווערע טריט.

— די באַלעבאָסטע! — האָט עמיליע געוואָרנט, אויפצאַפּלענדיק פון אַן אינערלעכער פרייד.

יאַנקוס האָט פאַרן צוריקציִען זיך באַוויזן איר אַרײַנצושטעקן אין בוזעם דעם מעדאַליאָן, און ס'בלוט האָט אים אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ. צום טײַוול, שטענדיק מישט זיך עמעצער אַרײַן!

ס׳איז טאַקע געווען די באַלעבאָסטע, און ער האָט, ווײליונגעריש אויפ־געלייגט, זיך אויסגעקערעוועט צו איר:

— אײַער מיטאָג האָט פאַרשמעקט די שטוב. בין איך אַרײַן געוויר וערן, ווי ס׳האַלט מיט די פּאַטראַוועס.

— באַלד, באַלד, — האָט די באַלעבאָסטע אַ בורטשע געטאָן.

און אַז יאַנקוס האָט נאָך געהאַלטן די קליאַמקע פון טיר, האָט זי זיך ניט אײַנגעהאַלטן און בייז אַרויסגעקוועטשט פון זיך:

— גאָר אַן אַנדערע פּאַטראַוועס האָט דער נואפניק געזוכט אין קיך! און דערגעבן, בייז אַ שיקל טוענדיק אויף עמיליען:

— אַן אומגליק, דײַן פּנימל, דײַן אויסזען, דער ווײַבערשער „קום אַהער״...

## אינטערמעדיע מיט עמיליען

זשעדנע אָפּגעפרעסן דעם געשמאַקן מיטאָג, ניט אויפהערנדיק אַריינצוגיסן אין זיך דעם ביטערן טראָפּן, האָט יאַנקוס, אָן עמעצן צו פרעגן, ווידער אַנידערגעוואַלגערט זיך אויף דער סאָפע אין סאַלאָן. באַלד האָט זײַן כראָפּען זיך געטראָגן דורך די געעפנטע פענצטער און אַפילו אַדורכגעדרונגען די דיקע אַריינגאַנגס־טיר אַהין.

אָפּגעגעבן דאָס מיטאָג־עסן, האָט עמיליע, ווי אָפּגעכאַפּט אָטעם. געקאָנט אָפּכאַפּן אָטעם, קוים כראָפּעט דער ניט־גוטער. זענען אויפגעקומען אירע שווערע טענות צו זיך: זי, אין אַלץ איז זי שולדיק! איר פאַרשאָלטן „גוט אויסזען״! גאָט, צו וואָס דאַרף אַ ייִדישקע גוט אויסזען אין אַזעלכע צײַטן? אַ פאַרוועלעניש צו בלײַבן לעבן אַ דאַנק דעם „גוטן אויסזען״ און אַרויפ־ברענגען טויט־סכּנות אויף אַנדערע — דער קסיאָנדז, פּראַנאַס... אויך ס׳אָרע־מע, אומבאַהאָלפן אויסגעבאַהאַלטענע „מײַזל״. און אויך יאַדזיע, ווי פּראַנאַס האָט איר פאַרטרויט, איז אַ ייִדישע. און די „נײַע״... אויך מיט אַ „גוט אויס־זען״, מיט אַ גוטער אויסשפּראַך, נאָר אַ זייער צעשראָקענע און צעבראָכענע. ערשט נעכטן אַרײַנגעשריבן זי אינעם רעיעסטער־בוך פון די געקריסטיקטע... דער קסיאָנדז, די הייליקע נשמה, מאַכט זיך ניט קיין אילוזיעס און זאָגט, אַז די דאָזיקע דאָקומענטן זענען גוט, ביז מען טוט זיי אַ קאָנטראָליר... און האַלטן האַלט ער, אַז ס׳איז שוין אַלץ איינס, צי מען געפינט אין ייִד, צי

גאַנצע פינף. די זעלבע שטראָף... און געשמייכלט האָט ער, אַנשטאָט צו זײַן באַזאָרגט, מחמת לאַנג, מיינט ער, וועט עס שוין ניט געדויערן... פאַר דער באַלעבאָסטע האָט עס געגאָלטן, אַז אַרבעטסהענט זענען איצט נייטיק, און מאָדנע זיכער איז ער געווען, אַז גאָט וועט העלפן.

אַזוי ערשט נעכטן. און הײַנט? גאָט, פאַר וואָס מוז דער שׂטן זיך אַרײַנמישן און פאַר וואָס מוזן מיר, דווקא מיר פינף, בלײַבן לעבן, בעת אַלע אַנדערע... מיר זענען בעסער פון זיי? שענער פון זיי? און אַז מיר'ן שוין בלײַבן לעבן, וואָס וועלן מיר אָנהייבן אין אַ וועלט אָן ייִדן?

אַ מידע, אויסגעשעפּטע, איז זי אַנידערגעפאַלן אויפן בעטל אין איר שלאָפאַלקערל. זי האָט זיך געסטאַרעט ניט צו וויינען און געוויינט. גאָט, גאָט, וואָס טוט מען מיט די אַלע פאַרוואָסן? ווען זי בלײַבט מיט אַלעמען, מיט אַלע ייִדן... און פאַר וואָס איז בײַ איר געבליבן דער מעדאַליאָן? זי האָט אים איצט געהאַלטן אין קעשענע פון קליידל. אַרויסגענומען אים און וואָס מער אים אָנגעקוקט, אַלץ שטאַרקער האָט ער געסמאַליעט איר דלאָניע: אויפן בלישטשעדיקן דעקל — אַן אײַנגעגראַווירטע געדריידלטע מאָנאָגראַם פון צוויי איבערגעפלאָכטענע, געשריבענע ייִדישע אותיות. וואָס דער גזלן האָט אוודאי אָנגענומען פאַר אַ באַפּוצונג־אָרנאַמענט. אַראָפּגעריסן פון אַ ייִדישקע, וואָס ער האָט געשאָסן? פון אַ קרבן נאָכן דערשיסן? און וואָס זאָל זי, עמיליע, איצט טאָן מיטן אָפּגעטונקטן אין בלוט ייִדישן חפץ? אַרויסוואַרפן? געטראַכט, געציטערט, געשראָקן זיך און האַסטיק אים אַרונטערגערוקט אונטערן מאַטראַץ.

און לײַכטער איז איר געוואָרן אויף אַ רגע. דער שׂטן כראָפּעט. וועט לאַנג, לאַנג כראָפּען. איז זי אַראָפּגעזונקען אין אַן אויסלייזערישן אויסבאַהאַלט, און לאַטשעדיקע טיולן האָבן זי געגומען אײַנוויקלען. נאָר באַלד איז זי געלאָפן דורך אַ פינצטערן וואַלד, געיאָגט פון אַ חיה־רעה. געווען איז אַן אָפּשטאַנד צווישן זיי. און וואָס האַסטיקער זי איז געלאָפן, אַלץ קלענער איז דער אָפּשטאַנד געוואָרן, קלענער, קלענער... „פּראַנאַס״!

אַראָפּגעשפּרונגען פון בעטל. אַרײַנגעשטעקט די פיס אין די דאַרפישע שטעקשיך אויף האָלצזוילן. קיין מינוט ניט פאַרלירן! דער שׂטן כראָפּעט. אויף פּראַנאַסן פאַרמעסט ער זיך. דלייבאַ איז אין סכּנה. אַלע זענען אין סכּנה. אויפזוכן, געפינען פּראַנאַסן. וואָרענען! זיך אַן עצה האַלטן!

גאט, צאפלען מיר זיך טאקע אומזיסט אויפן האק פון דער האפענונג, ווי דער גזלן טענהט?

**אינטערמעדיע מיט א פויערטע**

די פויערטע וואס איז מיט איר פערד־און־וואגן פארביי־געפארן אין דער פרי דלייבאס פאסעסיע און אראפגעלאזט דא יאנקוסן, האט פאר נאכט זיך צוריק־געקערט אהיים און, ווי אפגערעדט, אפגעשטעלט זיך אויפן צוריקוועגס כדי מיטצונעמען איר אינדערפרי׳קן פאסאזשיר.

יאנקוס האט נאך שווער געכראפעט, שווער געסאפעט.

אן צערעמאניעס האט די באלעבאסטע אים אויפגעוועקט — מיט א טערעבע, מיט א שטורך:

— אויפשטיין! אהיים פארן!

יאנקוס האט לכתחילה ניט פארשטאנען וואס מען וויל פון אים. דערזען דורך א טומאן די פויערטע, האט ער זיך געגומען טשוכען:

— א, קאזיע!

— ענדיקט איינערע געשעפטן און געפארן זאל ווערן! — איז די באלע־באסטע ארויס פון די כלים. — צו דער אונט־מעסע!

— אפגעשאפט זי אין די וואכנטעג, — האט יאנקוס נאך אלץ ליגנדיק מיטן פנים ארויף, זי ווי באראזיקט. — אלע זענען איצט פארנומען ביז איבערן האלדז. ווער ס׳האט צייט און חשק קאן אריין אין גאטס הויז און בעטן צום אויסלייזער אן דעם קסיאנדז. דער קאשטשאל שטייט אפן.

די באלעבאסטע האט קוים זיך איינגעהאלטן פון אויסשפייען אין זיין זייט און ארויס: דער ארבעטסטאג גייט צו ענד און עגינים האט זי אן א שיעור.

— א, קאזיע, — האט יאנקוס אומצופרידן ווידער א מרוקע געטאן, — ווארטסט, לאזסט ניט רוען.

— קסיאנדז, מיר׳ן אריינפארן גלייך צו מיר. מיין זון איז אין שטאט אויף עטלעכע טעג. פרישע קנישעס מיט קעז וועל איך מאכן.

יאנקוס האט אויסגעקערעוועט צו איר די אויגן. ווי קומט זי צו עמיליען? נאר ווי קומט ע ר צו עמיליען? ס׳וועט געדויערן. און דערוויילע... נו, טאקע, ווי ס׳רעדט זיך דארטן וועגן די קאטשקעס אויפן טעלער און אין די הימלען.

אַ קאַטשקע וואַרט שוין. פון אונטער אַ פאַרביק טיכל קוקט אויף אים אַ פּון זון און ווינט פאַרבאַקן פּנים, פול מיט צוזאָגן.

— ברענג אַ קוואַרט וואַסער.

ער האָט זיך אויפגעהויבן, אין איין אָטעם אויסגעטרונקען דאָס אַרײַנגעבראַכטע וואַסער און פויל אָנגעטאָן די סוטאַנע. מאָרגן וועט ער ווידער קומען אַהער פראַווען דאַטשע. מאָרגן וועט ער אויפזוכן דעם הויכן מיט די ברוינלעכע האָר און זיך איבערצײַגן... אויך מיט עמיליען וואָס ער האָט זי הײַנט אַזוי שיין באַשאָנקען, מוז ער מאָרגן קומען צו אַ טאָלק, ווייל שוין הײַנט קאָכט און זידט זײַן בלוט, ביז משוגע צו ווערן.

## אינטערמעדיע אין עמיליעס שלאָפאַלקער

פאַרענדיקט דעם אַרבעטסטאָג, אָפּגעגעסן וועטשערע, געלייגט דער באַלעבאָסטע גאַלקאָמפּרעסן צו די קני, איז פראַנאַס ניט אַוועק, ווי געוויינטלעך, שלאָפן אין דער „משפּחה"־שטוב. געווען אָפּגעמאַכט מיט עמיליען, ער זאָל זיך אַרײַנשלײַכן צו איר אין שלאָפאַלקער.

בײַ פאַרמאַכטע לאָדנס און אַ נידעריק ברענענדיק נאַפטלעמפּל זענען זיי ביידע געזעסן אויפן בעטל און שטום, אָן דער מינדסטער באַוועגונג, געוואַרט, די באַלעבאָסטע זאָל אײַנשלאָפן אין שכנותדיקן צימער. געזעסן ווי אָפּגעמישפּטע. דער צופאַל האָט זיי צונויפגעפירט — יונגע, שיינע, מיט אַ בשותּפותדיקן גורל, מיט אַן אומקלאָרער קומענדיקער רגע און אַ קוים טליִענדיקן האָפענונג־פונק צו בלײַבן לעבן.

איטלעכער פון זיי — אונטער אַ פאַלשן נאָמען. און געהאַט אַן אמתן נאָמען, אַן אמתן עבר און אמתן בן־זוג. עמיליע — אַן ערגעץ פאַרשלעפּטן מאַן. פראַנאַס — אַ פרוי, וואָס מיט אַ פאַלשן פּאַס האָט זי זיך אָנגעדונגען בײַ אַ פּויער אויף אַרבעט, און אַ מיידעלע, אונטערגעוואָרפן לעבן אַ טיר פון אַ ליטווישן יתומים־הויז פאַר פּיצעלעך. האָפט ער. ביידע האָפן און ווילן בלײַבן לעבן.

זייערע הערצער האָבן שטיל געטיאָכקעט, און ביידע האָבן שווער געאָטעמט. עמיליע האָט קוים זיך אײַנגעהאַלטן פון אַרויספאַלן פראַנאַסן אויפן האַלדז און זיך צעכליפּען, אַרומנעמען אים און בעטן מחילה. מען האָט אָבער געמוזט איצט שטומען ווי די טויטע. בשכנות סקריפּעט דער מאַטראַץ אונטער

דער באַלעבאָסטע. זינט זי ווייסט וועגן „מײַזל״, גייט זי אַרום אַ נאָך מער וואָרטשעדיקע און אָנגעשפּיצטע, שרײַט היסטעריש אויפן ברודער און עמיליען צוליב יעדער קלייניקייט. מוז מען זײַן באַזונדערש אָפּגעהיט.

געפילט אַז עפּעס טוט זיך אין עמיליעס האַרץ, האָט פראַנאָס אָנגענומען אירע אַ האַנט, ווי וועלנדיק מאַכן יד־אַחת צו אַ פאַרשײַטער פאַרשווערונג קעגן אַלץ אין דער וועלט. אַ רגע האָט עמיליע אײַנגעזאַפּט די דרייסטע וואַרעמקייט פון דער שטאַרקער מענערשער האַנט, וואָס האָט אַוועקגעשאַרט אין אַ זײַט אַלע נאַרמעס, צוימען און באַוואָרענישן, און אײַנגעשטעלט אין אַלע קעמערלעך פון איר הויט די שליטה פון אַ בלינד אויפגעזידטן צוצי־כוח. אַ רגע בלויז. זי האָט באַלד דערשראָקן צוגעכאַפּט איר האַנט, זיך באַפרײַט פונעם דערוועגערישן מענערשן אָנגרײַף. כּל־זמן זיי האָפן, כּל־זמן דער פאַר־נעפלטער שגעון האַלט אַלעמען אין קלעם, מוז יעדערער בלײַבן צוגעהאַפטן צו זײַנע אייגענע, צום אייגענעם גורל און זײַן פאַרקנסט בלויז צו אים.

די שיכּרות־רגע האָט אויסגעוועפּט, ווי ניט געווען. אָנגעקראָכן איז פון אַלע זײַטן די ביטערע וואָר מיטן גרויל פון די לעבעדיק ברענענדיקע ייִדן אין יאַנקוסעס קאַשטשאַל־דאָרף, מיט יאַנקוסעס הויערנדיקן שאָטן אויף אַלעמען דאָ.

ס'איז מיטוואָך בײַ נאַכט. די נאַכט ווען דאָס „מײַזל״ לאָזט זיך אַראָפּ אין קיך — אַרומצוּוואַשן זיך, פונאַנדערצונעמען די גלידער און שפּירן זיך ווי אַ מענטש. דער קסיאָנדז איז, פאַרשטייט זיך, שטענדיק דערבײַ. האָט ליב צו כאַפּן אַ שמועס מיטן רבס זון וועגן ייִדישע מינהגים און דינים און הנאה האָבן פונעם „מײַזלס״ צעקאַליעטשעטן לשון, וואָס רופט בײַ אים אַרויס אַ שטוינענדיקע פרייד, ווי פון אַ שאַרפזיניקן וויץ. מען דאַרף דאָך טרעפן אַזוי צו פאַרקריפּלען אַ שפּראַך!

עמיליע האָט געוואָרנט דעם קסיאָנדז, אַז זי און אפשר אויך פראַנאָס וועלן די נאַכט קומען זיך אַן עצה האַלטן וועגן אַ זייער וויכטיקן ענין; און ער האָט ניט רעאַגירט און זיך נאָך מער פאַרטיפט אין אַ ביכל מיט לאַטײַנישע פּסוקים.

דאָס סקריפּען פון דער באַלעבאָסטעס מאַטראַץ איז געוואָרן אַלץ שוואַ־כער, שוואַכער, ביז ס'איז אין גאַנצן אויסגעגאַנגען. איצט — אָפּוואַרטן נאָך אַ רגע, נאָך אַ רגע.

אַ באַרוועסע איז עמיליע אַוועק אין קיך. אויב זי וועט זיך ניט צוריק־קערן, איז אַ סימן — פּראַנאַס זאָל אויך קומען אַהין, אַ באַרוועסער, מיט די שיך אין די הענט.

פאַר דער „משפחה" וועט עס הייסן, אַז ער איז געבליבן שלאָפן אויפן היי אין שײַער. ס'איז אַ וואַרעמע, אַ טיף בלויע און אויסגעשטערנטע נאַכט. חברה וועט זיך מיט אים טשעפּען, צי ער ווייסט, אַז אויפן היי שלאָפט מען מיט עמעצן...

## אין קיך, בײַ נאַכט

אין דער פינצטער האָט עמיליע פּאַוואָליע און שטאַרק אָפּגעהיט זיך צוגע־שלײַכט צו דער קיכטיר און שטיל זי געעפנט.

אַ שוואַך ברענעדיקער נאַפטלאָמפּ האָט קוים באַלויכטן דעם אַרום. בײַ אַ טישל לעבן פענצטער מיט פאַרמאַכטע לאָדנס און אַ פאַרצויגן ווײַס פאַר־האַנגל האָט דאָס „מײַזל", אין זײַן קורטקע, אין אַ היטל, זשעדנע געכליאָבעט פון אַ ליימענער שיסל אַ מילכיקן זופּ מיט מעלענע קליאָצקעס.

דער קסיאָנדז, אין זײַן נאַכטכאַלאַט, האָט צופרידן צוגעקוקט, ווי אַ מענטש כאַפּט אָפּ ס'פאַרשמאַכטע האַרץ. בשעתו, ווען דאָס בחורל האָט צו אים זיך געווענדט נאָך הילף און געזאָגט, אַז ער איז אַ רבס אַ זון, איז דלייבאַן שוין געגאַנגען אין לעבן אים צו ראַטעווען.

דלייבאַ האָט ניט געפילט, אַז עמעצער איז אַרײַן אין קיך.

— קסיאָנדז, — האָט עמיליע אַרויסגעשעפּטשעט און אים ווי אַהער־געבראַכט פון ערגעץ אַ ווײַטעניש.

— יאָ, מײַן קינד, כ'הער דיך, — האָט דלייבאַ ווייך אַרויסגעבראַכט, ווי בעת מען קומט זיך פאַר אים מתוודה זײַן.

— אוי, קסיאָנדז! פּריִער, אַ גאַנצן טאָג איז אַלץ ניט אויסגעקומען... אַלץ דער דאָזיקער יאַנקוס. כ'האָב געהערט, וואָס ער...

— נו, איז וואָס? — האָט דלייבאַ זי איבערגעהאַקט.

עמיליע האָט זיך געוווּנדערט: צי קאָן מען בלײַבן גלײַכגילטיק צו דעם, וואָס דער דאָזיקער יאַנקוס רעדט און קלײַבט זיך טאָן? האָט זי מיט ציטער אויפגעקלערט:

— ער וועט אַרויסגעבן פּראַנאַסן. מען וועט אים קומען זוכן. און אַז מען

וועט אים ניט געפינען, וועלן זיי איבערקערן די שטוב. וועלן קאָנטראָלירן דאָס הויזבוך און די אַלע נײַ־פאַרשריבענע... מיך לאָזט ער ניט צו רו, יאַנקוס. און האָט געזאָגט, אַז פאַר אײַערע דרשות, פאַרן אויסבאַהאַלטן ייִדן... אוי, כ׳קאָן עס פון די ליפּן ניט אַראָפּברענגען! — דורך טרערן האָט זי אַרויסגעפּרעסט: — אײַער אָרט וויל ער פאַרנעמען!..

דאָס „מײַזל" האָט אויפגעהערט עסן. זיך אָנגעשפּיצט. זײַנע אויגן האָבן געציטערט אונטער געדיכטע שוואַרצע ברעמען.

און דאָ איז אויך פראַנאַס אַרײַן.

— יאָ, כ׳זע שוין, אַ גאַנצע קאָנפערענץ, — האָט דלייבאַ זשוואַוו זיך אויפגעהויבן. — כ׳זע, האָסט אַלעמען געשטעלט אויף די פיס. אַוודאי, געוויס, דער דאָזיקער יאַנקוס... זיך דערשראָקן?

— קסיאָנדז, פאַראַן פאַר וועמען זיך צו שרעקן, — האָט עמיליע געזאָגט מיט תקיפות, וועלנדיק אַרויסברענגען דלייבאַן פון דער אומבאַזאָרגטקייט. — יאַנקוס האָט דערקענט פראַנאַסן. קלײַבט זיך אָפּצומסרן. די דײַטשן וועלן אַראָפּקומען און אַלץ אַוועקלאָזן מיטן פײַער, ווי בײַ יאַנקוסן אין דאָרף...

— דאָרטן זענען די ייִדן געלעגן אין אַ באַהעלטעניש.

— און איך? — האָט דאָס „מײַזל" געלאָזט פון זיך הערן. — כ׳באַהאַלט זיך דאָך...

— דיך גייט עס ניט אָן. דו עקסיסטירסט בכלל ניט, — האָט דלייבאַ גוטמוטיק געפּרוּווט פונאַנדערטרייבן די מורא, וואָס די אַרײַנגעקומענע האָבן געוואָלט אַרויסרופן אין אים.

— קסיאָנדז, אפשר קאָנט איר העלפן? מיר מוזן אַנטלויפן, — האָט פראַנאַס געהאַט אָנגעהויבן.

— איר האָט ניט וווהין צו לויפן, — האָט דלייבאַ אים איבערגעהאַקט מיט באַדויער. — איר׳ט געזען די נעכטן צוגעקומענע בײַ אונדז, די נײַע... דערציילט זי: ניטאָ שוין אײַער געטאָ! פאַרברענט, אויפגעריסן... נאָ, כ׳וויל אײַך ניט אָנמאַכן קיין האַרצווייטיק. זעצט זיך. וואָס שטייט איר?

עמיליע און פראַנאַס האָבן זיך פון אָרט ניט גערירט. געשטאַנען בלאַסע, פריטשמעליעטע. דאָס „מײַזל" האָט אָנגעשטרענגט געקוקט אויף זיי פון אונ־טערן דאַשעק פון זײַן היטל.

— נאָ, זעצט זיך דאָך! — האָט דלייבאַ פאַרלאַנגט פון די צוויי אַרײַנ־

געקומענע. — אָדער גייט שלאָפן. רוט זיך אויס. און הערט אויף זיך צו מאַכן שלעכטע געדאַנקען. הערט אויף פּאַניקירן. די דייטשן ברעכן האַלדז־און־נאַקן, און היטלערן וועט מען אויפהענגען, גלײַך ווי המנען אין אײַער מגילה, און מיר׳ן מיט גאָטס הילף געהאָלפן ווערן.

— אָבער איידער וואָס־ווען, — האָט עמיליע ניט נאָכגעלאָזט. — יאַנקוס... זײַנע אַ מסירה. ס׳הערן ניט אויף די אָבלאַוועס. איר׳ט אַליין געזאָגט, אַז אונדזערע דאָקומענטן וועלן קיין קאָנטראָל ניט אויסהאַלטן. דער עיקר אָבער — יאַנקוס...

— יעזוס־מאַריאַ! — מיטן אויסרוף צו גאָט און זײַן מוטער איז אין דער אויפגעפּראַלטער טיר געשטאַנען די באַלעבאָסטע — אין אַ לאַנג פֿאַרביק נאַכטהעמד, אַ ווײַסע הויב אויפן קאָפּ. — גאָט, אַלמעכטיקער!

זי האָט איינעם נאָכן אַנדערן אַלעמען אָנגעקוקט, ווי זי וואָלט זיי געזען צום ערשטן מאָל. מיט די קאָמפּרעסן אויף די קני האָט זי, ווי אויף שטאָלצן, אַרײַנגעטאָפּטשעט אין קיך און אַראָפּגעלאָזט זיך אויף אַ בענקל, וואָרטשענדיק:

— כ׳הער אין שלאָף, מען פּאָרעט זיך אין קאָרידאָר. טריט. דערהערט אַ געריספּל אין קיך, געטראַכט: פּאַצוקעס, שדים, גנבים... ווײַזט זיך גאָר אַרויס!..

— ווײַזט זיך אַרויס, שוועסטער מײַנע, אַז מיר לעבן אין אַ משוגענער וועלט! — האָט דלייבאַ געזוכט זי צו באַרויִקן.

די באַלעבאָסטע האָט פֿאַרלוירן געגלאָצט אויף די אַרומיקע. לאַנג זיך פֿאַרהאַלטן אויף פּראַנאַסן. ניט געוואָלט גלייבן, אַז ער קערט זיך אָן צום „מײַזל״. און אויך די העלהאָריקע עמיליע! ווי קאָן עס זײַן? האָט זי פֿאַרלוירן געמורמלט:

— אַלע, אַלע... וואָס טוט זיך דאָ? פּראַנאַס, ווײַ איז מיר, אויך דו? און אויך עמיליע? אַלע זענט איר...

דאָס וואָרט „ייִדן״ האָט זי מורא געהאַט אַרויסצוברענגען. און דאָ האָט זי זיך היסטעריש צעשריִען:

— אַרויס פֿון דאַנען! אַלע אַרויס!

זי איז אויפגעשפּרונגען און אַ פֿאַרקרימטע זיך אַראָפּגעלאָזט צוריק אויפן בענקל. אַ ווייטיק האָט געהאַט אַרײַנגעשאָסן אין אירער אַ קני. און אַז דער ווייטיק האָט אָפּגעלאָזט, האָט זי ווידער זיך צעטענהט:

— קסיאָנדז, ביסט פון זינען אַראָפּ?! כ׳וויל ניט ברענען, ווי יענע אין יאַנקוסעס דאָרף! כ׳וויל ניט צוליב אַנטיקריסטן!.. — און אויסגערופן האָט זי פּלוצעם צום ברודער מיט גאַל און עקל: — ניט דלייבאַ! אַ ייִד ביסטו גאָר — לייבאַ! און דעם טויט ווּעסטו אויף אונדז אַלעמען אַרויפברענגען, לייבאַ! אַרויס פון מײַן שטוב, פאַרשאָלטענע!

אין אַ ווינקל לעבן דער פּליטע האָט דלייבאַ דערזען אַ האַק. האָט ער זי אַ כאַפּ געטאָן און אויסגעשטרעקט צו דער שוועסטער:

— נאַ, פּלעט מיר דעם קאָפּ! ווּעסטו ווערן אויסגעלייזט. און איך וועל וויסן, אַז כ׳האָב אָפּגעגעבן מײַן לעבן פאַר אַ גערעכטער זאַך! ווען יעזוס קריסטוס איז געגאַנגען זײַן דערנערוועג מיטן קרייץ אויפן רוקן, האָט אים אַנטקעגנגעלויכטן די האָפענונג פון הימלשן קיניגרײַך. איך קאָן ניט אַנדערש! נאַ, כ׳וואַרט!

דער באַלעבאָסטעס פּנים, בלאַס ווי ווײַסע ליים, איז פאַרגליווערט געוואָרן. זי אין גאַנצן איז פאַרגליווערט געוואָרן און ניט גערירט מיט אַן אֵבר. ניט זי, אין אַ לאַנגער ווײַלע אַרום האָט גענומען רײדן פון איר דער פאַרדראָס:

— מען ווייסט, אַנדערע ריזיקירן, באַהאַלטן ייִדן. קריגן זיי דערפאַר געלט, גאָלד...

— באַלעבאָסטע, וואַרט אַ ווײַלע, — האָט האַסטיק אַ זאָג געטאָן עמיליע און אַרויסגעלאָפן פון קיך. צוריקגעקומען איז זי מיט יאַנקוסעס מעדאַליאָן און אים צוגעלייגט צו דער באַלעבאָסטעס האַלדז: — נעמט, ער קליידט אײַך. ס׳איז ריין גאָלד. באַהאַלט אים!

אַ צעטומלטע האָט די באַלעבאָסטע ניט געוווּסט, ווי צו רעאַגירן אויף די אַלע אומדערוואַרטקייטן. אַרײַנגענומען דעם מעדאַליאָן מיטן גאָלדענעם קייטל, האָט זי אים באַטראַכט, אָפּגעוויגן אויף דער דלאָניע, ווי וועלנדיק אָפּשאַצן דעם ווערט פון דער מתּנה, און זיך אַ קער געטאָן צום ברודער, זײַענדיק נאָך אַלץ ניט זיכער אין דעם, וואָס דאָ קומט פאָר:

— קסיאָנדז! אַנטאָנאָס, זאָג דעם אמת, דאָס זענען טאַקע אַלע...

— איינער פעלט, — האָט דלייבאַ געטאָן אַ שמייכל: — דער טײַוול! ער וואָלט געלאַכט... — אַרומפירנדיק דעם בליק איבער אַלעמען אין קיך, האָט ער, ווי זײַן שטייגער, אײַנגעהאַלטן מעסטנדיק די ווערטער, גערעדט

צו זיי: — ניט אַראָפּלאָזן די נעזער! כ׳האָב שוין אַ מאָל געזאָגט, וועל איך איבערחזרן פאַר דיר, שוועסטער. ווייסט געוויס אונדזער קלוג פאָלקסווערטל: „ווען אַ קסיאָנדז מאַכט יד־אַחת מיט ייִדן, וועלן זיי דעם טײַוול אַליין אָפּנאַרן״. דעריבער — ניט געדאגהט!

דער קוים־קוים אַרויפגעדרייטער קנויט פונעם נאַפטלעמפּל האָט אַלץ מער און מער פאַרלאָרן כּוח און כּמעט שוין ניט געגעבן קיין שײַן. קענטיק, געוואָלט אויסבאַהאַלטן פון סכּנות די צערודערטע מענטשן אין קיך. דלייבאַ האָט אָוועקגעלייגט די האַק אויף איר אָרט און זייער אָפּגעהיט, קיין פרעמד אויער זאָל זײַנע רייד ניט פאַרנעמען, געטראַכט בקול:

— הערט, מאָרגן, דאָנערשטיק אין דער פרי, ווידער קומט אַהער יאַנקוס, ווי ער זאָגט, פּראָווען דאַטשע. וועט ער שוין מאָרגן עפּעס אָפּטאָן ניט באַוויזן. אָוועקגיין וועט ער, ווי זײַן שטייגער איז, שפּעטלעך. אָוועקגיין מוז ער. פרײַטיק מוז ער דאָך אויפנעמען ווידויים. דאָ וועלן אים דער גלאָקנציער און משרת ניט קאָנען פאַרבײַטן. געווינען מיר, הייסט עס, דעם מאָרגעדיקן טאָג און האַלבן פרײַטיק. און דעמאָלט הייבן זיי אָן שיכּורן, די פּײַנע לײַט. דערנאָך זונטיק... זעט, וויפל צײַט מיר האָבן אויף ניט צו אַנגסטיקן זיך... גייט שלאָפן. גוט וועט זײַן! די האָפענונג איז פאַרט עפּעס ווערט. גייט שלאָפן. ווי זאָגט זיך עס: „אין דער פרי איז מען קליגער ווי אין אָוונט״. יאָ, יאָ, מאָרגן וועט גאָט זאָרגן און טאָן, ס׳זאָל אונדז עפּעס אײַנפאַלן... דערווײַלע — אַ גוטע נאַכט!

## אויפן בוידעם, אַ גאַנצן טאָג

באַגינען האָט דאָס „מײַזל״, ווי געוויינטלעך, געלייגט תּפילין, אָפּגעדאַוונט שחרית און מיט ציטער גענומען טשאַטעווען בײַם דאַכפענצטערל. געווען איז אין דרויסן זוניק, לויטער. אַ מילד ווינטל האָט אַרײַנגעווייעט זײַן חיות דורך דער דרײַעקיקער עפענונג, און געזען האָט זיך דורך איר אַ שטיקל צעגרינטע וועלט: דער ווײַסער קאָשטשאָל, אַרומגעוואַקסן מיט גרינע, פרישע צעבלעטערטע ביימער; אַ גרינע לאָנקע, געדיכט באַשפּרענקלט מיט צעבליטן לייבנצאָן, ווי מיט געלע שטערן; אַ שטיק פעלד מיט גרינלעכער ווינטער־תּבואה באַגלייט דעם ערדוועג אין וועלדל אַרײַן, וואָס ציט זיך צום שכנות־דיקן יישוב — יאַנקוסעס קאָשטשאָלדאָרף.

געטשאַטעוועט און זיך דערוואַרט. ער איז האָפּערדיק אָנגעקומען, יאַנ־קוס — אין זײַן לאַנגער שוואַרצער סוטאַנע, מיט אַ פֿאַרריסענעם גלאַנציקן ליסעקאָפּ; געפּאָכעט מיט די הענט, גרייטע עפּעס אָנצוהויבן.

„חי נפשי, כ׳וועל אים, כ׳וועל אים״... — האָט עס געיוירט אין די מחשבות פֿונעם צעשראָקענעם בן־הרב, דעם איצטיקן „מײַזל״. — „ובערת את הרע מקרבך״... גאָטס געבאָט: זאָלסט פֿאַרטיליקן דאָס שלעכטס!

אַ גאַנצע נאַכט, אין חלום און אַפֿילו אַרויסרײַסנדיק זיך פֿונעם מאַטערנ־דיקן שלאָף, איז אים געשטאַנען פֿאַר די אויגן דער קסיאָנדז, דלייבאַ, זייער מלאך־מושיע, מיט דער האַק אין האַנט. די האַק אויסגעשטרעקט צו דער באַלעבאָסטע, זי זאָל אים דערהרגענען, אויב זי האָט מורא צוליב די ייִדן...

אַ האַק... אויך אויפֿן בוידעם, אינעם בערגל בראָכוואַרג און טראַנטעס האָט זיך געוואַלגערט אַ האַק — אַן אַלטע, שטאַרק אויסגעשטשערבעטע, שטאַרק פֿאַרזשאַווערטע, אומנייטיקע... ווער האָט אויף איר זיך אומגע־קוקט?

אַ גאַנצן טאָג האָט ער הײַנט אַלץ געקוקט אויף דער האַק, געווען אָנגע־שפּיצט און ס׳האַרץ האָט אים הייס געפּיקט די ברוסט. מיט אָנגעשטרענגטע אויגן האָט ער גנביש אויך אַרויסגעקוקט דורכן דאַכפֿענצטערל; מיט אָנגע־שפּאַנטע אויערן זיך אײַנגעהערט צו יאַנקוסעס פֿאַרשײַט קול, וואָס האָט אָפּט זיך געטראָגן פֿון דער וועראַנדע. בלויז ניט געקאָנט האָט ער קלאָר באַנעמען דעם באַטײַט פֿון די דערהערטע רייד.

ער האָט געוווּסט, דאָס אויסגעבאַהאַלטענע בחורל אויפֿן בוידעם, אַז עמיליע וועט הײַנט קיין עסן מער ניט ברענגען. מיטן שפּראָץ אויף טאָג האָט זי אַרויפֿגעטראָגן אַ שטיק פֿריש געבאַקן שוואַרצברויט און אַ קריגל מילך און געזאָגט, אַז מען וועט זי באַלד שיקן אין שטעטל נאָך פּראָשקעס פֿאַר דער באַלעבאָסטע.

— און פֿראַנאַס? — האָט ציטעריק געפֿרעגט דאָס „מײַזל״.

ער׳ט זיך דערוווּסט פֿון עמיליען, אַז אויך פֿראַנאַס וועט זיך אין די אויגן ניט וואַרפֿן. אין אַ העק, לעבן די זומפּיקע לאָנקעס, בײַם קשאַקעס־געדיכטע־ניש וועט ער גראָבן רינוועס אויף אָפּצופֿירן וואַסער. און בעיקר אַ באַהעל־טעניש זיך דאָרטן צוטראַכטן. אַלץ דעם קסיאָנדזס זאָרג. מעגלעך — אַ באַהעלטעניש פֿאַר אַלע זײַנע ייִדן...

עמיליע איז פאַרשווונדן, ממש אַראָפּגעגליטשט זיך פון דעם שיפּועדיקן טרעפּ, וואָס האָט אַראָפּגעפירט פון בוידעם.

דאָס „מיזל" איז מיטן געהער נאָכגעגאַנגען יאַנקוסן. יענער האָט ווידער געפרעסן, געטרונקען, אַ שיכּורער געשריִען, אַז עפּעס פעלט אים, עפּעס מוז ער דערגייען, עפּעס וועט ער דערוויזן. און אַזוינס — אַהאַ! דערנאָך האָט ער געכראָפּעט אויף דער סאָפע אינעם סאַלאָן. לאַנג און זייער הילכיק געכראָפּעט.

דערוויילע האָט דער פאַרנאַכט גענומען איינטונקען די וועלט אין אַ סאַמעטן טונקלעניש. „זאָל טיפער און טיפער ווערן דאָס טונקלעניש, — האָט אָן ווערטער דאָס „מיזל" געבעטן ביי דער השגחה נאָכן אָפּדאַווענען מינחה. — און פראַנאָס זאָל זיך אויסהיטן פונעם אַשמדאַי!"

די באַלעבאָסטע האָט אויפגעוועקט יאַנקוסן און געהערט האָט זיך איר פאָדערונג, אַז שוין צייט צו גיין אַהיים. מאָרגן, פרייטיק, מוז ער דאָך אָפּריכטן די פרימאָרגן-מעסע מיט די ווידויים, און גאַנץ פרי.

דאָס „מיזל", אין הוילער ציטערניש, איז גאָר צופרידן געווען, וואָס יאַנקוס איילט זיך ניט אַוועקצוגיין. זאָל ער זיך פאַרהאַלטן. און וואָס לענגער! זאָל אַקאָרשט ווערן גאָר טונקל, גוט טונקל. זאָלן אַקאָרשט אַלע שטוביקע שוין בלייבן אין די שטיבער, בלייבן רוען נאָכן שווערן אַרבעטסטאָג; זאָלן קיין פאַרבייגייערס און פאַרבייפאָרערס זיך ניט ווייזן אויפן וועג; זאָלן בכלל היינט אָוונט אַלע מענטשן פאַרשווינדן...

אויפן בוידעם האָבן זיך צונויפגעקנוילט סודותפולע שאָטנס, און ווייל האָט זיך דאָס „מיזל" דערפילט אין זיי. ווי זיי וואָלטן אַלע פּחדים איינגעזאַפּט אין זיך, און ער האָט אָן מורא געקאָנט טשאַטעווען ביים דאַכפענצטערל. געזוכט אַ שטערן אין הימל צו באַווייזן אַריינכאַפּן אויף מעריב, און ניט געפונען. דעם ענדגילטיקן חשבון מיט גאָט וואָס האָט ביי אים צוגענומען אַלעמען, אַלעמען, האָט ער זיך געקליבן צו מאַכן נאָכן מוראדיקן מבול, אויב אים וועט באַשערט זיין אַרויסצוגיין פון דער תּיבה מיטן לעבן. דערווייליע וועט ער דאַווענען. האָט ער געדאַוונט אויסנווייניק דריי מאָל אַ טאָג און ניט געגעסן טרייף פליייש.

אויף די פיס האָט ער געוואַכט היינט אַ גאַנצן טאָג ביים דאַכפענצטערל, געלאָקערט אויפן אַהער געקומענעם שוואַרצן אַשמדאַי. לסוף דערזען אים שטיין ביים וועג. אַוודאי אויסגעקוקט אַ פאַרבייפאָרנדיק פורל.

„ער זאָל זיך נאָר ניט דערוואַרטן! — האָט דאָס „מײַזל" פאַרהויבן די אויגן צום גרין־גרויען הימל, צו גאָט וואָס אין אים, — צו פוס, נאָר צו פוס זאָל אויסקומען דעם אַשמדאַי אַוועקצוטראַמפּלען!"

זײַן בקשה איז פאַרנומען געוואָרן: יאַנקוס האָט זיך געלאָזט צו פוס — פּאַוואָליע, ווי האָבנדיק הנאה פון דעם שפּאַציר אונטערן הימל פון אַ מחיהדיקן פאַרנאַכט.

ווי ניט ער וואָלט עס געטאָן, האָט דאָס „מײַזל" די שוין צוגעגרייטע האָק לעבן פּענצטערל אַרײַנגעשטעקט אין רימען, מיטן הענטל אַראָפּ אונטער די הויזן. אַריבערגעדעקט די האָק מיט אַ פּאָלע פון זײַן קורטקע און אָפּגעהיט זיך אַראָפּגעלאָזט מיטן לייטער פּאַר קוימען־קערערס און פײַער־לעשערס, וואָס איז געלעגן אויפן דאַך און געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אין דער הינטער־שטער וואַנט פון הויז. אַזוי טוט ער יעדע נאַכט בײַם אַראָפּגיין צו באַדערפע־נישן. הויך צעוואַקסענע און געדיכט צעבלעטערטע ביימער האָבן אים פאַר־שטעלט. קוסטעס האָבן אים, אַן אײַנגעבויגענעם, ווידער געשיצט פון אַ פרעמד אויג. ער איז אַריבערגעקראָכן דאָס פּאַרקנדל בײַם סאַמע וועג, מיט וועלכן יאַנקוס האָט זיך אַוועקגעשלעפּט. גנביש, טאַקע ווי אַ מײַזל, ס׳פּנים באַהאַלטן אינעם אויפגעשטעלטן קראַגן פון זײַן קורטקע, האָט ער, קיין זאַך ניט פילנ־דיק, וועגן קיין זאַך ניט טראַכטנדיק, זיך פאַרנומען נאָכן אַשמדאַי.

**אינטערמעדיע מיט יאַדזיען**

איינע האָט אים באַמערקט אַראָפּקריכן מיטן לייטער און פאַרשווינדן אינעם בלעטער־געדיכטעניש. יאַדזיע! מיט צוויי עמערס איז זי געגאַנגען נאָכן אָפּפאַל פון די אַכילות, וואָס מען גיסט צונויף אין משך פון טאָג פאַר די חזירים אין אַ דייזשע לעבן דער הינטערשטער וואַנט פון הויז.

מיט אַ געשריי איז זי אַרײַנגעפאַלן אין שטוב:

— אַ גנב! גיכער! מען קאָן אים כאַפּן! האַסטיקער!

עמיליע איז נאָך ניט געווען צוריקגעקומען פון שטעטל מיט די פּראַש־קעס. די באַלעבאָסטע האָט זיך אַרומגעדרייט ערגעץ אין די שטאַלן. בלויז דער קסיאָנדז האָט אויסגעהערט אירע ליאַרעם־קולות, באַגלייטע מיט אַ פּאָכעניש פון די הענט אין איינער אַ ריכטונג:

— אַהין, אַהין איז ער געלאָפן! פון בוידעם אַראָפּגעקראָכן!

— שאַ, יאַדזיע! טומל ניט. און וואַרט אַ ווײַלע.

דלייבאַ איז אַוועק צום טרעפּ וואָס פירט אויפן בוידעם, און אַרויפגעהויבן זיך אַהין.

אַראָפּ איז ער מורמלענדיק פאַר יאַדזיען אומפאַרשטענדלעכע רייד:

— נעבעך זיך דערשראָקן. ניט אויסגעהאַלטן און אַנטלאָפן. וווהין קאָן ער לויפן? ער וועט פאַרלוירן גיין, אומקומען!

און געטראַכט האָט ער: דאָס „מזל" האָט אָפּט געראַדעט וועגן ייִדן, וואָס מען האָט לעבעדיקע געברענט אויף שייטערס, און זיי האָבן זיך ניט אָפּגעקערט פון זייער גאָט. וועט דאָס ציטעריקע בחורל בײַשטיין דעם אויספּרוּוו, טאָמער מען כאַפּט אים? דלייבאַ איז געווען זיכער, אַז יאָ.

דערזען די אָנגעשפּאַנט וואַרטנדיקע יאַדזיע, האָט ער געזאָגט:

— זאָרג זיך ניט. אַלץ איז דאָרטן גאַנץ אויפן בוידעם. איינער פעלט בלויז. און אַז דו ביסט אַרויף אויף דער שפּור פון אַ סוד, זײַ וויסן: דײַנער אַ ברודער איז׳ס געווען. קוק מיר אין די אויגן, הייב אויף די רעכטע האַנט, אָט אַזוי, ווי כ׳ווײַז דיר, און זאָג מיר נאָך: „איך שווער, אַז פאַרגעסן וועל איך אַלץ וואָס כ׳האָב אָקערשט געזען, און טראָגן וועל איך דעם סוד וועלכן מען האָט מיר אָקערשט אָנגעטרויט, ביז אין קבר אַרײַן! מעג מען מיך פּײַניקן, שנײַדן פון מיר פּאַסן, אַרײַנלאָזן שפּילקעס אונטער די נעגל — איך וועל דעם סוד ניט אַרויסגעבן!"

אינעם קאָרידאָרל לעבן טרעפּ וואָס פירט צום בוידעם, האָט יאַדזיע, די רעכטע האַנט אויפגעהויבן, לאַנג געגאַפט, אַ צונויפגעגאָסענע מיטן טונקעלן אָרום, און שטום געשווירן, מסכּים געווען מיט אַלץ, וואָס דער גלח מיטן גילגול פון אַ ייִדישער נשמה, האָט געזאָגט.

— גיי, יאַדזיע, — האָט זי דלייבאַ אַרויסגעבראַכט פונעם גליוועור.

— כ׳האָף, אַז וועסט צו קיין אויספּרוּוו ניט געבראַכט ווערן. נאָר אויב, גאָט זאָל אויסהיטן, יאָ — האָסטו געשווירן. גאָט איז ניט מוחל, אַז מען ברעכט אַ שבועה.

יאַדזיע איז אַוועק, איבערלאָזנדיק דלייבאַן מיט אַ געווירבל מחשבות אין קאָפּ. אויפן „מזל" האָט אים ווײ געטאָן ס׳האַרץ: ניט אויסגעהאַלטן די שפּאַנונג!

**אין וועלדל**

דער הונט אויף דער קייט איז שוין געווען צוגעוווינט צום „מייזל״ און זיינע ביינאַכטיקע עקספּעדיציעס. האָט אים ניט געאַרט זיין אַראָפּגיין אויף דער ערד אין אַ פֿרייִקער שעה. ער איז געבליבן ליגן, דער הונט, לעבן זיין בודע, גלייכגילטיק געדרעמלט אין דער פֿאַרנאַכטיקער קילקייט און געהאַלטן דעם פּיסק, בעת דאָס „מייזל״ איז אַראָפּ פֿון לייטער און פֿלינק אַדורכגעשאַרט זיך צו די קוסטעס, די ביימלעך און הויכע גראָזן.

אויסער יאַנקוסן האָט קיין לעבעדיקער נפֿש זיך ניט געזען אויפֿן ערד־וועג, וואָס האָט זיך געשלענגלט פֿאַרביי פֿויערשע שטיבלעך, ווייט איינס פֿון אַנדערן צעוואָרפֿענע אויף זייערע ערד־חלקים. דער וועג איז פֿאַרביי דעם קסיאָנדזס פּאָסעסיע און דעם קאָשטשאָל, עק דאָרף, אַוועקגעצויגן זיך פֿאַרביי תּבֿואה־פֿעלדער אין נאָענטן וועלדל אַריין.

איינגעהילט אינעם בלוי־גרויען תּחילת־אָוונט און ריין פֿון מענטשן איז געווען דער ערדוועג. פֿון דעסטוועגן האָט דאָס „מייזל״ ניט דערוועגט זיך צו ווייזן אויף אים און געשאַרט זיך איבער זיינע ראַנדן, איבער מעזשעס אויף אַ תּבֿואה־פֿעלד, אַראָפּגעלאָזט זיך אין אַ מיט הויכן ווילדגראָז פֿאַר־וואַקסענער פּאַרטיפֿונג און אַרויפֿגעהויבן זיך. לסוף דערזען אַ שוואַרצן מענטשנפֿלעק אויפֿן וועג.

יאַנקוס האָט געשפּרייזט שווערלעך, מיושבֿדיק, אַ ביסל פֿאַרטראַכט. האָט געברומקעט עפּעס אַ מעלאָדיע, פֿון צייט צו צייט אונטערגעפּייפֿט און גאָר הויך זיך צעבלעקעכצט דעם ליטווישן הימען, וועלכן די סאָוועטן האָבן געהאַט אָפּגעשאַפֿט, און די דייטשן שטערן ניט אים צו זינגען: „ליטע, מיין פֿאָטערלאַנד, לאַנד פֿון העלדן״.

געהאַט האָט ער אָנגעפּרעסן זיך ביז ווייט איבער דער זעט, אָנגעטרונקען זיך ביזן אַריינפֿאַלן אין אַ שווערן שלאָף־חלשות; אויסגעשלאָפֿן זיך, אויס־געררוט זיך; בלויז עמיליע האָט געפֿעלט. בעת זי האָט דערלאַנגט דעם פֿרישטיק אויף דער וועראַנדע, האָט ער איר געהאַט צוגעשמייכלט. זי האָט פֿריינדלעך געענטפֿערט. איר שטענדיק ליידנשאַפֿטלעך אויפֿגעהויבענע איי־בערשטע ליפּ האָט דאָס מאָל נאָך מער אָפּגעדעקט אַ שנירל בלענדיק ווייסע ציין, און דאָס כּישופֿדיק פּנימל פֿון דער לעבעדיקער ליאַלקע האָט געשפּריצט מיט טויזנטער חן־פֿונקען. מסתּמא צוליב דער נעכטיקער שיינער מתּנה...

דערנאָך איז זי ווי אין וואַסער אַריַין. ניט אַנדערש האָט מען זי געדאַרפט שיקן נאָך רפואות פאַר דער אַלטער מכשפה. וועט ער ווידער מוזן אונטער־וועגנס אויסלאָדן זיַין גלוסטעניש ביַי איינער פון זיַינע... עך, דאָס דאָזיקע אַלטע פליש, בעת פאַראַן איז אויף דער וועלט אַזאַ עמיליע! אַ ביסל געהאַ־מעוועט האָט דעם נאָגנדיקן פאַרדראָס אַ ניַיער אויסבראָך פון אויפגעפוישטן שטאָלצגעפיל: „ליטע, לאַנד פון העלדן!"

און געמוזט האָט ער אַ נעם טאָן פון דער הויזן־קעשענע דאָס טונקעלע פלעשל, געמוזט אַרויסציִען מיט די ציין דעם קאָריק, איַינזויגן זיך אין זיַין גלאָט העלדזל און זופן, שלינגען די האַרבע משקה, וואָס ער האָט אויסגע־קליאַנטשעט פאַרן אַוועקגיין ביַי דלייבאָס באַלעבאָסטע, צוזאָגנדיק מער ניט צו קומען אַזוי אָפט. אָנגעזופט זיך, אָפּגעכאַפּט אָטעם, אָפּגעשלוקעכצט זיך... אַ ליגן! ער וועט קומען! ער מוז קומען צו עמיליען! און ווידער האָט ער געמוזט לעשן די ווילדע שׂרפה וואָס עמיליעס אָנבליק, מעג עס זיַין אין דמיון, צעפלאַקערט אין אים.

די זון האָט אַראָפּגעגידערט הינטערן וועלדל, אין וועלכן דער וועג האָט זיך אַריַינגעשליַיכט, און איר לעצטע, צונטער רויטע שיַין האָט אָנגעצונדן דעם קופּער אויף די סאָסנעשטאַמען. אַ פריילעך ווינטל האָט געצערטלט און געקילט דעם ברענענדיקן קופּער, און פייגל האָבן פאַרכטיק געטרילערט צום אָנקום פון דער אָוונטיקער התיחדות־שעה.

דערזען דאָס שוואַרצע געשטאַלט פאַרשווינדן אין וועלדל, איז דאָס „מיַיזל" געבליבן אַ רגע שטיין אַ צעציטערטער. אַ רגע בלויז. די מורא פאַר אַ שרעקלעכן בראָך, וואָס הויערט דאָ אויף אַלעמען, האָט אים אַ שטויס געטאָן צום ביימער־מלכות. אַ פיקהאָלץ האָט אָנגעקלאַפּט אין אַ קופּערנעם טויער: „לאָזט אַריַין דעם בן־הרב, איצט געגאַנט, „מיַיזל", לאָזט אים אַריַין! ער איז אַ שליח, קומט אין נאָמען פון כּלל־ישׂראל".

דערהערט עס, האָט דאָס „מיַיזל" זיך גאָר דערפרייט, וואָס ער געפינט זיך אין גאָטס פריַיער וועלט, ווו פייגל דאַנקען פאַר דער הנאה, וואָס דער לינדער אָוונט פאַרשאַפט זיי; צי גאָר באַנומען ווערן זייערע קולות פון פּלוצעם אַריַינגעדרונגענע אַהער שאַרפע פּחדים און אימהס...

אויך אין דאָזיקן שטשעבעטשען האָט דער בן־הרב דערהערט גאָטס געשעפּטש, אַרויסגעדרונגען פון חומש: „ובערת את הרע מקרבך... ובערת

את הרע״... געהערט און געגנבעט זיך הינטער דעם שוואַרצן אַשמדאַי, אַלץ פאַרקירצנדיק דעם מרחק פון אים. לכתחילה זיך געגנבעט איבער אַ זײַטיקער וואַלדסטעשקע און ניט געקאָנט פאַרמײַדן דאָס טרעשטשען פון די אַראָפּ־געפאַלענע אויף איר טרוקענע צװײַגלעך, וואָס ער האָט געטראָטן. דאָס טרעשטשען, דאָס טרעשטשען... מוז מען אַרויפגיין אויפן וועג, אויפן ערדוועג מיט די אײַנגעפאַרענע אין אים שפּורן פון וועגענער.

כאָטש דאָס אויסגעזופּטע און ניט פאַרביסענע האַרבע טרינקעכץ האָט געסמאַליעט זיין קעל און מאָגן, כאָטש די ערד איז מאָדנע ווייך געוואָרן אונ־טער זײַנע צעוואַקלטע פיס, האָט יאַנקוס דערפילט עמעצן גיין הינטער אים. אויסגעקערעוועט זיך, אָנגעשטרענגט די ראיה און געוואַרט אויף אָט דעם עמעצן. עפּעס אַן אײַנגעניורעט מענטשל, זומער — אין אַ קורטקע מיט אַן אויפגעשטעלטן קאָלנער, אַ היטל אויפן קאָפּ. ווען ס׳דאָזיקע מענטשל האָט פּאַמעלעך גענענט צו אים, האָט ער, אַפילו אינעם געדיכט געוואָרענעם האַלב־טונקל און דורכן עסעריקן רויך וואָס האָט זיך אים געוויגט פאַר די אויגן, געזען אַ לענגלעכע נאָז, אַ שוואַרצן האָראָנעווקס איבער אַן אייבערשטער ליפּ, דיקע שוואַרצע ברעמען, מיט שוואַרצן פלאָם ברענענדיקע אויגן אויף אַ בלאַסער הויט.

— אַ ייִד?! — האָט יאַנקוס אויסגערופן מיט אַ מאָדנער באַגײַסטערונג.

— קסיאָנדז, ראַטעוועט! איך פון געטאָ. געלאָפן. מען האָט די געטאָ... פאַרברענען... איך געלאָפן. אין וואַלד. כּוח ניטאָ. העלפט, קסיאָנדז! — האָט דאָס „מײַזל״ געבעבעט אויף זײַן צעקאַליעטשעטן ליטוויש.

יאַנקוס האָט זיך צעשׂימחהט:

— אָבער אַ ליטוויש! ווי פון דרײַסיק ייִדן צוזאַמען גענומען. נאָר כ׳פאַרשטיי, ווילסט כ׳זאָל דיך אויסבאַהאַלטן, — האָט יאַנקוס געמאַכט אַן ערנסטע, גוטוויליקע מינע. — ווייסט, די דײַטשן שיסן דערפאַר. מען באַצאָלט מיטן קאָפּ. פאַרשטאַנען? נאָר איך וועל, איך וועל ריזיקירן. קום, כ׳וועל דיך מיטנעמען. ס׳איז טאַקע אַן עלנד אויף אײַך, ייִדעלעך...

יאַנקוסעס רעכטע האַנט האָט זיך אַ צי געטאָן צום רעוואָלווער. צום טײַוול, ניט מיטגענומען! אַלץ צוליב עמיליען. מורא געהאַט, אַז אין אַן אינטימער מינוט קאָן זי צופעליק אָנטאַפּן דאָס געווער. אַ פּרוי שטויסט עס אָפּ. איצט, ווען ער האָט ס׳קלאַפּער־געצײַג! מיטן דאָזיקן אַזוי אומגעריכט

אַרײַנגעפֿאַלענעם אין זײַנע הענט, וואָלט ער געמאַכט קורצע צערעמאָניעס. אמת, אויך ניטאָ קיין לאָפּעטע אונטער דער האַנט, דער ייִד זאָל זיך אויס־גראָבן אַ קבר, ווי עס פּירט זיך. איצט וועט ער אים דאַרפֿן פֿירן אין דאָרף, אין שטאָב און אַ ביסל צעשטערן זיך די פֿלענער אויף הײַנטיקן בײַנאַכט.

— נאַ, וואָס קאָן מען טאָן? אַ פֿאַרפֿאַלגטן מוז מען העלפֿן, — האָט יאַנקוס געזאָגט מיט באַדויער און מיטלייד אין קול. — כ׳ל דיך אויסבאַ־האַלטן. קום נאָך מיר. מיר׳ן אַ שפּאַציר טאָן. איאַ, אַ וווּנדערלעכער וועטער?

אַזוי איז עס שטענדיק מיט אים. ווי נאָר עס גייט אין אָפּרעכענען זיך מיט ייִדן, גאָטס רוצחים און פֿאַרשפּרייטערס פֿון קאָמוניזם, ניכטערט ער זיך אויס, ווי צו אַ דערהויבענעם גאָטסדינסט. דער מוח נעמט אַרבעטן מיט אַ טאָלק. איצט האָט ער באַשלאָסן, אַז קוים קומט אים אויס צו גיין מיט זײַן פֿאַנג אין שטאָב אַרײַן, מאַכט ער דאָרטן פֿאַר איינס די מעלדונג וועגן הויכן מיט דער ברוינער טשופּרינע, און אויך אויפֿהייבן דעם ענין מיט דלייבאָס דרשות וועט ער. אַ מאָל קאָן זיך טאָקע באַקומען דער פּאָסטן זײַנער... דאָס אָרט מיטן גאַנצן האָבן־און־גוטס... מיט עמיליען...

געשפּירט, אַז דער ייִדליק גייט אים נאָך געהאָרכיק, האָט יאַנקוס אַזש געלאַכט אין זיך: „ווי זיי גלייבן עס, אַז מען וועט זיי טאַקע ראַטעווען... געענדיקט מיט אײַך, ייִדעלעך! גענוג ט׳איר זיך געצאַפּלט אויפֿן האָק פֿון דער האָפֿענונג!”

נאָכגייענדיק דעם שוואַרצן אַשמדאַי, איז דאָס „מײַזל” אַלץ מער און מער אַראָפּגעזונקען אין אַ קאַלטער פֿינצטערניש, און בלויז איין מחשבה האָט ניכטער און פֿרום געערדעט צו אים: „הבא להָרגך השכם והרגו” — פֿעדער זיך טייטן דעם, וואָס גרייט פֿאַר דיר דעם טויט! ס׳אַ דין? אַ היתּר? אַ מיצווה?

דער אַשמדאַי אין שוואַרצן פֿלעגט פֿון צײַט צו צײַט זיך אויסדרייען, פֿאָדערנדיק פֿון בחורל צו פֿאַרגיכערן דעם טראָט, אַניט וועלן זיי אָנקומען בײַ פֿינצטער.

נאָכן אָפּליגן אַכט חדשים אויפֿן בוידעם, האָט דאָס „מײַזל” ניט געקאָנט צווינגען זײַנע פֿיס באַלד אַרײַנצוגיין אין געהעריקן שפּאַן. האָט יאַנקוס פֿאַרפּאַמעלעכט דעם טראָט און אַלץ זיך אומגעקערט צו זען, צי ער גייט אים טאָקע נאָך, דער ייִד וואָס איז אַזוי צופֿעליק אַרײַנגעפֿאַלן אין פּאַסטקע.

און טאַקע צוליב דעם, און טאַקע צוליב צוגעבן זיך קוראַזש, האָט ער ווידער זיך אײַנגעזויגן אינעם העלדזל פון פלעשל מיט דער אויפמונטערנדיקער פליסיקייט און געזשליאָקעט, געהאַלטן בײַם אויסזשליאָקען זי ביזן דנאָ. אויסגעקערט ס׳פלעשל אויף אַרויף, פאַרריסן זײַן ליסעקאָפּ... איז דאָס „מײַזל״ צוגעשפּרונגען, אַרויסגעכאַפּט די האַק פון אונטער דער פּאָלע און מיט דער טעמפּער זײַט געטאָן אַ פּלעט איבער דעם גלאַנציקן ליסעקאָפּ.

די שוואַרצע מאַסע האָט אַרויסגעלאָזט אַ דומפּ אויסגעשריי און זיך אַ וואַקל געטאָן; פּאַמעלעך זיך אויסגעקערעוועט צום „מײַזל״ און אַרויסגע־כריפּעט:

— כ׳ל דיך שיסן! אַלעמען אײַך... כ׳ל מעלדן... ווו מען דאַרף, מעלדן!

מיט דערשרעק האָט דעם „מײַזלס״ רעכטע האַנט אַ הייב געטאָן די האַק זיך צו פאַרטיידיקן. פאַרפאַכעט די האַק, האָבן שוין זײַנעביידע הענט מיט אַ קרעכץ אַרײַנגעזעצט דעם אויסגעשטשערבעטן שאַרף אין אַ גלאַנציקן שטערן אַרײַן. די אָנגעצונדענע בייזע פײַערן אין אַ פּאָר קײַלעכיקע אויגן פון אַ חיה־רעה האָבן זיך אויסגעלאָשן.

בלוט האָט אַ פּלייץ געטאָן און אָפּגעגאָסן יאַנקוסן, אַן אַראָפּזינקענדיקן אויף דער ערד. ער האָט זיך אַ רגע געצאַפּלט, געדריגעט מיט די פיס, גע־וואָרפן מיט די הענט, געכאָרכלט און אַנטשוויגן געוואָרן. בלוט האָט געכליור־פּעט פון געעפנטן שאַרבן.

אַ מוראדיק פּראַקטיקער פּחד האָט אַדורכגעשווידערט דעם בן־הרב. ס׳האָט אים אַ קער געטאָן צו ברעכן. דעם טאָג כּמעט ווי ניט געגעסן און ניט געהאַט וואָס אַרויסצוגעבן פון זיך, האָט ער געבראָכן מיט גרינער גאַל, געבראָכן, געבראָכן. זײַנע אינגעווייד האָבן זיך איבערגעקערט, און אויך ער איז אַראָפּגעזונקען אויפן ערדוועג. און אין אַ געדיכטן חושך...

אַז די וועלט האָט ווידער געעפנט פאַר אים אַ פאָרטל, האָט דער אין מערב איבערגעברענטער טאָג שוין געהאַט אָפּגעשאָטן דאָס וועלדל מיט זײַן גרויען אַש. דאָס „מײַזל״ איז אויפגעשטאַנען. אַ סם־המוות־ביטערניש האָט געקרעלט אין מויל, אין קעל, ביז טיף אין האַלדז אַרײַן. אַ משׂא האָט אים געדריקט אויף אַראָפּ צו, און שווער האָבן זיך זײַנע אויגן אַראָפּגעלאָזט צו דר׳ערד. בײַ זײַנע פיס איז אָנמאַכטיק געלעגן די האַק. געכאַפּט זי און גאָר גענומען לויפן, אַרומקוקנדיק זיך אין די זײַטן. דערזען אין אַ גראָבן אַ פאַר־

טונקלטן וואַסער־שפּיגל, האָט ער אַרײַנגעשלײַדערט אין אים די האַק מיט אַ פּליושק, אַז ניט געדאַכט זאָל זי ווערן.

אומגעקערט זיך צום פּגר. מען האָט געמוזט אים אָפּראַמען, געמוזט באַפרײַען דעם וועג פאַר מענטשן. האָט דאָס „מײַזל" אָנגעכאַפּט די אויסגעצויגענע פיס און גענומען זיי שלעפּן אין אַ זײַט. נאָך זיי האָט זיך נאָכגעשלעפּט אַ שווערער שוואַרצער פּאַק. געשלעפּט, געשלעפּט, דערשלעפּט אים צו אַ שיפּוע. אַראָפּ איז שוין געגאַנגען לײַכטער. אַראָפּגעשלעפּט די טומאה אַלץ טיפער און טיפער אין אַן אײַנזינקעניש, אין אַ געדיכט אַרומגעוואַקסן זומפּיק פאַרהוילעניש. אַרײַנגעשלעפּט זי אַהין, מען זאָל זי ניט געפינען. איר שפּור זאָל פאַרשווינדן. איר געררך זאָל זיך צונויפמישן מיטן דומפּיקן עיפּוש, וואָס דאָרטן איז געשטאַנען.

דאָס „מײַזל" איז אַרויסגעקראָכן פונעם אײַנזינקעניש, פונעם אײַנגעשטאַנענעם עיפּוש, אַן אויסגעשעפּטער, אַ פאַרלוירענער און עלנטער.

פּלוצעם האָט אַ פּורל פאַרבײַגעקוילערט אירע רעדער איבער יענעם אָרט אויפן וועג... ווי אָפּשטויסנדיק עפּעס פון זיך, האָט ס'פערדל בייז געטאָן אַ הירזשע און זיך אָוועקגעריסן פאָרויס, ווי מען וואָלט עס מיט אַ שאַרפן שמיץ אַ טרײַב געטאָן.

ניט אַנדערש, דער גאָט פון ישׂראל האָט געזאָרגט, אַז דאָס פּורל זאָל אַ קאָפּ פאַרשפּעטיקן, ניט כאַפּן אים, דעם בן־הרב, בעת־המעשׂה... אַ פאַרקאַטשעניייטער האָט ער געוואָרט אויף דעם גזר־דין פון כּביכול.

געוואָרט, פאַרפרוירן געוואָרן וואַרטנדיק; ביז די ברענענדיקע אויגן פון דער חיה־רעה האָבן אים אַ סמאַליע געטאָן און אַרויסגעבראַכט פון דער צעחושטקייט. און דאָ האָט ער זיך געכאַפּט, אַז אָנגעקומען זענען זיי אַהער בײדע פון רעכטס. בלויז אַ סך העלער איז דעמאָלט געווען.

מיטן זײַט פונעם ערדוועג האָט ער איצט איינער אַליין זיך גענומען שאַרן צווישן ביימלעך אויף רעכטס, אויסמײַדנדיק יענץ אָרט...

און ווידער האָט עס אים געקערט צו ברעכן. אַ גאַליק איבלעניש האָט פאַרכאַפּט זײַן אָטעם. שטיקנדיק זיך און ראַנגלענדיק זיך מיט דעם, האָט ער גענומען רודערן מיט די הענט און פיס, בכדי ניט אומצוקומען אין גאַליק ביטערן דערשטיקעניש. ראַטעווען זיך! רודערן אויף צוריק! צוריק צום בוידעם! אַהין, ווו ער האָלט זיך אויף בײַם לעבן און צו גלײַך טאָר ניט

זײַן בנימצא. ניט ער, ניט ער! דער וואָס איז ניט בנימצא האָט עס דערלאַנגט מיט דער האַק!

אויסגעמיטן דאָס אָרט, איז ער אַרויף אויפן ערדוועג. דער אימפעט האָט אים איצט געטראָגן. און געכאַפּט זיך, אַז ער איז נאָך פאַר מעריב. און דער־פרייט האָט ער זיך, אַז ער וועט הײַנט אַ דריטן מאָל זאָגן דאָס טרייסטנדיקע „ולמלשינים אַל תּהי תּקוה וכל הרשעה כּרגע תּאבד" — פאַר די מוסרים זאָל ניט זײַן קיין האָפענונג, און אַל דאָס רישעות וועט באַלד אונטערגיין.

צוריק, צוריק אויפן בוידעם! און זיך צעכליפּעט. געכליפּעט, געכליפּעט, געכליפּעט...

די גרויסע, מידע, נידעריק ליגנדיקע, שעמעוודיק רויטע לבנה האָט אים באַשײַנט דעם וועג, ווי נאָר ער איז אַרויס פון וועלדל.

## איין אייניציקער מאַנצביל

שטיינער זענען אַנגעוואַליעט אויף זײַנע אויגן־לעדלעך, וואָס ער הייבט, הייבט שווער. מיט גוואַלד רײַסט ער זיי אויף. פון זײַן צעמישטן קאָפּ שפּאַרן זיי איצט אַרויס, די אויגן, בויערן דורך אַ גרויע געדיכטעניש און שטויסן זיך אָן אין אַ נידעריק אַראָפּהענגענדיקן, צעקנייטשטן, גרוי־שוואַרצן הימל־בלעך, פון וועלכן עס שיט זיך וואַסערשרויט. און אין קאָפּ — אַן אויפגע־וואַכט, אַ צעדרויבלט דומפּ געדונער, אַ הייזעריק טראַסקערײַ — טראַך, טראַך, טאַראַראַך...

זײַנע דלאָניעס שפּאַרן זיך אײַן אין עפּעס ניט האַרטס. מיט מאַטערניש זעצט ער זיך אויף. איז ער משוגע? חסר־דעה? וווּהין האָט ער זיך פאַרקליבן און וואָס האָט ער זיך אויסגעטראַכט?

אין קאָפּ — אַלץ אַ הייזעריק טראַסקערײַ. און פון אויבן — דער וואַסערשרויט פּײַקלט איבער זײַן פּנים מיט שטעכיק־קאַלטע שפּיזלען.

ער איז ניט אַליין. זיי ליגן דאָ אַלע. און בלויז אינעם אונטערוועש. צונויפגעוואַלגערט איינער לעבן צווייטן, איינער אויפן צווייטן. עמעצער קרעכצט. עמעצער כאָרכלט פאַרשטיקט. אויבן ענטפערט אַלעמען אָפּ אַ שאַרף געקראַקער. קראָען צאַפּלען זיך איבערן קאָפּ, איבער דער לאַנגער און ברייטער גרוב, ווו זיי ליגן דאָ אַלע.

זײַנע אויגן, געטראָפענע פונעם שטעכיקן וואַסערשרויט, קוקן דורך יסורים אַרויף צו די קויל שוואַרצע, זיך צאַפּלענדיקע קראָען, צום אײַנ־געקנאָטענעם אין וואָלקנס הימלבלעך. און אין קאָפּ — טראַך־טאַראַראַך...

ס׳רעגנט. ס׳איז קאַלט. דער אָונט פאַלט צו. לויפן מוז מען — פון די קראָען, פון דער פויקערײַ אין קאָפּ. לויפן זוכן אַן אָפּדאַך.

— ייִדן, שטייט אויף! — פרײַכט ער און הייבט זיך שווער.

קיינער רירט זיך ניט. נאָר אַ האַנט טוט זיך אַ שטרעק אַרויף, זוכט

אין וואָס זיך אָנצוכאַפּן, זוכט עמעצער זאָל זי אָנגעמען, ניט לאָזן פאַלן... ווילן זיי דאָ אַלע איבערנעכטיקן, די שטעטלשע מאַנסלײַט? אין דער גרויער אײַנזינקעניש, אונטערן רעגן און דעם קראָען־געקראַקער? נאָר אפשר איז אַלץ, אַלץ אַן אויסדאַכטעניש? אַ ווילדער חוזק פון אַ ניט־גוטן?

עס הערט ניט אויף צו טאַראַכטען אים אין קאָפּ.

האָט מען זיי טאַקע צעשאָסן? טאָ פאַר וואָס ניט פאַרשאָטן? בײַם ראַנד פון דער גרוב ליגט זאַמד. ווען מען שיסט אים, וואָלט ער דאָך ניט געפּויזעט אין דער בריזיק קאַלטער גנעץ און ניט געפילט די פּויקערײַ אין קאָפּ, ניט געפילט די מיט אײַזפּײַער פּיקנדיקע רעגן־טראָפּנס, ניט געהערט דאָס זלידנע כאָרכלעניש און דאָס קראָען־געקראַקער... האָט מען געשאָסן?

— אוי, ייִדן, ייִדן, שטייט אויף! — בעט ער זיך קרעכצנדיק.

ער פּויזעט אַרויף דעם זאַמדיקן שיפּוע, שטעקט אַרויס דעם קאָפּ איבערן ראַנד פון דער גרוב. דורכן רעגן־פאָרהאַנג, דורך דער מוטנער געדיכטעניש זעט ער: ליטווינער פון שטעטל און דאָרפישע שקצים מיט ווײַסע אָרעמ־בענדער און ביקסן. די זעלבע... הײַנט, צווייטער טאָג ראָש־השנה נאָך מיטאָג האָבן זיי אַרויסגעטריבן פון שטעטל אַלע ייִדישע מאַנסלײַט און ייִנגלעך, עלטערע פון צען. אום יום־טוב, אין די יום־טובדיקע בגדים אַרויסגעטריבן אויף צוואַנגאַרבעט... געבראַכט אַלעמען צו טרײַבן אַהער און... געשאָסן? געשאָסן, געשאָסן...

איצט באָמבלען זיך די ביקסן אויף די אַקסלען פון די שיסערס. מיט בײדע, פון שיסן פרײַע הענט רײַסן זיי זיך איינעם באַרג בגדים און שיך. בגדים און שיך וואָס מען האָט הײַנט מיט קלעפּ און סטראַשונקעס געצוווּנגען די ייִדן אויסטאָן. מיט פּעק אויף די פּלייצעס צי אונטער די אָרעמס לאָזן זיך די שיסערס איצט לויפן. דער רעגן יאָגט, טרײַבט מיט גרימצאָרן.

אַ ווינט נעמט פּלוצעם דרייען אַלכסונדיקע בײַטשלעך וואַסער, ווי אין אַ דולער צעמישעניש, און שמײַסט מיט זיי דעם ייִד, וואָס טאַרטשעט בײַ דער גרוב, שמײַסט און באַפעלט: רירן זיך, אַנטלויפן! אַניט וועט מען שיסן!

ווי לויפן? אין איינע אונטערוועש, ווי דערגיין אַהיים? און די פּאַטרולן וואָס דרייען זיך אַרום איבער די ייִדישע געסלעך פון שטעטל...

ער איז ניט בכוח אײַנצוהאַלטן די אויגן־לעדלעך. שטיינער קוועטשן זיי אַראָפּ. די קני קאָנען אויך ניט אײַנהאַלטן דעם שווער געוואָרענעם גוף זײַנעם.

נעמט ער זינקען אין אַ חשכות אָן אַ דנאָ. ס׳וואָלט צו איר קיין סוף ניט געקומען, צו דער אָ חשכות, ווען זי ווערט פּלוצעם ניט אויפגעריסן פון אַן אַלץ אויפהעלנדיקן געבראַזג, וואָס הייבט ווידער אויף זײַנע אויגן־לעדלעך. קאַלטע וואַסערשטראָמען, אַרויסגעשפּייגענע פון אַ דונער, פאַרפלייצן דאָס אָרט ווו ער שטעלט זיך אויף, און בריִען אָפּ, נעמען טרײַבן די באָרוועסע פיס זײַנע: רירן זיך, גיין פון דאַנען! גיין, ביז ס׳איז ניט כולו־חושך!

ער בראָדזשעט איבער בלאָטעס, איבערן צעווייקטן ערדוועג, וואָס פירט אין שטעטל אַרײַן.

איינער איז ער אויפגעשטאַנען? איינער שלעפּט ער זיך אינעם גאָסרעגן? ווי, ווי, קיינער איז מער ניט אויפגעשטאַנען, כאָטש מען האָט זיי ניט פאַרשאָטן. צוליבן רעגן ט׳מען זיך געאײַלט און ניט פאַרשאָטן די ייִדישע מאַנסלײַט און ייִנגלעך, עלטערע פון צען?.. זײַן עגמת־נפש, דערמאָנט ער זיך, אַז אַ טאָכטער פלעגט בײַ אים געבוירן ווערן. דרײַ איינע נאָך דער אַנדערער. אין האַרצן דאַנקט ער איצט גאָט דערפאַר, וואָס טעכטער...

ער בראָדזשעט אין בלאָטע, ווי איבער מעסערס; טאַפּט מיט די אויגן די נאַסע פינצטערניש, וואָס ווערט צעשמיסן פון אײַז קאַלטע, חלף שאַרפע קאַנטשיקעס. זיי פּאַטשן אויך אים, צווינגען האַסטיקער הייבן די פיס און שפּאַנען, זוכן אַ ראַטוניק.

כּביכול האָט אים מיט אימפּעט און בשלום אַרײַנגעבראַכט אין שטעטל.

קיין שײַן אין די פענצטער, קיין לעבעדיק נפש אין דעם אימת־מוותדיקן חושך. בלויז רעגן, רעגן־ווינט־געמיש און די פּויקערײַ אין קאָפּ דערטרײַבן אים צו זײַן שטיבל.

קוים וואָס ער האָמעוועט דאָס צעצאַפּלטע האַרץ, ס׳זאָל ניט אַרויס־שפּרינגען. ער קלאַפּט אין טיר. קלאַפּט, און מען עפנט ניט. עמערס וואַסער פליוכעט עמעצער אויף זײַן קאָפּ, אויף זײַן רוקן, בעת ער שאַרט זיך צום פענצטער פון דער שלאָפקאַמער. מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם קלאַפּט ער אין פאַרריגלטן לאָדן:

— זעלדע! איך, איך!

אַ קוויטש פון ווײַב טוט אַ יאָג זײַנע פיס צוריק צום אַרײַנגאַנג.

די טיר לאָזט זיך שוין עפענען. סוף־כל־סוף הערט עס אויף איבער אים צו פליוכען. אין שטאָק פינצטערן פירהויז פאַלט צו אים צו זעלדע:

— משה־אַהרן! משה־אַהרן! — און צעכליפּעט זיך.

אין דער װוינשטוב זענען לעבן אים אויך די טעכטער. אַלע דרײַ קלעפּן זיי זיך צו אים צו, װײנען. און אַלץ אין דער פינצטער. פאַרװוערט איז אָנצו־צינדן ליכט בײַ נאַכט. אַ מורא אָנצוצינדן ליכט. און דאָ נאָך — אין מיטן אַזאַ שלאַקסרעגן און נאָך אַזאַ טאָג, װאָס איז פאַרבײַ.

שטײנער זענען אָנגעװאַליעט אויף זײַנע אויגן־לעדלעך, װאָס ער הייבט, הייבט שװוער. מיט גװאַלד רײַסט ער זיי אויף. פון זײַן צעמישטן קאָפּ שפּאַרן זיי איצט אַרויס, די אויגן, בוירען דורך דאָס פאַרשטײַפטע אינעם צימער גרויע בין־השמשות־פּליַש און דערזעען דורכן פענצטער: אַ צונטער רויטע זון איז פאַרפּלאָנטערט אין די צװײַגן און אינעם אויסגעשיטערטן געבלעטער פון דער ליפּע, װאָס בײַ זיי אין הויף. זונאויפגאַנג? אוי, ס׳איז דאָך די מערב־זײַט! די זון זעצט זיך שוין, און ער ליגט נאָך אַלץ צונויפגעקאָרטשעט אונטער דער קאָלדרע. זײַן גוף איז אַרײַנגעכאַפּט אין אײַז קאַלטע קלעמען. אַברים, חושים — װי ניט געװוען. בלויז אין קאָפּ — אַ קראַקעניש פון קראָען און אַ פּויקערײַ. אמת, ניט אַזוי עזותדיק װי נעכטן, אָבער אַלץ אַ פּויקערײַ, װאָס טוט װיי, װאָס װעקט, דערמאָנט...

שוין לאַנג טשאַטעװעט זעלדע לעבן זײַן געלעגער. הערט זיך צו צו זײַן אָטעמען. װאַרט, ער זאָל עפענען די אויגן, זיך אויסטשוכען און ניט אָפּקומען מיט אַן אומגעדולדיק־בייזן װאָרטש „לאָז אַ רגע" און װידער אַרײַנפאַלן אין אַ שװוער כראָפּעניש. איצט ליגט ער שוין מיט געעפנטע אויגן. ס׳איז קלאָר, די זון זעצט זיך הינטער דער ליפּע, אין מערב־זײַט. זאָגן אַ װאָרט, אַ באַװועג טאָן מיט דער צונג איז אַ מאַטערניש. ממש מיט יסורים קװועטשט ער פון זיך אַרויס:

— װאָס, שוין פאַר נאַכט? פאַרשלאָפן, האָ?

זעלדע דערפרייט זיך. באַט אים אָן הייסע טײ, ברוים מיט פּאָווידלע.

ער שװײַגט. קאָן ניט ריידן. דאָס מויל איז פול זאַמד, צי ליים. דער נעכטן, װי ער װאָלט אויפגעשטאַנען תּחית־המתים — אַלץ, אַלץ, אַלץ טוט זיך אַ מיש אין זײַן קאָפּ. און אויך דאָס קומען בשלום אַהיים צו די אײגענע — אַ באָרװעסער, אין אײנע אונטערװועש. גאָט! גאָט האָט אים פאַר אַ האַנט געפירט דורכן קוילן־האָגל, דורכן שלאַקסרעגן, װאָס דער אייבערשטער

אַליין האָט אין זײַן, משה־אַהרנס, זכות אַראָפּגעגאָסן פון הימל; געפירט אים דורך פינצטערניש און שונאימס געלאַקער...

מיט מאַטערניש זעצט ער זיך אויף. אַ טעמפּער ווייטיק ברעכט זײַנע גלידער. און די פיס ברענען.

— כ׳וועל געבן טיי, — איז זעלדע צודרינגלעך.

— כ׳ל אויפשטיין, אויפשטיין... — בורטשעט ער, און נעמט עפּעס שעפּטשען. ס׳איז דער „מודה אני״ פון די קינדער־יאָרן, דער דאַנק דעם האַר פון דער וועלט, וואָס מיט זײַן באַרעמהאַרציקייט האָט ער אים אומגע־קערט די נשמה.

ווי ניט איז אַרויסגעבראַכט די ערשטע ווערטער, זאָגט ער צום ווײַב:

— מײַן טלית־קטן געפין. כ׳ל אויפשטיין. נטילת־ידים... אָפּדאַווענען מינ־חה און מעריב... ס׳איז עשׂרת־ימי־תּשובה...

— און עסן? — פרעגט זעלדע באַזאָרגט. — כ׳ל דערלאַנגען צום בעט. כאַפּט זיך משה־אַהרן:

— הײַנט, הײַנט... צום גדליה... אויף מאָרגן נאָך ראָש־השנה... וועל איך שוין פאַסטן ביז נאָך מעריב...

פאַר זעלדען איז עס אַ חידוש. שוין לאַנג טראָגט ער ניט קיין אַרבע־כּנפות. מעסט אָן די תּפילין, ווען ס׳פאַלט אים אײַן, און מאַכט עס גאָר בקיצור. אין שול גייט ער נאָר שבת און יום־טוב. איז די פּלוצעמדיקע גאָטס־פאַרכטיקייט אַ סגולה?

— גוט, וועסט אָפּדאַווענען, אַדרבא, — איז זי מסכּים און רוימט אים אַרײַן אין אויער: — שוין עטלעכע מאָל געווען אין גאַס און גאָרניט הערט מען פון די אַרויסגעפירטע נעכטן. קיינער אַחוץ דיך איז דערווײַלע ניטאָ. טאָרסטו זיך ניט באַווײַזן אין שטעטל. ביסט דער איינציקער מאַנצביל, און די גזלנים האָבן דאָך געוואָרנט: אַלע, אַלע מוזן קומען צו דער צוואַנגאַרבעט, אַניט וועט מען דערשאָסן ווערן. וועסט בײַ מיר זיצן אַהיים, ווײַבערשע זאַכן אָנגעטאָן, אַ טיכל אויפן קאָפּ...

— מען טאָר ניט...

— אַ נײַער צדיק! אַז ס׳גייט אין לעבן, מעג מען. שטיי אויף כּל־זמן מען זעט נאָך עפּעס. ליכט וועלן מיר ניט אָנצינדן.

זעלדע געפינט פאַר אים אָן אַרבע־כּנפות, זוכט אויס אירס אַ לאַנג קלייד

און אַ קאַפּטיכל. ברענגט אים צום בעט אַ קוואָרט וואַסער, אַ שיסל אָפּצוגיסן נעגל־וואַסער. ס׳העלפן ניט אירע תחנונים, ער זאָל שוין נעמען עפּעס אין מויל אַרײַן.

— צום גדליה... דעם סידור, דעם סידור, — בעט ער מיט אַ פאַר־שטיקט קול.

אינעם קלײד, מיטן טיכל אויפן קאָפּ דאַוונט ער אָפּ מינחה בײַם ראַזלעכן שײַן פון דער אונטערגײענדיקער זון, וואָס קוקט אַרײַן אין פענצטער. דורכן געררויש און דעם טשאַד אין קאָפּ געפינט ער אויפן הימל דרײַ שטערן און דאַוונט אָפּ מעריב. ערשט איצט פאַרענדיקט ער דעם תענית מיט אַ ברכה איבערן ברויט, וואָס ער טראָגט צום מויל מיט אַ צעציטערטער האַנט.

זײַן ווײַב שטײט לעבן אים מיט דער גלאָז טײ און אויף אַ טעלער — פענעצן ברויט, באַשמירטע מיט פאָווידלע — דעם אײנציקן פּראָוויאַנט וואָס זײ האָבן נאָך אין שטוב. אויף איר צושטײן, ער זאָל סוף־כּל־סוף זאָגן, וואָס איז געשען, ענטפערט ער בײזלעך:

— כ׳בין געלאָפן!

— און די זאַכן? און דער יום־טובדיקער גאַרניטער? דאָס נײַע אײבער־העמד?

— מען האָט געהײסן אויסטאָן.

— און?..

— געזאָלט געבן אַרבעטקלײדער. בין איך אַנטלאָפן.

גאַרניט וועט ער דערצײלן, גאַרניט! קײנעם קײן וואָרט ניט זאָגן. אפשר האָט זיך אים פאַרט בלויז אויסגעדאַכט. און אויב ער זאָל שוין יאָ שפּאַלטן ס׳מויל, וועט מען אים האַלטן פאַר משוגע און סײַ ווי ניט גלײבן. און אויב אַפילו מען וועט יאָ גלײבן? בלויז אָנטאָן צער וועט עס מענטשן. סײַ ווי קאָן מען זיך ניט העלפן. ס׳איז גאָטס ווילן, זײַן גזר, זײַן שטראָף פאַר זינד. אויך ער, משה־אַהרן, איז געוויס ניט רײן פון חטאים. אָבער גאָטס ווילן איז, אַז ער זאָל איבערקומען דעם מוראדיקן מבול. אַזאַ פסק־דין אום ראָש־השנה... ער האָט ניט קײן כּוח מער צו שטײן פאַרן מישפּט. שטײנער דריקן אים אַראָפּ די אויגן־לעדלעך. און ווידער פאַלט ער אַרײַן, פאַרטויבט פונעם גערויש אין קאָפּ, אין אַ קאַלטן און פינצטערן תהום אָן אַ דנאָ.

און אַז ער דערוואַכט, איז די קעלט וואָס האָט אים געהאַלטן אײַנגע־

קלעמט אַ גאַנצע נאַכט, נאָך אַלץ אַ קעלט, כאָטש דורכן פענצטער דערזעט ער אַ שטאַרק בלויען הימל און דער אינדרויסן איז אָפּגעגאָסן מיט זונשײַן.

אײנעם ווײַבס אַ לאַנג קלײד, מיטן טיכל אויפן קאָפּ, מיטן של־ראש אונטער דעם און אײַנגעהילט אין זײַן טלית, דאַווענט ער שחרית. און מחמת אויף אַ מנין אין בית־מדרש, אויף קריאת־התורה וועט ער זיך ניט דערוואַרטן, וואַרט ער טאַקע ניט — מיט פאַרכט בענטשט ער גומל און ענטפערט זיך אַליין אָפּ צען מאָל „אָמן!”.

אַלע ייִדישע פרויען, מײדלעך און קינדער זיצן פאַרטײַעט אין די שטיבער. זעלדע רוט אָבער ניט. זי מוז זיך דערוויסן, וווּ ער נאָך אין שטעטל האָט זיך דערוואַרט אויפן מאַן. און בכלל — הערן נײַעס. אײַלט זי טאַקע צוריק אַהיים מיט דער ידיעה, אַז די דײַטשישע אַרויסהעלפערס, ליטווינער מיט די ווײַסע אַרעמבענדער און מיט ביקסן, גײען פון שטוב צו שטוב. צוויי פון זיי וואַקסן אויס לעבן איר אין דער רגע, ווען זי גייט עפענען די טיר פון זייער שטיבל, און שטעלן זיך אַרײַן אינעווייניק.

משה־אַהרן! ווער האָט אים אַרויסגעשלעפּט פון שלאָפקאַמער? אין די ווײַבערשע זאַכן, מיט אַ קאַפּטיכל, מיט אַ שאַליק אַרום דאָס ניט־געגאָלטע פּנים, לאָזט ער זיך אַראָפּ אויף אַ שטול אין דער וווינשטוב און בלײַבט זיצן, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט — אַן אַלטע, צעקראַכענע ייִדענע.

די אומגעבעטענע אורחים דערקלערן, אַזוי און אַזוי, די נעכטן אַרויסגעפירטע געפינען זיך אין אַ לאַגער. צוואַנגאַרבעט אונטערן פרײַען הימל, און ס׳רוקט זיך אָן דער האַרבסט מיט רעגנס און קעלטן. קומען זיי נעמען פאַר אָט די ייִדן וואַרעם אָנטועכץ, שטיוול, מאַנטלען — נײַערע, בעסערע. אויך געלט קאָן מען שיקן, וועלן די אַרויסגעפירטע עפּעס דערקויפן צום עסן. ס׳איז פאַרט אַ לאַגער, און די קאַרגע באַשפּײַזונג מלחמה־צײַט...

זעלדע פאַרלירט זיך ניט. פירט אַרײַן די געקומענע אין שלאָפקאַמער, עפנט דעם קליידערשאַנק און זאָגט, אַז פאַרן מאַן וועט זי קיין זאַך ניט זשאַלעווען. אָט איז זײַן מאַנטל, זײַנע אַ פּאָר שיך, אַ פּאָר שטיוול, אַ פּראָסטער גאַרניטער. אין נײַעם איז ער דאָך אַוועק. אַפילו אַ ביסל געלט און אַ זאַק אײַנצופּאַקן די זאַכן גיט זי און שרײַבט אויף אים אָן אין ליטוויש דעם נאָמען און פאַמיליע־נאָמען פון מאַן. מען זאָל בײַם איבערגעבן קיין טעות ניט האָבן.

איבערגעקומען די סכנה, קומט זי ווידער אַרויס מיט טענות:

— געפּעלסט מיר ניט, משה־אַהרן. שװײַגסט מאָדנע.

צעקרימט זײַנע ליפּן אַ כּמו־שמייכל בעת ער ענטפערט:

— כ׳טראָג טאַקע װײַבערשע זאַכן, מוז איך קריגן נײַן מאָס רייד אויכעט? אַוודאי איז אונדז ניט גאַר פֿויגלדיק, אָבער גאָט איז אַ פֿאָטער.

משה־אַהרן איז איבערצײַגט, אַז ער דאַרף אַ צווייט מאָל בענטשן גומל.

אַוועק אַ טאָג, אַ צווייטער, אַ דריטער. דאָס שטעטל קאָן ניט קומען צו זיך. ניטאָ די מענער! די פֿרויען זיצן אין די שטיבער, וואַרטן. בלויז די רביצין, אײַנגעוויקלט אין איר שוואַרצער שאַל, דערוועגט זיך אַרומצושמײַען אין גאַס. צוויי מאָל אַ טאָג איז זי אין דער פּאָליציי־שטוב, פֿרעגט וועגן די אַרויסגעפֿירטע און באַקומט דעם זעלבן שטרענגן ענטפֿער — צוואַנגאַרבעט! פֿרעגט זי, ווי קאָנען אַרבעטן די עטלעכע עלטערע ייִדן, וואָס מען האָט נעבעך געמוזט אויף אַ פֿור אַוועקפֿירן. הייסט מען איר ווידער ניט זאָרגן. איר מאַן, דער רבֿ, איז אין דער שפּיץ פֿון אַלע ייִדן און זאָרגט זיך וועגן אַלעמען...

וועגן דער רביצינס שתּדלנות דערוויסט זיך זעלדע. דערציילט עס משה־אַהרנען און דערגיט:

— אויב ס׳איז טאַקע אַזוי, איז נאָך פֿאַראַן אַ גאָט אין הימל.

כאַפּט זיך משה־אַהרן אָן:

— גאָט שטעלט מען ניט קיין באַדינגונגען!

אַן אצבע־אלקים ממש דערזעט משה־אַהרן, ווען אין פֿרימאָרגן שלײַכט זיך פּלוצעם אַרײַן די רביצין אין זייער שלאָפֿצימער און טרעפֿט אים בײַם שחרית — דער טלית אויפֿן קלייד, פֿון אונטערן טיכל קוקט אַרויס דער של־ראָש.

— גאָטעניו־פֿאָטער, משה־אַהרן! — רופֿט זי אויס און בלײַבט אַ גע־פּלעפֿטע.

זי פֿרעגט ניט — ווי, וואָס, ווען? וויל ניט אַרײַנבערענגען אין אַ פֿאַר־לעגנהייט אַ מענטש, וואָס מסתּמא האָט ער זיך אויסגעבאַהאַלטן, געריזיקירט מיטן קאָפּ און ניט געשטעלט זיך צו דער צוואַנגאַרבעט, ווי אַלע האָבן עס געטאָן. זאָל אים גאָט העלפֿן. זי זאָגט בלויז:

— גוט! וועלן מיר מאָרגן האָבן צו כּל־נדרי אַ מאַנצביל בײַם עמוד.

אַ לאַנגן קיטל וועל איך ברענגען. כ׳קום איצט מודיע זײַן: געדאַוונט ווערט אין דער גרויסער שול.

אַוודאי איז עס פֿון גאָט, די רביצין זאָל ניט טרעפֿן זעלדען אין דער ווינשטוב און זוכן זי אין אַ צווייטן צימער, בעת אַלע דרײַ טעכטער וואָס האָבן עס צוגעזען, האָט אָפּגענומען ס׳לשון. ס׳איז פֿון גאָט, אַז ער, משה־אהרן, זאָל האָבן די זכיה צו דאַוונען יום־כּיפּור בײַם עמוד אין דער גרויסער שול, זײַן אַ שליח־ציבור און, מעגלעך, טאַקע אָפּשרײַען גזירות־נוראות. מוראדיק איז די צײַט. שוין באַלד דרײַ חדשים — הוילע פּורעניות, עינויים, קרבנות. אין זײַן קאָפּ דערוואַכן אַ פּויקערײַ, שיסערײַ, ס׳געררויש פּונעם מבול. אַן אויסדאַכטעניש? אַן אויסטראַכטעניש פֿון זײַן צעמישטן קאָפּ? און גאָט פֿון ישׂראל וואָס קאָן ווײַזן נסים און העלפֿט דעם גערעכטן, וועט צוריקשטעלן דעם סדר־העולם. מען דאַרף תּשובה טאָן, וועט דער בורא־עולם זיך מרחם זײַן. און ער, משה אַהרן, וועט האָבן אַ חלק אין תּיקון־העולם.

אמת, זעלדע קומט אַרויס מיט ספֿקות און באַוואָרענישן:

— דאַוונען בײַם עמוד? עפּעס, עפּעס... ס׳טדאַך ווערן אויס סוד. און עפּעס ניט גוטס רעדט מען וועגן די מאַנסלײַט...

דערלאָזט ניט משה־אַהרן צו זיך קיין קווענקלעניש: גאָט באַשירעמט אים און וועט העלפֿן כּל־ישׂראל אויכעט. גרייט ער זיך צום יום־הדין. קוקט אַרײַן אין דעם יום־כּיפּור־מחזור, אין דעם סדר־התּפֿילות.

כּל־נדרי... עס ברומט, ברומט אין אים דער אַלטער ניגון, דער אייביקער ייִדישער ניגון, אַן אייביק אַנגעלאָדענער מיטן ווידערקול פֿון פּײַן און יסורים. ער חזרט איבער די אַראַמישע ווערטער פֿון דער תּפֿילה, וויל דורכויס זיך קלאָר מאַכן זייער טײַטש. געוויס, אַ זכיה איז עס צו זײַן אַ שליח־ציבור, דערצו נאָך — אין אַזוינע טעג! פֿאַרשטייט זיך, אַז גיין אין שול וועט ער פֿאַרשטעלט — אין די ווײַבערשע זאַכן, מיטן טיכל אויפֿן קאָפּ, מיטן שאַליק אַרום פּנים. די פּויקערײַ אין מוח זאָל אַקאָרשט ניט צעמישן בײַם דאַוונען די מחשבות און כּוונות.

שטיינער זענען אַנגעוואַליעט אויף זײַנע אויגן־לעדלעך, וואָס ער הייבט, הייבט שווער. מיט גוואַלד רײַסט ער זיי אויף. פֿון זײַן צעמישטן קאָפּ שפּאַרן זיי אַרויס, די אויגן, און דערזעען דורכן פֿענצטער אַ לויטערן הימל, אַ לויטערן

פּרימאָרגן וואָס צעוואָרעמט די וועלט, הייבט אָוועק די שווערקייט פון זײַנע אויגן־לעדלעך, שטיקט צו די מהומה אין קאָפּ. אויך אין שלאָפקאָמער דרינגען זיי אַרײַן, גאָטס לויטערע לײַטזעליקייט און וואַרעמקייט.

משה־אַהרן שטייט אויף, אָנגעלאָדן מיטן ווילן מקיים צו זײַן די מיצוות פונעם בורא־עולם, פאַרפול מיט אַחריות פאַר זיך און פאַרן כּלל.

ס׳ציט זיך דער טאָג, שפּאַנט אָן האַרצווייטיק בײַ אַלעמען אין די ייִדישע שטיבער. פאַר נאַכט צו פאַרפאַסטן די פּרויען און מיידלעך מיט עפּעס־וואָס און מיט גאָר אַ סך טרערן. זיי וויינען לאַנג, ביטער און ס׳קאָן זיך דאַכטן, אַז ניט סטײַען וועלן קיין טרערן אויף אויסצובעטן אַ גוט יאָר פאַר זיך און פאַר אַלע ייִדן, און ראשית־כּל טאָקע אויסבעטן בײַם רבונו־של־עולם, ער זאָל צוריקבברענגען די מאַנסלײַט און ייִנגלעך. ניטאָ שוין קיין כּוח צו וואַרטן אויף זיי.

גוט אויסגעוויינט זיך, באַרויקן זיך אַ קאָפּ די פּרויען: אַלץ וואָס געקאָנט ביז איצט, האָבן זיי געטאָן. בלײַבט מתפּלל צו זײַן מיט האַרץ, און ס׳וועט, ס׳מוז גוט זײַן! אָט, אַפילו דער וועטער זאָגט אָן גוטס: אַזאַ גאָלדענער פאַרנאַכט מיט אַזאַ סאַמעט־וויכן ראָזלעכן הימל! גייען אַלע צו כּל־נדרי געטרייסטע — אַזאַ הימל וועט אויפנעמען זייערע געבעטן. ס׳פאַלט אײַן איינער אַ צווייטער פון זיי צו פרעגן, ווער ס׳וועט דאַווענען בײַם עמוד. די רביצין? מעג אַ ייִדענע דאַווענען בײַם עמוד?

די רביצין, זי האָט אַפילו אויסגעפּועלט אַ דערלויבעניש אָנצוצינדן עטלעכע ליכט אין דער שול. טוקן זיך ציטעריק אין דער פאַרטיקער פאַרנאַכטיקער סומנעקייט די צום לעבן אויפגעוועקטע, קוים באַשײַנטע פענצטער פון דער געמויערטער שול און רופן, רופן צו זיך. באַלד ווערט אָנגעפּראָפּט די עזרת־נשים מיט פּרויען, מיידלעך און קליינע ייִנגלעך, וואָס די מאַמעס לאָזן זיי ניט אָפּ פון זיך. אַפילו זויגקינדער האָבן מאַמעס און באָבעס געבראַכט צו טראָגן. ניט געבליבן אין די שטיבער פון שטעטל קיין לעבעדיק ייִדיש נפש.

ניטאָ קיין אָרט פאַר אַלעמען אין דער עזרת־נשים. ווער ס׳קומט שפּעטער, פּרוּווט אומזיסט זיך אַרײַנשפּאַרן אינעווייניק און בלײַבט אויפן טרעפּ, אין די צוגענג.

אונטן וואַרט די ליידיקע, קוים־קוים באַלויכטענע שול אויף מתפּללים,

וואָס וועלן ניט קומען. די לופט איז דאָ אָנגעפּולווערט מיט אַ געלבלעכן, גרימיק־דומפּיקן נעפּל, צי אַ קרעליקער שטויב אַזאַ איז עס. דער טיש אויפן באַלעמער איז אָן דעם צודעק, דער אָרון־קודש — נאַקעט הויל. גזלנישע ראַבירערס האָבן אַפילו דעם פּרוכת אַוועקגעשלעפּט, טראַכטנדיק מסתּמא אויף עפּעס צו פּאַרטאָן דעם סאַמעט, צי סתּם לשם שטילן אויפגעיוירטע יידן־שינאה.

אין לאַנגן ווײַסן קיטל וואָס די רביצין האָט אים געבראַכט, מיטן טלית איבערן קאָפּ, שלײַכט משה־אַהרן אַרײַן אינעם געלבלעכן, גרימיק־דומפּיקן נעפּל פון דער שול. ער שאַרט זיך צו צום עמוד, צינדט אָן צוויי מיטגע־בראַכטע ליכט, און זייערע פלעמלעך טוען זיך אַ צי אַרויף, ווי הענט אין אַ תּחנונים־געבעט. מיט ציטער עפנט ער דעם מיטגעבראַכטן מחזור און כאַפּט זיך, אַז מען דאַרף עפענען דעם אָרון־קודש, די תּפילות זאָלן לײַכטער געפינען דעם וועג צום אייבערשטן.

ווײ, ווײ, די ספר־תּורות — אָן מענטעלעך, געניזוקטע. כאַפּט זיי משה־אַהרן אָן מיט בײדע הענט, דריקט זיי שטאַרק און לאַנג. צוויי חשובים דאַרפן, יעדערער מיט אַ ספר־תּורה, זיך שטעלן פון בײדע זײַטן עמוד... איינער אַליין פון דער גרוב אַרויסגעקראָכן, מיט ליידיקע הענט און מיט אַ פרישׁ צעצאַפּלטער פויקעניש אין קאָפּ קערט משה־אַהרן זיך אום איינער אַליין צום עמוד. און דער רב, ווו איז? און דער עולם? ווו דאַוונען זיי אַלע? איינער אַליין, איינער אַליין, איין איינציקער מאַנצביל... מוז ער דאַוונען פאַר אַלעמען. מוז תּיכּף אָנהייבן, אָן שהיות, אַניט... אַניט וועט זײַן מויל פאַר־קאָוועט. טוט ער אַ ברום, אַ קרעכץ און קלאָגט אַרויס דעם אַלטן, ביטער אויסגעוויטיקטן יידישן „כּל נדרי ואסרי“...

די עזרת־נשים ווערט פאַרטײַעט: אַ מאַנצביל!!! אַ רגע בלויז איז די עזרת־נשים פאַרטײַעט. באַלד שפּריצט דאָרטן אַרויס אַ ציטעריק געוויין און נאָך אים רײַסט זיך אַרויס, אַ באַפרײַטער פון קלעם, געיאָמער־שטראָם, באַגלייט פון יללות און ווייגעשרייען. זיי כאַפּן אַרײַן משה־אַהרנען אין גע־ווירבל זייערן, און ס׳נעמען אים שווינדלען פאַר די אויגן — די צוויי ברע־נענדיקע ליכט אויפן עמוד, די אותיות אינעם מחזור. ער ראַטעוועט זיך אָבער אַרויס. אַ שליח־ציבור איז ער, מוז ער אַלץ גובר זײַן. זײַן קול דאַרף גיין הויך. וואָרט בײַ וואָרט שרײַט ער ממש אויס די תּפילה.

אָבער אָט מישט זיך אַרײַן אַן אַנדער קול, וואָס רופט אויס תקיפותדיק:

— גוט יום־טוב, ווײַבער! און זײַט וויסן: געענדיקט! מער דין איך ניט בײַ ייִדן!

ס׳איז יאַנאַס, דער שבת־גוי אין שטעטל, וואָס ייִדן האָבן פאַרייִדישט זײַן נאָמען אויף „יונה". ער איז עס, דער אַלטער, אײַנגעהויקערטער „יונה" מיט די לאַנגע גראָע וואָנצעס — אויסגעפוצט אין אַ גוטן גאַרניטער, געניית ניט אויף זײַן מאָס, אין אַ נײַעם קאַפּעליוש — אַלץ, אָן ספק, פונעם הפקר געוואָרענעם ייִדישן האָב־און־גוטס. דערהערט אַ מענערשטים, לאָזט ער זיך צום עמוד. גיט העזהדיק אַ קאַשער אָפּ דעם טלית פון איבער משה־אַהרנס קאָפּ. רײַסט אַרונטער דעם שאַליק פון זײַן פּנים און צעהירזשעט זיך. זײַן הייזעריקע, שטענדיק הכנעהדיקע שטים צישעט גאַליק אויף און דווקא אויף ייִדיש:

— גאָר משה־אַהרן! פון יענער וועלט אַראָפּגעקומען, וואָס?

ער וואַרט ניט, „יונה", אויף קיין צוריקענטפער. אַ לאָז גיט ער זיך צום אַרויסגאַנג מיטן שאַליק אין האַנט, בורטשענדיק אונטערוועגנס:

— דאַוון, דאַוון...

משה־אַהרנען קוועטשט זיך צונויף דער גאַרגל, און ס׳פּויקעניש אין קאָפּ נעמט גאָר שטאַרק זעצן. ער קאָן ניט ווײַטער. אָפּגענומען ס׳לשון. פאַר־שטײַפט זענען הענט און פיס. אין די אויערן — אַ בראַזגערײַ, אַ שיסערײַ, אַ גאָסרעגן. און אַן אויסגעשריי, דאַכט זיך אים, זעלדעס צי ניט אירס: „לויף, אַנטלויף!"

ווי קאָן ער לויפן? די פיס פאָלגן ניט. אַנטלויפן אין מיטן כּל־נדרי? דער איינציקער ייִדישער מאַנצביל אין שטעטל איז ער. גאָט האָט אים מציל געווען, כּדי ער, משה־אַהרן, זאָל שטיין פאַרן עמוד, אַ שליח־ציבור, און פאַר אים — גרויסע, מיט שוואַרצן פלאַם ברענענדיקע ווערטער פון כּל־נדרי... דרײַ מאָל מוז מען איבערחזרן די תפילה. „יונה" האָט אים איבערגעהאַקט בײַם סוף פון ערשטן מאָל.

טוט משה־אַהרן אַ הייב זײַן רעכטע האַנט און גיט אַ שווערן זעץ איבערן עמוד — שטיל זאָל זײַן!

דער קלאַפּ האָט אים גופא, משה־אַהרנען, ווי אומגעקערט ס׳לשון. הייל־כיק, מיט אַ ווילד צערודערטער נגינה איז ער ממשיך דאָס דאַוונען.

פאַרגעסן אינעם קהל, נעמט ער זיך איַלן, ווי אין באַוויַזן צו ענדיקן די תּפילה, גייט עס וועגן גורל פון אַ גאַנצער עדה אין נײַעם יאָר. די אויגן איַנגעזויגן אין די ווערטער פונעם מחזור, שרײַען זיי דורך אים אַרויס, די ווערטער, שרײַען אַריבער די וואָרענונג, וואָס טראָגט זיך פון דער עזרת־נשים: „לויף, אַנטלויף!"

משה־אַהרן באַוויַזט, דריַ מאָל איבערגעחזרט כּל־נדרי, קומט ער צום פּסוק „סלח נא לעוון העם הזה!" און פּלאַצט אַרויס אין יידיש:

— זײַ מוחל אונדזערע זינד! ראַטעווע דײַן פאָלק, גאָט פון ישׂראל!

אַ דומפּער קנאַל, אַ שאָס פאַרלויפט דעם ענטפער בציבור — „סלחתי כּדבריך" — וואָס דאַרף קומען פון קהל.

דער שאָס וואַרפט אום משה־אַהרנען אויפן עמוד.

און ווידער האָט אים גאָט באַשיצט. משה־אַהרן פילט, אַז ער לעבט, שפּירט ניט קיין ווייטיק, בלויז אין קאָפּ, אין קאָפּ... מיט ביידע הענט שפּאַרט ער זיך איַן אינעם עמוד, גלײַכט זיך אויס. פאַר גאָט מוז מען שטיין אויסגעגליכן, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, מעג עס אין אים פּויקן, און ממשיך זײַן די תּפילות מוז מען, ניט אָפּטרעטנדיק פון אָרט.

הייבט ער שווער אויף די אויגן־לעדלעך... ערשט מען דערלאַנגט אים אַ שטורך פון רעכטס, פון לינקס. אַ בלאָנדער שייגעץ מיט אַ ווײַסן אַרעמבאַנד און אַ ביקס אין דער האַנט — פון רעכטס. אַזאַ איינער — פון לינקס. אַנטלויפט פון זיי משה־אַהרן, אַרויספאַלנדיק מיט די אויגן אויפן מחזור, זאָגט אָפּ בקול רם דעם „שהחיינו", וואָס קומט לויטן סדר־התּפילה, בקול רם אין אַן אימהפּולער שטילקייט, און צעכליפּעט זיך.

מלאכי־חבלה פאַרטראָגן ניט, אַ פּנים, קיין מאַנצבילש געוויין.

פּלאַצט בייז אַרויס איינער פון זיי אין ליטוויש:

— גענוג!

און דער צווייטער דערגיט:

— ענדיקן זיך מאָליען וועסטו אויף דער צוואַנגאַרבעט. געגאַנגען!

## באָרוועס איבער שניי

כ׳האָב אויסגעהערט דעם ייִד, וואָס איז געקומען צו מיר זיך אַראָפּריידן פון האַרץ. אויסגעהערט אים און אויפן אָרט באַשלאָסן: נייך, כ׳וועל ניט פאַר־שרײַבן און ניט פּובליקירן די אַכזריותדיק־טראַגישע געשיכטע, וואָס ער האָט מיר פאַרטרויט, כאָטש דער ייִד האָט עס אויסדריקלעך געבעטן, ממש געפּאָדערט. צוליב דעם איז ער בעצם געווען צו מיר געקומען.

מער ווי ווען ניט איז פריִער, האָב איך איצט פאַרשטאַנען דעם בעל־פּינקס פון די גזירות ת״ח און ת״ט, וואָס האָט ניט געוואָלט באַשרײַבן אַ ל ע באַגאַנגענע רציחות אויף ייִדן, בכדי ניט צו פאַרשעמען דעם מין מענטש, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן אין גאָטס געשטאַלט.

נאָר דאָ, אין אַ געוויסער צײַט אַרום, איז אַרײַנגעפאַלן אין מײַנע הענט אַ רשימה פון אָפּגעטונקטע אין ייִדיש בלוט נאַצי־משרתים, וואָס האָבן געפונען אַ מקום־מיקלט אין אַמעריקע, און קעגן וועלכע מען האָט סוף־כּל־סוף פאַרפירט אַן אויספאָרשונג: גענומען קלײַבן באַשולדיקונג־מאַטעריאַלן און צוליב דעם געזוכט עדי־ראיה פון זייערע מעשׂים־נוראָים. אין דער רשימה פון די טרייפענע נעמען האָט פיגורירט אויך איינער אַ פּיאַטראַס זשיליאַניס פונעם ליטווישן שטעטל אַנושישאָק...

יאָ, ס׳איז יענער! דער זעלבער! וועגן אים האָט עס זיך געהאַנדלט אין דער אַכזריותדיק־טראַגישער געשיכטע... האָב איך דעם ייִד, וואָס איז געווען צו מיר געקומען זיך אַראָפּריידן פון האַרץ, באַלד מודיע געווען, אַז ער קאָן און דאַרף אומבאַדינגט ווערן אַ וויכטיקער עדות, און אַליין זיך דעצידירט אָנצושרײַבן אַ דערציילונג אויפן סמך פונעם פאַקט, וואָס איך האָב פון אים זיך דערוווּסט.

אָט איז זי, די דערציילונג.

א

אַלץ גרויער און קעלטער און שטײַפער ווערט די לופט אין דער כאַטע נאָך דעם, ווי דאָס סקריפּענדיקע קול פון דער פויערטע שײַערט זי עטלעכע מאָל אַדורך מיט דער פראַגע:

— איז וואָס, וואָס?

איר מאַן, אַ פּויער מיט אַ טשופרינע העלע האָר און געדיכטע געלבלעכע וואָנצעס, זיצט בײַם נאַקעטן טיש און ענטפערט ניט. אַנשטאָט דעם טוט ער אַ שאָר אין איר ריכטונג אַ ליימענע שיסל מיט אָקערשט אָפּגעקאָכטע קאַרטאָפל אין פּעלצלעך, וואָס שטייט אויפן טיש. איבער די קאַרטאָפל ציטערט אַ פּאַרע, ציטערט ווי אין מורא פאַר עפּעס גורלדיקס און זייער האַרבס.

דאָס נידעריק אַראָפּגעלאָזטע, פעט פאַררייכערטע געבעלק דריקט מיט זײַנע ריפּן אויף אַלץ און אַלעמען. דריקט צונויף צו איין שטיק גליווער דאָס ביסל טאָגליכט, וואָס איז אַרײַנגעדרונגען דורכן באַדעקטן מיט פראָסט־געמעלן פענצטערל.

— נו, וואָס? — לאָזט די פויערטע ניט אָפּ.

ווי זי איז געקומען פון דרויסן, אַזוי שטייט זי אָן אײַנגעקוטעטע אין אַ ברוינער, האַריקער פּאַטשיילע — אַ מגושמדיק באַשעפעניש — שטייט אַ גרייטע עפּעס אָנצוהויבן טאָן און פאָדערט ניט אַזוי אָן ענטפער, ווי די הסכמה פון מאַן.

און ער טוט ווידער אַ רוק צו איר די שיסל קאַרטאָפל:

— טראָג איר אַוועק... עלעהיי אַ הונט...

— אַ הונט! — כאַפּט זיך אָן די פויערטע, און אירע הענט אונטער דער פּאַטשיילע נעמען זיך אומגעדולדיק באַוועגן. — ער איז אַ היטער, אַ גוטער פרײַנד, אַ הונט איז אָן אָנשפּאַר. און זי, זי וועט אַרויפברענגען אויף אונדז דעם אומגליק. נאָר דעם אומגליק. — אַ רגע געשוויגן, קומט זי אַרויס מיט טענות: — צו וואָס האָבן מיר רחמנות געהאַט, צו וואָס? כ'קוק אויף די שכנים. רויק רייכערן זיך זייערע קוימענס, און איך שלאָף קיין נעכט ניט. אויף אונדז איז קיין רחמנות ניט, וואָס?

זי פאַרקריכט אין אַ ווינקל און צעהעשעט זיך.

שטייט דער פויער אויף, טוט אָן זײַן שאָפּן טולעפּל, וואָס איז געלעגן אויפן טאָפּטשאַן, פאַרטראַכט זיך און פרעגט אויסשפּירעריש־צעצויגן:

— איז ווי זאָגסטו, הייסט עס דאָרטן? מסתמא האָסטו אַ טעות.

— אַ טעות?! — צאַפּלט אויף די פויערטע, צינדט זיך אַזש אָן: — שוין גאָר קיין טעות ניט! די פּאָליציי אין אַנושישאָק זאָגט צו פאַר אָן אויסגעבאַהאַלטענעם ייִד צי, פאַרשטייט זיך, אַ ייִדישקע, זאָגט זי צו חזיר־פלייש און מעל. לויטן געוויכט פון דעם אַרויסגעגעבענעם ייִד אָדער ייִדישקע. כ׳קום דאָך פון שטעטל. און פאַרן אויסבאַהאַלטן ייִדן וועט מען שיסן. יעדע רגע קאָנען אונדזערע קינדער בלײַבן יתומים. טאָר מען ניט וואַרטן! און אײדער זי וועט אָפּהאָבן, וועט אַרײַן אין לעבעדיקן וואָג דאָס וואַסער, וואָס פליסט אָפּ...

דער פויער דרייט האַסטיק אַוועק זײַן פּנים פונעם ווײַב, שפּאַרט אַרויס פון מויל אַן אומדײַטלעך געפּרעפּל און וואַקלט אַרויס אין דרויסן מיט דער שיסל קאַרטאָפּל.

ס׳געדויערט ניט לאַנג און ער קערט זיך אום, שוין אָן די קאַרטאָפּל אָבער מיט אַ תּרעומה:

— ווו איז דײַן שׂכל? ווען דער שנײַער איז אָפּן קאָנסטו זאָגן, מיר ווייסן פון גאָרניט. זי איז אַרײַן אָן דײַן וויסן, אַרײַנגעגנבעט זיך בײַ נאַכט. נעמסטו און פאַרריגלסט דעם שנײַער פון אויסן.

פּלאַצט די פויערטע אַרויס מיט אַן אויסגאָס פון רייד:

— פאַרריגלט דעם שנײַער! און טאָמער פּאַלט איר אײַן צו אַנטלויפן? מען פאַרהאַלט זי, מען פרעגט, ווו זי האָט זיך אויסגעבאַהאַלטן ביז אַהער. לייגט זי אַלץ אויס... אַלץ! זענען מיר פאַרלוירן. דער פאַרריגלטער שנײַער, זאָגסטו. און די שיסל קאַרטאָפּל, טאָמער מען געפינט? פון הימל אַראָפּגע־פאַלן, וואָס? און מיינסט, מען ווייסט ניט, ווער ס׳האָט דאָרטן אויסגעפּעלט בײַ דער גרוב, האַ? צו ביסלעך, צו ביסלעך געפינט מען זיי, די אַנטלאָפענע ייִדעלעך. מען זוכט זי שוין אַוודאי, דער באַקאַליי־קרעמערקעס טאָכטער. אַ קענטיקע אַזאַ. און ווער זאָגט עס, אַז בלײַבן לעבן מוז דווקא זי? פאַר וואָס, לאָמיר זאָגן, ניט איר מאַמע? טאַקע אַ ייִדישקע, אָבער אַ ווילער מענטש ז׳געווען איר מאַמע. פלעגט געבן אויף באָרג און יאָרן ניט געמאָנט דעם חוב. געדענקסט? ליגט איר מאַמע, אַזאַ אָרנטלעכער מענטש, צוזאַמען מיט אַלע אַנטיכריסטן אין דער ייִדנגרוב...

דער פויער הערט עס שוין ניט צום ערשטן מאָל. ער געפינט זיך קיין

אָרט ניט און לאָזט זיך אַראָפּ אויף זײַן בענקל בײַם טיש, נאָך אַלץ אָנגעטאָן אין טולעפּל. אויך די פּויערטע, ניט האָבנדיק אַראָפּגענומען די פּאַטשיילע, זעצט זיך צום טיש און פּרוּווט איבערצײַגן דעם מאַן:

— אַדרבא, באַקלער, ווי וועט זי זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ פּולער וועלט מיט דײַטשן? און לעבן אין אַ וועלט אָן ייִדן? דערצו נאָך מיט אַ קינד. איז פּאַר איר אַליין שוין גלײַכער צו מאַכן אַ סוף. אָפּגעפּטרט און שוין! וואָס מיינסטו, זי מוטשעט זיך ניט אין שײַער? אין קעלט, אַ טראַגעדיקע... אָפּגעפּטרט און אויפגעהערט לײַדן... פֿריִער צי שפּעטער, סײַווי וועט זי עס מוזן איבערקומען...

— ס'אַ זינד, — טוט זיך אַ הייב פֿון אָרט דער פּויער און נעמט אַרומ־שפּאַנען איבער דער שטוב.

— די ייִדן, — צעהיצט זיך ווידער זײַן ווײַב, — גאָט האָט זיך אָפּגעקערט פֿון זיי און פֿאַרשאָלטן. פֿאַרן באַראַבעווען קריסטן, פֿאַרן אַראָפּברענגען אַהער די גאָטלאָזע באָלשעוויקעס, פֿאַרן אויסטראַכטן די קאָלכאָזן — פֿאַר־שאָלטן. ס'איז גאָטס שטראָפֿנדיקע האַנט. אַזוי זאָגן אַלע. ווילסטו זיך אַנטקעגנ־שטעלן גאָט?

— איך?! — בלײַבט דער פּויער שטיין, אַ געהאַמעוועטער. — איך טראַכט נאָר, אַז ס'איז גאָטס אַ באַשעפעניש. דערצו טראַכט איך, אַז מיר האַלטן זי ניט אומזיסט.

דערהערט זײַנע לעצטע ווערטער, וואַרפֿט די פּויערטע אַראָפּ פֿון זיך די פּאַטשיילע, טוט תּקיף אַ הייב דעם קאָפּ און צעשרײַט זיך:

— קלאָר, אַז אומזיסט! הונדערט צוועלף טעג איר געגעבן אָן אָפּדאַך, געגעבן עסן. פֿינף מאָל אַרײַנגעלאָזט בײַ נאַכט אין שטוב זיך אַרומצווואַשן. נישקשה, איך צייל דאָס אַלץ. געגעבן איר מײַנס אַ העמד און איר שמוציקס אויסגעקאָכט, זי זאָל ניט פֿאַרלײַזיקט ווערן. און די גאַנצע צײַט געשטעלט זיך אין טויט־סכּנה! אַליין די קאַרטאָפֿל וואָס זי האָט אויפֿגעפֿרעסן! אויך אַ שטיקל פֿלייש האָבן מיר איר אָנגעבאָטן. ווער איז שולדיק, אַז זי עסט ניט קיין חזיר־פֿלייש? באַרעכן — איר חתונה־רינג, די גאָלדענע קייט, ווי זי זאָגט, איר באָבעס, רעכן אַפֿילו אַרײַן דעם חוב, וואָס מיר זענען געבליבן שולדיק איר מאַמען, ווּעסטו זען, וויפֿל זי בלײַבט שולדיק אונדז. נאָר כ'וויל מער קיין חשבונות ניט פֿירן. כ'האָב מורא פֿאַרן טויט!

— און איך טראַכט, — זאָגט דער פויער זיך זעצנדיק ווידער צום טיש, — ווילסטו פון איר פּטור ווערן, קער איר אום דעם ריגג, די קייט. דערגיב אַ ביסל געלט אויפן חשבון פון חוב. וועט זי האָבן צו באַצאָלן עמעצן אַן אַנדערן... ווען כ׳האָב איר געבראַכט די קאַרטאָפל, האָט זי מאָדנע געקרעכצט. מען וואָלט זי געדאַרפט אַרײַננעמען אין שטוב, העלפן אָפּהאָבן. אַ קו נעמט מען אין אַ פראָסט אויך אַרײַן אָפּצוקעלבן זיך. זי קרעכצט, מען קאָן דערהערן. אַ סכּנה צו האַלטן זי אין שײַער...

די פּויערטע גיט זיך אַ הייב פון אָרט, ווי עמעצער וואָלט זי איבערגע־שראָקן און לאָזט זיך צום אַרויסגאַנג. איר שטאַרקער קלאַפּ מיט דער דרויסנטיר קוועטשט נאָך נידעריקער אַראָפּ דאָס געבעלק איבער דער כאַטע, איבערן פויער, וואָס בלײַבט גליווערן בײַם נאַקעטן טיש.

ב

גנביש־אָפּגעהיט עפנט די פּויערטע דעם שײַער. צוגעשלײַכט זיך צום געהיימאָרט אינעם היי, דערהערט זי עפּעס אַ יאָמערלעך שעפּטשען — אַ תּפילה, צי וואָס? טוט עס דער פּויערטע אַ צופּ בײַם האַרץ. זי גיט אַ הוסטל, דעם אָפּגערעדטן צייכן, אַז ס׳איז אַן אייגענער, און זאָגט שטיל און ליבלעך:

— ראַכילע, הערסט מיך?

אינעם אויסבאַהאַלט רײַסט זיך ניט איבער דאָס גויענדיקע געמורמל. יידיש, אַוודאי! פון זינען אַראָפּ, צי וואָס? אוי, מאַריאַ הייליקע, ס׳קאָן עמע־צער דערהערן!

ס׳מורמלעניש איז טאָקע יידיש. שטיל, דבקותדיק חזרט איבער אַ היי־זעריקלעכע, אויסגעשעפּט־מידע פרויענשטים:

— מאַמע, מאַמעניו! זאָג, זאָג יוספן, אַז זײַן קינד האָב איך אויסגע־טראָגן. פאַר אים, פאַר יוספן... טײַער צאָל איך, אוי טײַער... אַזעלכע עינויים! גאָט זאָל העלפן, ווײ, ווײ, ווײ...

די פּויערטע שאַרט האַסטיק אָפּ דאָס היי פון וועג און פאַלט צו צו דער אויסגעבאַהאַלטענער:

— ראַכילע, דערבאַרעם זיך, האַלט זיך אײַן! מען קאָן דערהערן. ווילסטו, פיר איך דיך אַוועק צום דאָקטער אין אַנושישאָק.

— האַ? — שפּיצט זיך אָן די אויסגעבאַהאַלטענע. פון היי הייבט זיך

אויף אַ שוואַרצער קאָפּ האָר און פאַלט צוריק, אַרויסלאָזנדיק אַ שטאַמלעניש אין ליטוויש: — נייק, נייק... מען טאָר ניט, פּאָניע טײַערע, מען טאָר ניט... איך בין דאָך אַ ייִדישקע...

די פּויערטע איז צופרידן, וואָס יענע פאַרשטייט די לאַגע. זאָגט זי:

— געוויס, ביסט אַ ייִדישקע. דעריבער זײַ שטיל. טאָרסט ניט שרײַען. דאָ טאָרסטו ניט. ווילסטו שרײַען, פיר איך דיך צום דאָקטער, ועסטו שוין מעגן...

— ניין... ניין... — בעט זיך יענע, שווער אַרויספּרעסנדיק דורך אירע פאַרטריקנטע ליפּן יעדן טראָף. די אויפקומענדיקע ווייען צעקנעטן, צעברעקלען די ווערטער: — ניין... אין ער־געץ טאָר איך ניט שרײַ־ען. כ׳מוז ש־וו־ײַ־ג־ן...

זוניק פּראָסטיקע טאָגליכט דרינגט אַרײַן אין שײַער דורך שפּאַלטן אין די ברעטערווענט, זאַפּט זיך אײַן אין די הויך אָנגעלייגטע סקירדעס היי און צעקריכט זיך איבערן אַרומיקן האַלבטונקל. אויך אויף זיך דערפילט די פּויערטע עפּעס קריכעדיקס — אײַז קאַלטע יאַשטשערקעס אויפן נאַקעטן לײַב! קיין גוטער סימן איז עס ניט. באַפרײַט זי אַ האַנט פון אונטער דער פאַטשיילע, טוט אַ פיר הין און צוריק איבער איר קערפּער, ווי וועלנדיק אָפּשאַרן פון אים די פּויזנדיקע ברודן... פּלוצעם טוט זי אַ כאַפּ די שיסל נאָך וואַרעמע קאַרטאָפל, וואָס איז געשטאַנען לעבן דער ייִדישקע, און טראָגט האַסטיק אַוועק פאַר די חזירים.

זי ווייסט וואָס ווײַטער צו טאָן: אין שטעטל, אין דער פּאָליציי־שטוב! מען וועט זי דאָרטן באַפרײַען פון דער פּעטליע, אין וועלכער זי האָט אַרײַנגעשטעקט איר קאָפּ צוליב אַ רגע רחמנות האָבן און פאָלגן דעם מאַן. איר קאָפּ, דעם קאָפּ פונעם מאַן, דעם עקשן, און אפשר אויך די קעפּ פון זייערע טעכטער וואָס אַרבעטן אין שטאָט, מוז זי אַרויסצי׳ען פון דער פּעטליע. אַלע וועלן ווערן אויסגעלייזט פון דער טויט־סכּנה און דערצו נאָך באַקומען אויסגעצאָלט דעם רעשט, וואָס די ייִדישקע איז זיי שולדיק... ניטאָ וואָס מורא צו האָבן, טאָמער יענע דערציילט דעם פּולן אמת. וואָס איז איצט ווערט דאָס וואָרט פון אַ ייִדן? גאָרניט! פאַר דער פּאָליציי דאַרף עס הייסן: הײַנט אין דער פרי האָט זיך די ייִדישקע אַרײַנגעגנבעט...

ג

אײַן אײנציקער באַוועגלעכער טונקעלער פלעק אויפֿן אָפענעם שניי־שטח, וואָס אַרום כוטער. אָן אײַלנדיק געשטאַלט אויפֿן בלענדיק ווײַסן שניי...

פיאַטראַס זשיליאָניס דערזעט דעם אַוועקאײַלנדיקן טונקעלן פלעק, קען פעסטשטעלן, אַז ס׳איז אָן אײַנגעקוטעטע אין אַ פאַטשיילע ווײַבספּאַרשוין, וואָס פאַרנעמט זיך צום שטעטל. אויך ער שפּרײַזט אַהין. פליכטן, דינסט. דערצו וועט ער אומבאַדינגט פרעגן זײַן עלטסטן, צי ס׳איז טאַקע אַזוי ווי ער, דער עלטסטער, האָט געכטן זיי בסוד פאַרטרויט: אַמעריקע איז אַרײַן אין קריג, און איצט קאָנען די דײַטשן פאַרשפּילן, קוים האָט אַמעריקע זיך אַרײַנגעמישט. דעריבער טאָר מען ניט איבערלאָזן קיין איין לעבעדיקן ייִד. אַניט וועט זײַן, ווער ס׳זאָל דערציילן... דערהערט עס געכטן, האָט ער, פיאַט־ראַס, זיך געהאַט שטאַרק דערשראָקן און ערשט פאַרן אײַנשלאָפן בײַ נאַכט זיך געכאַפּט: טאָמער ס׳איז שלעכט, אַנטלויפט ער קיין אַמעריקע! ער האָט דאָרטן צוויי ברידער, וואָס אַרבעטן אין טשיקאַגער בוינעס. געלט פעלט אים ניט איצט. אויך צום געלט האָט ער עפּעס־וואָס: זייגערלעך, רינגעלעך, אוירינגלעך, קייטעלעך — און אַלץ פון גאָלד!

אָבער דערווײַלע גייט ער אין שטעטל. ווען ער זאָל זיך לאָזן פאַר קווער דעם געהעפט, פון וואַנען דער טונקעלער ווײַבספלעק האָט אַרויסגעאײַלט, שפּאָרט ער אײַן אַ שטיק וועג. ס׳איז אים ביז אַהער ניט אײַנגעפאַלן, אַז טאָג־טעגלעך מאַכט ער אָן אומוועג. פרייט ער זיך מיטן גוטן אײַנפאַל. ס׳קומט טאַקע אויס צו טאַפּטשען איבערן ניט אויסגעטראָטענעם טיפן שניי. אָבער וואָס אַרן אים איצט שניי און נעץ? זיינע שטיוול! אַהאַ, די זשידעס האָבן געוווּסט, וואָסערע שטיוול זיך צו נייען! און זייער אונטערוועש וואָס ער טראָגט! און דער וואָלענער יאַק! און די צוקערקעלעך וואָס ער דערפילט אין קעשענע! נעמט ער אַרויס אַ בלעכן שקעטעלע, עפנט, קלײַבט אויס אַ געלע, זיסלעך־זויערע צוקערקע און וואַרפט אַרײַן אין מויל. אַ מאָל... ער איז גאָר קליין געווען, און אויך שפּעטער, נאָכן קויפן עפּעס בײַ דער ייִדישער קרעמערקע אין שטעטל, פלעגט זי אַליין אָדער הייסן איר ראָכילען געבן אים אַ מאַגעריטש — עטלעכע צוקערקעלעך. שפּײַעכץ פלעגט בײַ אים רינען, די אומגעדולד פלעגט נאָגן ביזן דערוואַרטן זיך, די דאָזיקע ייִדישקעס זאָלן אַראָפּנעמען פון דער פּאָליצע וואָס הינטערן טאָמבאָנק אַ הויכע בלעכענע

פושקע, אָפּציילן פֿאַר אים אויף אַ שטיקל צײַטונג־פּאַפּיר עטלעכע גלאַנציקע רויטע, געלע צי גרינע צוקערקעלעך און צוריק שטײַף פֿאַרקוועטשן דאָס דעקל. בלויז עטלעכע אָפּגעציילט. געזשאַלעוועט האָבן די ייִדישקעס. איצט האָט ער אין שטוב, אַ דאַנק די דײַטשן האָט ער אַ פולע פושקע, געקויפט פֿאַר אייגן געלט...

ווען זיי זענען אַרײַן, די דײַטשן, האָבן אים ליטווישע חברים אָנגעטאָן אַ ווײַסן אַרעמבאַנד אויפֿן לינקן אַרבל, געגעבן אַ ביקס און גערופֿן גיין זיך אָפּרעכענען מיט די זשידעס און קאָמוניסטן. ער איז תּיכּף געלאָפֿן אין באַקאַליי־קראָם. איז זי פּוסט געווען. אויסגעליידיקט געוואָרן שוין פֿריִער. האָט ער אויסגעלאָזט זײַן צאָרן צו דער קרעמערקע און איר טאָכטער. אָנשטאָט צוקערקעס — אַרויסבאַקומען פון זיי געלט. אַראָפּגעשלעפּט זיי רינגען פון די פינגער. בײַ דער אַלטער אַ פּאָר גאָלדענע אוירינגלעך אַראָפּ־געריסן.

אַריבערגעטאָפּטשעט אַ ריװ, אַרויפֿגעהויבן זיך אויף אַ קליינעם שיפֿוע, שטייט ער איצט הינטער אַ שײַער, וועלכן מען דאַרף אַרומגיין. און דאָ — עמעצער קרעכצט דאָרטן אינעם שײַער. פֿאַרהאַלט ער זיך, שפּאַנט אָן ס׳גע־הער. ס׳אַ פּרויענשטים. אַ ווײַבספּאַרשוין קרעכצט פֿאַרשטיקט, פֿאָרט זיך אוודאי... ס׳רײַסט זיך אַרויס אַ דומפּ אויסגעשריי. פון דער העכסטער הנאה, מסתּמא...

צינדט זיך אָן פּיאַטראַס: ער טראָגט אַ ווײַסן אַרעמבאַנד, אַ ווינטער־היטל פון דער אַמאָליקער ליטווישער אַרמיי, אַ ביקס — אויפֿן אַקסל. אַלע האָבן פֿאַר אים אָפּשײַ, האָבן מורא. ער האָט ייִדן פון זייערע הײַזער אַרויס־געיאָגט. צו די גריבער געטריבן און געשאָסן. אין די ייִדישע שטיבער לעבן איצט ליטווינער, ווען ס׳ייִדישע פֿאַרמעגן איז אָנגעקומען. איצט היט ער די דאָזיקע נײַע אָרדענונג, שלעפּט זיך צום וואַכדינסט. און אין שײַער האָט מען הנאה פון ווײַבער אין מיטן העלן טאָג...

האָסטיק הייבט ער זיך אַריבער איבער אַ שטאַכעטענעם פֿאַרקנדל, פֿאַרנעמט זיך צום אַרײַנגאַנג אין שײַער. ס׳צעבילט זיך אַ הונט, רײַסט זײַן גאָרגל מיט רציחה. גוט, וואָס דער בילער איז אויף אַ קייט בײַ דער בודע אין מיטן געהעפֿט, אַניט וואָלט ער אים אָנגעקלייגט. הנאה טוט אים אָן דער כּוח פון זײַן ביקס.

אַרײַנגעכאַפּט זיך אין שײַער, פאַרקייטלט פּיאַטראַס דעם טויער פון אינע־וויניק און בלײַבט שטיין אַנגעשפּיצט. הינטער אַ סקירדע היי איז עס: אַ שאָרך, אַן אײַנגעהאַלטן סאָפּען...

— ווו זענט איר דאָרטן? — פרעגט ער וואַזשנע, מעשה בעל־הבית, און גרייט זיך שוין צו שיקן דעם מאַנצביל צו אַל די רוחות.

אַ פאַרחלשטע פּרויענשטים ציטערט אויף הינטערן היי:

— מאַמעניו, נעם צו דאָס קינד...

יעזוס־מאַריאַ, ייִדיש! ער פאַרשטייט אַ ביסל ייִדיש, זיך אויסגעלערנט פון די זשידעס. קאָכט אין אים אויף די יוכע: ווידער, נאָך אַלץ ייִדיש?!

און ווידער דערהערט זיך אַן אויסגעמאַטערט קול פון אַ פרוי:

— נעם צו דאָס קינד און זאָג מיר — ס'אַ ייִנגעלע? אַ מיידעלע?

אַ שוואַכער פּישטש פון אַן עופל דערהערט זיך פון הינטערן היי, און דאָס געביל אין דרויסן גיט זיך אַ ריס פונעם הונטס קעל מיט אַ באַנײַטער עזות.

עטלעכע האַסטיקע באַוועגונגען, און פּיאַטראַס איז לעבן אָרט אינעם היי, פון וואַנען עס טראָגט זיך ס'ייִדישע באַלעמוטשעניש און דאָס פּישטשען. אַ ליגנדיקע ווײַבספּאַרשוין אין אַ רויט קאָפּטל מיט אַ פאַרקאַטשעטע קלייד, די פיס צוגעדעקט מיט אַ מאַנטל, אַנטדעקט ער. אין דער אונטערשטער פאָלע פון איר פאַרבלוטיקט קלייד — אַ נאַקעט, בלויהויטיק עופל, וואָס קאָרטשעט זיך און נויעט. אַ קוק, און פּיאַטראַס דערקענט דאָס ווײַבל, כאָטש איר שוואַר־צער קאָפּ האָר איז ווילד צעשויבערט און די שוואַרצע אויגן אירע קריכן אַרויס פון זייערע לעכער.

— ראָכילע! — טוט ער אַ ריטשע. — מען ט'דיך געזוכט! די גאַנצע צײַט זוכט מען דיך. אָהאָ, ס'טו זיך באַהאַלטן! האָב איך, איך האָב דיך געפונען! און מיט אַ קינד!

— אָקערשט, אָקערשט... געבוירן, געבוירן... — איז זי אים ווי מודיע אין ליטוויש.

צעהירזשעט ער זיך, אַ שטוינענדיק־גליקלעכער, און נעמט אַרויס זײַנע צוקערקעס:

— געדענקסט אײַער מאַגעריטש? געענדיקט מיט די ייִדישע נדבות! און דו, שטיי אויף! און ס'קינד נעם מיט!

אַרײַנגעוואָרפן אין מויל אַ פּאָר צוקערקעס, דערפילט ער דעם חיותדיקן טעם פון אַ זיס־זײַערלעכער פליסיקייט. הייבט זיך זײַן מוט און ער באַשליסט: ניט קיין פליישׁ און מעל! סײַ ווי גיבן דערוויַלע די דײַטשן אַ קוויטל בלויז. פּאַר נאַראָנים איז עס. געלט וועט ער פאַרלאַנגען. געלט לייגט מען אַרײַן אין קעשענע און האָסט עס אומעטום!...

— כ׳דערקען דיך פּיאַטראַס, — נעמט דאָס ווײַבל שעפּטשען אין ליט־ווישׁ. — קענסט מײַן מאַמע... זאָג איר. זאָג, זי זאָל צונעמען דאָס קינד, יוספּס קינד...

— גוט, גוט, צו דײַן מאַמען, קום צו דײַן מאַמען! — מאַכט ער פּאַר איר אַ וואַרע אינעם היי, געפינט אַ פּאָר ברוינע פּרויענשיך, באַטראַכט זיי און באַשליסט, אַז זיי זענען עפּעס ווערט. שטופּט ער אַרײַן איין שוך אין אַ קעשענע פון זײַן פּעלצל, דעם צווייטן שוך — אין דער צווייטער קעשענע.

ער דערמאָנט זיך פּלוצעם: ראַכילע פאַרמאָגט אַ גאָלדענעם צאָן, וועלכן ער פלעגט איר מקנא זײַן. נאָכן פאַרענדיקן מיט איר, וועט ער דעם גאָלדע־נעם צאָן אַרויסרײַסן. גאָלד איז שטענדיק אַ טײַערע זאַך. פרעגט ער מיט נײַגער:

— דײַן גאָלדענער צאָן איז צוליב שיינקייט אָדער סט׳געמוזט אַרײַנ־שטעלן?

זי פאַרשטייט ניט וואָס ער פרעגט, און גלאָצט אויף אים מיט אויגן פון אַ מת. זאָגט ער שטרענג:

— גאָלד! אַלע זשידעס האָבן גאָלד!

— כ׳זאָל אַזוי לעבן, כ׳האָב ניט... האָב ניט, — פאַרטיידיקט זיך דאָס ווײַבל און נעמט זיך בעטן: — העלף... דאָס קינד... נאָך דער מלחמה... מיר האָבן קרובים... אין אַמעריקע...

דערהערט — אַמעריקע — דערשרעקט זיך פּיאַטראַס: גערעכט זײַן עלטסטער. פאַרטיליקן אַלע זשידעס!

— אויפשטיין! — באַפעלט ער און נעמט אַראָפּ די ביקס פון אַקסל. מיטן געווער אין האַנט איז ער דער האַר פון דער וועלט!

זי פרוווט אויפשטיין, האַלטנדיק דאָס ניט אָפּגעבונדענע קינד אין דער פאָלע פון איר קלייד. פרוווט זוכן אירע שיך. דערלאָזט עס ניט פּיאַטראַס, אויסרופנדיק שטרענג:

— געגאַנגען!

ער דערפֿרייט זיך: צוויי און צוואַנציק זשידעס האָבן אונטערוועגנס צו דער גרוב געמאַכט פּליטה. צוואַנציק האָט מען שוין געכאַפּט. נאָך צוואַנציק גייט איין און צוואַנציק, איז עס לויטן חשבון — די איין און צוואַנציקסטע. ער ברענגט גאַנצע צוויי. וועט עס זײַן... דרײַ און צוואַנציק, וואָס? לויטן שׂכל מוז ער באַקומען טאָפּל, פּאַר צוויי ייִדן. דאָס איז וויכטיק, און ניט לויטן געוויכט, פֿון קאָפּ וועט ער פֿאַרלאַנגען. וויפֿל קאָן שוין וועגן דאָס ווערעמל? גאָרנישט מיט נישט.

אָן אײַנגעהויקערטע, מיטן קינד אין דער פֿאַלע פֿונעם קלייד, טרעט זי אַ באָרוועסע איבערן שפּיזיק שטעכיקן היי, אַ באָרוועסע איבערן אַכזריות־דיק סמאַליענדיקן שניי. מיט ווײַס־ווײַסן, גלײַכגילטיק ברײַענדיקן זאַמד איז פֿאַרווייעט דער מידבר אַרום. אַנשטאָט לופֿט — ווײַס אַנגעצונדענער שטויב, וואָס שׂרפֿעט דעם אָטעם און פֿאַרבלענדט מיט אַ ביטער שאַרפֿן ווייטיק די ראיה. ניט קיין טרערן — בלוט רינט פֿון די אויגן. בלוט — פֿון די אויגן ביז צו די פּוסטריט. אין אַ בראַנד פֿײַערדיקן ווײַסן שוים זינקען די פֿיס. און די הענט ציטערן, האַלטן קוים אײַן די טײַערע לאַסט, וואָס איז צוגענאַפּלט צו איר.

— מאַמעניו, דאָס בין איך, דײַן טאָכטער רחל. בינד אָפּ יוספֿס קינד, בינד אים אָפּ פֿון מײַן גורל... איך גיי באָרוועס איבערן שניי... ווי, אויך דו ביסט באָרוועס... און אַלע גייען מיר באָרוועס איבער שניי...

ס׳האָבן זיך געבלעזלט די ווערטער אויף אירע ליפּן אין ייִדיש.

אינעם ווײַס־ווײַסן מידבר באַגלייט זי אַ מאַנצביל, וואָס קאָן איר העלפֿן. קרעכצט זי צו אים אַרויס אין ליטוויש:

— פּיאַטראַס, טו אַ חסד מיטן קינד... האַלט מיך אונטער...

ד

דער אָנגעקייטער הונט בילט די גאַנצע צײַט. צווינגט דעם פֿויער אין דער כאַטע עפּעס טאָן. סקראָבעט ער אָפּ אַ ביסל דאָס געפֿריר אויף איין פֿענצטערל, אויף אַ צווייטן און זוכט אויסשפּירעריש דעם שולדיקן אינעם הונטס אומרו. קײנעם ניט דערזען. קיינער איז אין כאַטע ניט אַרײַן. זײַן ווײַב ווײַזט זיך אויך ניט. קומט אויף דער חשד, אַז די צרה איז אינעם שנײַער.

האַלט דער פויער זיך אָפּ אַרויסצוגייןָ... ווי לאַנג מעג אָבער אַ בעל־הבית הערן זײַן הונט בילן און מאַכן זיך ניט וויסנדיק?

נאָך אַלץ אַן אָנגעטאָענער אין טולעפּל, שאַרט ער זיך אַרויס אין דרויסן, דערזעט די ייִדישקע און נאָך איר...

— פּיאַטראַס, וואָס טוסטו? — גיט דער פויער זיך אַ ריס צו אים, ניט באַטראַכטנדיק וואָס ער אַליין טוט און רעדט.

בריט אים יענער אָפּ מיט אַ בליק פול גאַליקן שפּאָט:

— דער הונט ט׳געהאַווקעט, טויטע געקאַנט אויפוועקן. און דו? מורא געהאַט די נאָז אַרויסצושטעקן. געוווּסט וואָס אין שײַער...

— דערלייזער, הייליקער! געזאָגט, מען דאַרף זי אַרײַנגעמען אין שטוב. זיך געבעטן בײַם ווײַב... — באַלעמוטשעט דער פויער צו זיך און רופט ווידער אויס: — פּיאַטראַס, וואָס טוסטו?!

ווער קאָן זיך איצט גלײַכן צו אים, פּיאַטראַסן? אַ פאַרמעגלעכער בעל־הבית איז גרייט פאַלן אים צו די פיס, צו די פיס פון אַן אָרעמען באַטראַק. אַלע, אַלע האָבן איצט פאַר אים אָפּשײַ, האָבן מורא. צוגעקוועטשט צו זיך די ביקס, דערקלערט ער גרויסהאַלטעריש וואָס ער טוט:

— איך האַלט אָרדענונג! קיינער פון זיי טאָר ניט בלײַבן!

אַ רגע צופרידן אָנגעקוקט דעם פריטשמעליעט־פאַרלוירענעם פויער, כאַפּט ער אַראָפּ די ביקס און באַפעלט אים:

— ס׳גאָלד, די ברילִיאַנטן וואָס זי׳ט דיר געגעבן... כ׳וועל קומען אָפּ־נעמען און מאַכן מיט דיר אַן אָרדענונג. דערוויילע שפּאַן דעם שליטן, ייִדנ־קנעכט! זי׳ט ניט דערגיין מיטן ייִדן־ווערעמל, אַ באָרוועסע איבערן שניי...

## דער שמד אינעם בײַשטיבל

ס'איז פאַר נאַכט און נאָך אַלץ הייס, זייער הייס אין דרויסן. ס'איז דושנע, דערשטיקט צו ווערן אין דער ענגשאַפט פון צונויפגעשפאַרטע מענטשן. ווי ניט קענענדיק מער אויסהאַלטן די שטיקעניש, האָט אָרטשיק דער משוגענער, אין אַ פונאַנדערגעשפיליעט און איבער די הויזן אַרויסגעלאָזט שמאַטעוואַט אונטערהעמד, מיט אַ צעקאָדערטן אַרבע־כּנפות אויף אים, אַ ווילד באַוואַק־סענער און צעשויבערטער, פּלוצעם זיך אַ ריס געטאָן צום אָפענעם אַרויסגאַנג פונעם בײַשטיבל, הייזעריק אויסרופנדיק:

— ייִדן, זײַט אונדז ניט מקנא!

אויסגערופן צו די ייִדן אין פּאָליש און געמיינט בעיקר די ייִדן אין דער אָנגעפּראָפּטער שול.

די צוויי פאַרשײַטע העלהאָריקע ליטווישע שקצים, אין לויזע רעקלעך פון דאָרפיש געוועבטן גרויען לײַן, מיט ווײַסע בענדער אויפן לינקן אַרבל און ביקסן אויף די פּלייצעס, וואָס זענען געשטאַנען שמירה בײַם אַרײַנגאַנג אין בײַשטיבל, האָבן זיך געכאַפּט צום געווער.

אָרטשיק האָט אָפּגעפּראַלט פון זיי, האַסטיק זיך צוריקגעצויגן, אַ געהאַ־מעוועטער, אײַנגעקאָרטשעטער. זענען די שומרים געבליבן צוגעקאָוועט צום אָרט. זײַן אויסגעשריי האָט אָבער אַ טאָרע געטאָן די פאַרקלעמטע שטומעניש, וואָס אינעם בײַשטיבל; אַ טאָרע געטאָן די אָפּגעטעמפטע חושים פון די מענטשן, וואָס זענען דאָ געשטאַנען פריטשמעליעטע אָדער האָבן אויסגע־שעפּטע זיך צעלייגט אויפן דיל.

נאָך אָרטשיקס אויסגעשריי האָבן דערוואַכטע אויגן פון די מענטשן אינעם בײַשטיבל שרעקעוודיק זיך אַ ווענד געטאָן צו דער עפענונג: „ווער עמעצער אַרויסגיין? ווער עמעצער אַרײַנגיין?"

דערוויַילע איז קיינער ניט אַרויס פון דאַנען. און אַרײַנגעגאַנגען איז מען אַהער קוים האַלטנדיק זיך אויף די פיס, און מיט פאַרחלשט אַראָפּגעלאָזטע אויגן — אויף ניט צו זען קיין זאַך, אויף ניט צו באַמערקן קיינעם און כּדי ניט מבֿיש צו זײַן זיך און יענעם.

קיינער האָט פון דאַנען ניט געפרוווט אַרויסגיין. אויך קיינער איז האַרט פאַר אָרטשיקס אויסגעשריי און נאָך אים מער ניט אַרײַן אַהער צו.

מיינט שוין קיינער ניט פון די ייִדן דאָרטן אין דער שול, אין פּאָליש, מיינט שוין קיינער ניט פון די ווײַבער אין דער עזרת־נשים, אַז טאַקע דאָ, אין סומנעם און זייער דושנעם בין־השמשות פונעם בײַשטיבל קאָן מען זיך ראַטעווען? גלייבט מער קיינער ניט פון זיי דעם זשוואַוון גלחל אין דער שוואַרצער סוטאַנע מיטן בלענדיק ווײַסן, שטייַיקן קרעגעלע אַרום האַלדז, וואָס איז אַ פאַרסאָפּעטער אָנגעלאָפן און געפּועלט בײַ די שומרים, וואָס בײַם אַרײַנגאַנג אין שול, אַלע — אָרטיקע שקצים, אים אַרײַנצולאָזן אינעווייניק.

קליינוווקסיק, מאָגער, האָט ער פלינק זיך געהאָט אַרײַנגעשפּאַרט אין דער געדיכטעניש פונעם עולם און אויסגעזוכט עטלעכע פון זײַנע באַקאַנטע שטעטלשע בעלי־בתּים, אָפּגעפירט זיי אין אַ זײַט און געוואָרנט, אַז מען וועט דערשיסן, פּראָסט און פּשוט — דערשיסן! און אַז גריבער זענען שוין צוגע־גרייט. און לויט דער גרייס פון די גריבער פאַרשטייט ער, אַז מען וועט אַלעמען אָן אויסנעם דערשיסן. און ווייסן ווייסט ער אויך, אַז פאַראַן איז איין אויסוועג — דער קאָשטשאָל. איין יעזוס קאָן באַשיצן, מחמת דער ייִדישער גאָט האָט זיך אָפּגעקערט פון זײַנע גלייביקע און אַראָפּגעשיקט אויף זיי היטלערן. איין אײנציקער אויסוועג — גאָטס זון און דאָס טויפוואַסער. דעריי־בער — ווער ס׳וויל בלייבן לעבן, זאָל האַסטיק, האַסטיק אַרײַן אין בײַשטיבל. ער׳ט קומען זיי נעמען אין קאָשטשאָל אַרײַן.

געפּועלט האָט ער אויך, אַז צוויי שומרים זאָלן באַוואַכן די יעניקע, וואָס זענען גרייט צו ווערן אויס ייִדן. באַוואַכן און באַשיצן זיי.

ווער ס׳וויל בלײַבן לעבן, זאָל אַרײַן אין בײַשטיבל...

לעבן האָבן געוואָלט אַלע. און אַז דער טויט איז ממשותדיק און אַכזריות־דיק, האָט מען שוין געזען. אין מיטן העלן טאָג, אויפן מאַרקפּלאַץ... אַ ספר־תּורה האָבן די היגע צעיושעטע היטלער־משרתים, אָנגעפּירט פון אַ דײַטש אין ברוין מיט אַ האַקנקרייץ אויפן אַרבל, פונאַנדערגעוויקלט אויפן מאַרק־

פּלאַץ. מיט ביקסן־קאָלבעס אַרויפגעשטויסן אויף דער רייניקייט דעם יונגן שטעטלשן רב און געפּאָדערט, ער זאָל טאַנצן. און געשטויסן מיט די קאָלבעס, געשטויסן אין אים, ווײַל ער האָט ניט געטאַנצט; געשטויסן ביז ער איז געפאַלן, ביז זײַן בלוט האָט רויט פאַרגאָסן דעם פאַרמעט. דערנאָך האָט מען די צונויפגעטריבענע אַהער ייִדישע מענער דערשאָסן און אַרויפגעוואָלגערט אויפן טויטן רב, אויף דער פונאַנדערגעוויקלטער ספר־תורה. געהייסן האָט עס, אַז מען האָט זיך אָפּגערעכנט מיט די ייִדישע קאָמוניסטן...

צו מאָרגנס האָט מען צונויפגעכאַפּט אין שטעטל פּופּציק, געגנט פּופּציק ייִדישע מאַנסלײַט. אַרויסגעפירט האָט מען זיי ערגעץ, ווי זיי שטייען און גייען. ייִדן האָבן זיך געבראָכן דעם קאָפּ: ווו זענען אַהינגעקומען די פּופּציק? אָנגעוואָרפן השערות, און שוין — אַ נײַע גזירה: צונויפגעטריבן אַלע ייִדן ביז איינעם אין דער גרויסער שול. און ווי נאָר צונויפגעטריבן זיי, האָבן די מלאכי־חבלה אָנגעהויבן זייער שפּיל: אויפן עמוד האָט זיך באַוויזן סטאַלינס אַ גרויס בילד, און באַפוילן איז געוואָרן, מען זאָל פאַר אים קני͏ִען און שרײַען: „סטאַלין, אונדזער גאָט און פאָטער!"

און אַז מען האָט ניט געקניט און ניט געשריִען, האָבן ביקסן זיך צעשריִען מיט זייער געדונער־לשון. טויטע זענען געפאַלן, אַנטשוויגענע. פאַרוווּנדיקטע האָבן געגוואַלדעוועט, קאָרטשענדיק זיך אויפן דיל פון יסורים. זייערע קולות האָבן זיך צעמישט מיטן געיאָמער און מיט די יללות פון עולם, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט זוכן אַ שוץ, אַן אויסבאַהאַלט אויפן גלאַטן דיל פון דער שול, וואָס אירע בענק און שטענדערס זענען פאַרשוווּנדן שוין פריִער. דעמאָלט האָבן די צעיושעטע שיכּורע פראַצים אויסגעקערט די געבראַכטע אַהער עט־לעכע פעסלעך וואַסער צו טרינקען און באַפוילן די ייִדן אָפּצוואַשן פון זיך זייערע זינד לגבי די קריסטן אינעם פונאַנדערגעגאָסענעם וואַסער אויפן דיל.

מיט ביקסן און פײַער האָבן אין דער שול געוועלטיקט די משרתים פון טויט. זיי האָבן באַפוילן שטיל זאָל ווערן, ווען ניט וועלן זיי שיסן. און געשאָסן. זיי האָבן צוגעענדיקט די פאַרוווּנדיקטע, זיי זאָלן ניט שרײַען און ניט שטערן די רו. זיי האָבן באַפוילן אַרויסצוטראָגן די הרוגים און זיי באַגראָבן אויפן שולהויף. מיט אַן אָפּשרעקנדיקער שיסערײַ אין דער לופט האָבן זיי צוגעשטיקט די יללות און געוויינען און טאַקע אײַנגעשטעלט רו.

— איצט קענט איר אויפשטיין! — איז געקומען אַ דערבאַרעמונג־באַפעל.

פּאַמעלעך, פּאַמעלעך האָט זיך אויפגעהויבן דער עולם, אָנגעשפּאַנט צו וויסן, וואָס ווײַטער וועט זײַן.

— לערער, וואָס זאָגט איר דערצו? און וואָס טוט מען? — האָט אַ יונגע מאַמע אַ שעפּטשע געטאָן צו אַן עלטערן מאַנצביל אין ברילן, לעבן וועלכן זי איז צופעליק אויפגעשטאַנען.

— וואָס קאָן איך זאָגן? — איז געווען דער ענטפער, באַגלייט פון אַ דומפן קרעכץ. — די וועלט איז אַראָפּ פון זינען. אַ קלאָרער מענטש קאָן זיך קיין עצה ניט געבן.

און ווידער אַ שיסערײַ און געשרייען לעבן אַ פענצטער אין דער שול. געשרייען און יללות. אַ פּאָר בחורימלעך האָבן געפּרוּווט זיך אַרויסרײַסן דורכן פענצטער, און באַצאָלט מיטן לעבן. און נאָך עטלעכע מענטשן זענען פאַרכאַפּט געוואָרן פון קוילן.

— ייִדן, זעט זיך צו האַלטן. באַהערשט זיך! ברענגט ניט אַרויף קיין צרה אויפן כלל! — האָט מען זיך געבעטן איינער בײַם צווייטן.

מען האָט זיך באַהערשט און ס'האָט זיך אײַנגעהאַמעוועט די יוכע פון די טויט־משרתים, וואָס האָבן געבעל־הבתעוועט אין דער שול און אַרום איר.

די לעבעדיקע האָבן, פאַרלוירענע, געציטערט איבערן אייגענעם לעבן, איבערן לעבן פון די נאָענטסטע. דער טויט איז דאָך געווען אַזוי ממשותדיק און אַזוי אַכזריותדיק, קומט דאָס גלחל און פאַרזיכערט דאָס לעבן.

ייִדן האָבן אים ניט געוואָלט גלייבן, געקוועטשט מיט די פּלייצעס: ווי וועט מען עס אַלעמען, אַ גאַנצע עדה אומברענגען? ווײַבער, קינדער, זקנים, פּיצעלעך...

— צו וואָס, אויב אַזוי, האָבן זיי פאַרשריבן אַלע פאַרשפּאַרטע אין דער שול, האַ? אַפילו די קינדער. אַ סימן, מען פירט אַ חשבון, און ניט אַלץ איז שוין הפקר, — האָט עמעצער געלאָזט הערן זײַנע אַ מיינונג, און עולם האָט זי צופרידן אויפגעכאַפּט און אונטערגעהאַלטן.

געווען ייִדן וואָס האָבן געמאַכט אַזאַ אויספיר: אין סאַמע ערגסטן פאַל וועט מען אָוועקנעמען דאָס ביסל אייגנס און, ווי מען שטייט און גייט, פאַר־טרײַבן פון שטעטל ערגעץ אויף קאַטאָרגע. עמעצער האָט אַפילו געוווּסט

צו זאָגן, אַז פירן וועט מען אין לובלינער ייִדן־רעזערוואַט צי קיין לאָדזש, ווו היטלער קלײַבט צונויף אַלע ייִדן און וועט זיי דאָרטן געבן אַן אויטאָ־נאָמיע... ס'וועט טאַקע זײַן ניט גאָר זיס, מען וועט וווינען אין באַראַקן, מען וועט האָרעווען פון פינצטער ביז פינצטער. מען וועט אָבער איבערלעבן דעם נײַעם המן. אַמעריקע וועט דעמאָלט אַלץ פאַרגיטיקן, וועט אַלעמען שטעלן אויף די פיס, און דאָס גלחל איז בלויז אויסן צו פאַנגען נשמות.

— לאָזט אײַך ניט פאַרפירן פון אַ גלח! — האָט געפאָכעט מיט די פויסטן דער שטעטלשער שוחט, אַ ייִד אַ גבר מיט אַ רויטער באָרד. — סטראַשען טוט ער. מען זאָל שיסן? וואָס זענען מיר, בהמות, קעלבער, מען זאָל סתּם קוילענען?

דער אַלטער רב, אַ פאַרשמאַכטער, קוים זשיפּענדיקער, האָט קוים־קוים אַרויסגעבראַכט איבער די פאַרטריקנטע ליפּן זײַן וואָרענענדיק וואָרט — לויט דער גמרא און דעם רמב"ם — וועגן היייליקן דין פון „יהרג ואַל יעבור". ער האָט געפּרוּווט רעדן וועגן דער מיצווה פון גיין אויף קידוש־השם און זיך צעכליפּעט.

האָט עמעצער גאַליק באַמערקט, אַז דעם רב איז לײַכט צו רעדן. זײַנע אַכציק יאָר וועט שוין קיינער פון אים ניט אַוועקנעמען, און דאָ בושעוועט דער טויט.

ייִדן האָבן מיט האַרצקלעמעניש איבערגערעדט, אַז דער יונגער רב, דער קדוש, וואָלט שוין אַ זאַכלעכערע עצה געגעבן און אויך געפּסקנט, צי מען זאָל גלייבן אַ גלח.

לעבעדיקע ווילן לעבן. און אַז מען קאָן זיך ראַטעווען אינעם בײַשטיבל, איז אַוועק פון מויל צו מויל — אין שול, אין דער עזרת־נשים.

דער ערשטער איז געלאָפן זוכן אַ ראַטוניק אָרטשיק דער משוגענער. ער'ט געוווּסט אַז מען שיסט טאַקע ייִדן. ניט בלויז אין דער שול און ניט בלויז אויפן מאַרקפּלאַץ. ער איז געווען צווישן די גענומענע פּופּציק מאַנס־לײַט. געבראַכט האָט מען זיי אין אַ וועלדל, געבראַכט צו אַ גרוב און באַפוילן זיך אויסטאָן, אַניט וועט מען שיסן. און אַז מען איז געשטאַנען אין גאַנצן צעחושט און ניט געפאָלגט, האָט עס אַ קנאַל געטאָן און מענטשן זענען געפאַלן אין גרוב אַרײַן. האָבן אַנדערע פאַר שרעק גענומען זיך אויסטאָן און ער, אָרטשיק, האָט פאַר שרעק זיך אַ טראָג געטאָן, אַרײַנגעכאַפּט זיך אין אַ

געדיכטעניש פוןביימער און קוסטעס, געלאָפן און אַרייַנגעלאָפן אין שטעטל מיט אַ מוראדיקער בשׂורה.

האָט אים דער עולם אויסגעלאַכט:

— אַ משוגענער! ווי וועט מען עס סתם שיסן מענטשן?

איצט איז אָרטשיק דער ערשטער געלאָפן זיך ראַטעווען אין בייַשטיבל, ברומענדיק מיט רוגזא:

— ייִדן, מען האָט געשאָסן און מען וועט שיסן. ראַטעוועט זיך!

דאָס גלחל האָט געוואָרט. זעענדיק אַז מען פאַרנעמט ניט זייַן וואָרענונג, איז ער ווידער אַוועק איבער דער שול, אַרויף אין דער עזרת־נשים און אַלץ געטענהט, אַז מען וועט אַלעמען דערשיסן. ער ווייסט עס גענוי. אַזוי זאָל אים העלפן גאָט!

מיט אַן אויפגעשרויפטן פּאַטאָס האָט ער געפּריידיקט:

— ייִדן, איר זעט דאָך, אַז אייַער גאָט האָט זיך אויסגעקערט צו אייַך מיטן רוקן און נעמט ניט אויף אייַער געבעט און אייַערע טרערן. איז קלאָר, אַז ער הייסט אייַך גלייבן אין זייַן זון, דעם דערלייזער, וואָס אויך ער איז אַ ייִד און געקומען איז ער אַראָפּצוברענגען דאָס הימלישע קיניגרייַך אויף דער זינדיקער ערד. פאַרשטייט, איך בין אויסן אייַך צו ראַטעווען און באַשיצן. אייַער לעבן, ס׳לעבן פון אייַערע קינדער ליגט אין אייַערע הענט. ראַטעוועט זיך! ס׳קאָן ווערן שפּעט!

דאָס קליינוווקסיקע, דאַרע גלחל האָט געוואָרנט, געסטראַשעט.

איז אַוועקגעלאָפן אין בייַשטיבל אַ מאַמע מיט אַן עופעלע אויף די הענט. איר מאַן איז געווען צווישן די „פּופּציק", וואָס האָבן זיך ניט צוריקגעקערט, און בלויז זי אַליין קאָן איצט עפּעס טאָן פאַר זייער קינד.

האָט אַרייַנגעשלייַכט אין בייַשטיבל אַ יונג פּאָרפאָלק, האַלטנדיק זיך פאַר די הענט. אוי, ווי זיי האָבן געוואָלט אייַנהיטן דאָס צוזאַמענלעבן, פון וועלכן זיי האָבן בלויז טועם געווען.

דערנאָך האָט זיך אַדורכגעשפּאַרט צום בייַשטיבל אַ גאַנצע משפּחה — מאַן, ווייַב מיט זייערע קינדער. דערנאָך — נאָך אַ משפּחה און נאָך איינע. און יחידים. און אַן אַלמן, אַ הויכער, מאָגערער ייִד מיט פיר קינדערלעך, צוגעטוליעטע צו אים. און אַלע זענען אַרייַן אין בייַשטיבל מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, קוים שטעלנדיק אַ טראָט, קוים באַוועגנדיק מיט אַן אבר. צו לעצט

האָט זיך אַרײַנגעשפּאַרט אַ קליין ייִדעלע מיט אַ בערדל. ער האָט געהאַלטן אַ תּהילימל פֿאַר די אויגן און ניט אויפֿגעהערט האַסטיק, האַסטיק צו זאָגן די פּסוקים, ווי ער וואָלט זיי געזופּט איינס נאָכן אַנדערן.

ס'איז פֿול געוואָרן דאָס בײַשטיבל.

דער דושנער פֿאַרנאַכט האָט אַלעמען דאָ צונויפֿגעפּרעסט צו איין אומ־געדולדיק אָנגעשפּאַנטער דערוואַרטונג. מען האָט געוואַרט, געוואַרט און געשוויגן.

ווי ניט קאָנגעדיק זיך דערוואַרטן, איז אָרטשיק ווידער צוגעלאָפֿן צום אַרויסגאַנג און אַרײַנגעשריִען אינעם געמורמל, וואָס האָט זיך געצאַפּלט אין פּאָליש און בעיקר אין דער שול. אַרײַנגעשריִען גרילציק, קוויטשיק, מיט אַ שאַרף צוגעשניצט קול:

— ייִדן, כ'וויל ניט זײַן קיין משומד!

אויסגעשריִען און זיך האַסטיק אַ צי געטאָן אויף הינטערוויַילעכץ.

די צוויי שומרים בײַם אַרײַנגאַנג האָבן בעת־מעשׂה ניט באַוויזן זיך צו טאָן אַ קער. זענען זיי געבליבן שטיין, ווי גאָרניט וואָלט פּאַסירט.

דערווײַלע איז אָרטשיק פֿאַרקראָכן אין אַ ווינקל, פֿאַרשטעלט פֿון מענטשן, און זיך צעטענהט:

— ייִדן, האָט רחמנות, כ'וויל ניט זײַן קיין וואָרעם מיט אַן אָפּגעשיילטער הויט. ייִדן, אַז מען שיילט אַראָפּ די הויט, בלײַבט רוי פֿלייש, רויט און גליטשיק, רויט און פּריקרע, רויט און ס'קערט צו ברעכן...

עמעצער האָט אים געפּרוּווט אײַנשטילן:

— רב אָרטשיק, באַרויִקט זיך. גאָט וועט העלפֿן.

האָט עס אים נאָך מער צערייצט:

— גאָט? וועלכער גאָט?! אונדזער גאָט איז אַ־אַ־אַ...

ער האָט געזוכט אַ שאַרף לעסטערוואָרט און זיך פֿאַרהאַקט. אַרויסגע־האַלפֿן האָט אים אַן אויפֿגעיוירטער צאָרן, וואָס האָט זיך אַרויסגעשפּאַרט פֿון זײַן מויל:

— זייער גאָט איז אַ רוצח! ייִדן, ווילט איר ווערן זײַנע שותּפֿים? ייִדן, כ'וויל ניט זײַן קיין בהמה מיט אַן אַראָפּגעצויגענער פֿעל. איר פֿלייש איז רויט און גליטשיק. בהמות זענען מיר און אָפּגעשיילטע ווערעם!

די רייד האָבן ווי אָפּגעבריט זײַן צונג. ער האָט געוואָלט נאָך עפּעס

אַרויסברענגען און זיך גענומען ווערגן מיט קאָכעדיקע ווערטער. האָט עס אים ווידער אַ הייב געטאָן, אַ טראָג אַוועק געטאָן צום אַרויסגאַנג. אין פּאָליש, דערנאָך אין שול האָט ער זיך אַרײַנגעריסן מיט אַ ווילד געוווי:

— כ׳וויל ניט זײַן קיין משומד!

אין בײַשטיבל האָט מען דערהערט בלויז אַ שאָס, באַגלייט פון וויי־געשרייען. און עמעצער האָט דאָ געפּסקנט:

— אוי, אַ משוגענער, אַ משוגענער.

שטיל איז דאָ געוואָרן און נאָך סומנער און נאָך דושנער. און די אומגעדולדיק אָנגעשפּאַנטע דערוואַרטונג האָט געקוועטשט די מענטשן אין אירע קלעמען: „ווען וועט שוין דאָס גלחל קומען און אַן עק זאָל׳ס נעמען?!״ אין דער דאָזיקער דערוואַרטונג פלעגט זיך אַרײַנמישן אַ פאַרכטיקער באַגער: „זאָל ער זיך פאַרזאַמען, פאַרזאַמען, דערווײַלע קאָן געשען, וועט געשען עפּעס, און מען וועט פאַרשפּאָרן...״

אַנדערע זענען געווען זיכער, אַז ס׳איז אַ חלום, אַ שרעקלעכער חלום־קאָשמאַר. אַז מען וועט זיך אויפכאַפּן, וועט שײַנען די זון. ט׳מען שטוינען, צו וואָס מען קאָן זיך דערטראַכטן אין אַ גרוילפולן שלאָף.

קיינער האָט ניט געפירט קיין וויכוח. ניט מיט זיך אַליין, ניט מיט קיין אַנדערע. קיינער האָט קיין זאַך ניט געוואָלט אויפקלערן. ניט זיך און ניט קיין אַנדערע. ניט פאַרטיידיקן זיך און ניט זוכן קיין פאַרשטענדעניש בײַ קיינעם. מען איז איבערגעטראָטן די שוועל פונעם בײַשטיבל, און שוין. בײַ איינעם איז דערבײַ אַ משא פון ווייטיקדיקער קווענקלעניש אַראָפּגעפאַלן. אויף אַ צווייטן האָט אַ משא פון אומכּבוד צו זיך אַליין זיך אַרויפגעוואַלגערט און אים צוגעדריקט צו דער ערד. אַנדערע האָבן, ווי אַזעלכע וואָס טרינקען זיך, געפילט אַז זיי האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין עפּעס, און אויך אַ טרייסט געפונען: אַלץ איז דאָך לפנים וועגן. די אַנוסים אין שפּאַניע האָבן אויך קיין ברירה ניט געהאַט, זיך געשמדט — און זענען געבליבן ייִדן. דאָס מאָל איז עס אויף גאָר קורץ, ביז היטלער וועט ברעכן דעם קאָפּ.

און אַז עמעצער האָט אַרויסגעקוועטשט פון זיך דעם ספק, צי ס׳וועט דאָס מאָל העלפן, איז אַ צווייטער באַלד אויף אים אָנגעפאַלן:

— פּעטער, הערט אויף צו קראַקען ווי אַ וואָראָנע!

אַ בחורל האָט ווי געוואָלט מוטיקן זיך און אַנדערע:

— און אַז מ׳בײַט שוין אויף כּלומרשט די רעליגיע? טוט מען װעמען אַ רעה? מען בלײַבט דאָך לעבן. לאָמיר דענקען פּראָגרעסיוו. רעליגיע איז גאָרניט, רעליגיע איז נאָר אָפּיום... מען דאַרף לעבן און קעמפן...

קיינער האָט מער קיין כּוח ניט געהאַט צו שטיין און װאַרטן. האָבן אַלע צו ביסלעך זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן דיל. קיין באַנק, קיין בענקל איז אויך אין ביישטיבל, פּונקט װי אין דער שול, ניט געװען. די ראַבירערס האָבן אויך דאָ גרונטיק אָפּגעטאָן זייער מלאָכה. ניט געקענט עפּעס אַװעקשלעפּן, איז עס איבערגעלאָזט געװאָרן צעהאַקט און צעשעדיקט. דאָס אָרון־קודש — מיט אַראָפּגעריסענע טירלעך און אויסגעליידיקט; דער מעשענער טאָװל מיטן „שיויתי״, װאָס אויפן עמוד — אַראָפּגעריסן; די מעשענע ליכטגעשטעלן — צעקלאַפּט, צעניזוקט מיט רציחה.

אויסגעמוטשעטע, אויסגעשעפּטע, זענען אַלע אַנטשװיגן געװאָרן, און בלויז דאָס געמורמל פֿונעם ייִד װאָס האָט געהאַלטן אין איין זאָגן תּהילים, האָט געדרעלעװעט די דעמפּיקע בין־השמשות־שטילקייט.

ניט אײַנגעהאַלטן האָט זיך אַ יונגער־מאַן, װעלכן ס׳האָט די גאַנצע צײַט געשװידערט פֿון קעלט, הגם ער איז געװען גאָר װאַרעם אָנגעטאָן. אַרויס איז ער מיט תּחנונים:

— האָט רחמנות, דעקט מיך צו. ס׳איז מיר קאַלט. טוט אַ טובֿה, מײַן האַרץ װערט פֿאַרפֿרוירן. דעקט מיך צו!

האָט אַ ייִדענע בייז זיך אָפּגערופֿן:

— מיט װאָס צודעקן, מיט אונדזערע צרות?

אַ גאַנצן טאָג ניט געגעסן, ניט געטרונקען, און אַפֿילו קינדערלעך האָבן פֿאַרשטאַנען צו שװײַגן, פֿאַרשטשעמעטע אין טויטשרעק. בײַ אַלעמען איז געװען פֿאַרקלעמט די קעל — מען האָט קיין זאַך ניט געװאָלט. געלעגן אויסגעטריקנט, צוגעפּלעטשט צום דיל און געשװיגן.

די דושנע סומנעקייט איז געװאָרן אַלץ געדיכטער און פֿאַרקלעפּט דעם פֿאַרנאַכט זײַנע גרויע אויגן. האָט דאָס שװײַגן פֿון די מענטשן זיך אײַנגעגראָבן אין אַ פֿאַרביסענער, טונקעלער שטומעניש — אויס פֿײַנפֿולן ציטער פֿאַרן הוילן לעבן און אויס מורא פֿאַרן טויט, פֿון װעלכן זיי אַלע האָבן געפּרוּװט אַנטלויפֿן, אַרײַנקומענדיק אַהער.

מען איז געװען צופֿרידן, װאָס פּטור געװאָרן פֿונעם משוגענעם. איצט

האָט מען שווייַגנדיק געקאָנט אומגעשטערט וואַרטן. מען האָט אויך געקאָנט אַ טראַכט טאָן וועגן די שטיבער, וואָס באַפּוילן איז זיי געווען איבערצולאָזן ניט פאַרשלאָסן. קאָנען זיי דאָך הפקר־יונגען צעראַבעווען, אויסליידיקן; קאָנען פאַרטיליקן אַ האַרעוואַניע פון יעדערנס אַ גאַנץ לעבן צי אַפּילו פון דורות, פונקט ווי מען האָט פאַרוויסט די שול, דאָס בייַשטיבל. ביי וואָס וועט מען בלייַבן? פון וואָס ט׳מען לעבן? פאַרן אַרייַנטרייַבן אין שול האָט מען אַלעמען געזנוי אַדורכגעטאַפּט, אַדורכגעזוכט, צוגענומען דאָס גאַנצע געלט, יעדן ווערטפולן חפץ. די ניט אָפּגעגעבענע קידושין־רינגעלעך האָבן די משרתים פון טויט מיט רציחה אַראָפּגעשלעפּט פון די פינגער. און געוואָרנט, אַז ווער ס׳וועט אויסבאַהאַלטן געלט, גאָלד, צירונג, וועט דערשאָסן ווערן אויפן אָרט. אַזוי איז איטלעך איינער געבליבן בלויז מיטן איבערגעשראָקענעם הוילן לעבן, וואָס אויך מיט אים איז קיינער ניט געווען זיכער.

און ווי אויף צו להכעיס האָט דורך די פענצטערלעך געמומען אַרייַנקוקן אין בייַשטיבל אַ שטילער, גרוי־בלוי־גרינער זומערדיקער תּחילת־אָוונט. ווען עס דונערט, ווען סע בליצט און פליוכעט, וואָלטן די ראַבירערס געזעסן אין זייערע לעכער, און די אָפּן געבליבענע יידישע שטיבער וואָלטן זיי ניט געמאַניעט. אָ, ווען עס בושעוועט אַ געוויטער, וואָלט מען געקאָנט אויסבאַהאַלטן אין אים די אויגן, וואָס זעען דורך די פענצטערלעך אַזאַ שיינע וועלט. און לעבן וואָלט זיך אַזוי שטאַרק ניט געוואָלט.

פּלוצעם — עפּעס אַ באַוועגונג בייַם אַרייַנגאַנג אין בייַשטיבל. אַ פּולן עמער האָט איינער פון די שומרים אַרייַנגעבראַכט און מודיע געווען, אַז ס׳איז אויף דער בקשה פונעם גלח — וואַסער צו טרינקען. און אויך דערגעבן האָט ער, אַז אין דער שול באַקומט קיינער ניט קיין וואַסער.

עמעצער האָט זיך דערוועגט אים צו פרעגן:

— און עסן?

— איר וועט שוין עסן ווי קאַטוילן! — איז געווען דער ענטפער — קורץ, שאַרף, האַפּערדיק.

אין די פענצטער פונעם בייַשטיבל האָט זיך געזען אַזאַ ציכטיקער, גרוי־בלוי־גרינער הימל מיט צוואָרפענע גלאַנציקע פינטעלעך אויף אים. און דאָ — אַ געדונער. ביקסן זענען אין דער שול אַרויס מיט זייער לשון. און אַן אָפּגעגעבענער דאָרטן באַפעל האָט זיך דערהערט אַזש אין בייַשטיבל, אַ

שטרענגער אויסגעשריי־באַפעל — מען זאָל זינגען, אַלע זאָלן זינגען, און אין רוסיש זינגען דאָס סאָוועטישע ליד „מאָסקוואַ מאַיאַ", ס'הייסט, מאָסקווע מײַנע... און ווידער — אַ וואָרענונג־געדונער פון ביקסן, און אַ לעצטע וואָרענונג, מען זאָל זינגען, אַניט וועט מען שיסן אין עולם. מען זאָל זינגען!

אַ געכאָרכל פון אַ סך קוים זשיפּענדיקע שטימען, וואָס האָבן זיך געראַנגלט מיטן געזאַנג „מאָסקווע מײַנע, מאָסקווע מײַנע", האָט אויפגעצאַפּלט אין דער שול.

זיי, אינעם בײַשטיבל, איז דאָס אַלץ ניט נוגע געווען. קיינער האָט זיי ניט געצוווּנגען צו זינגען. אין דער שול אָבער איז מען פון די מענטשן ניט אָפּגעטראָטן, געפאָדערט זיי זאָלן זינגען אַ צווייט און אַ דריט ליד, דערנאָך — דאָס לויבליד פאַר סטאַלינען. און ווידער אַ וואָרענונג־געקנאַל פון ביקסן, און ווידער אַ דומפּ געכאָרכל, אַ שטאַמלענדיק כּמו־געזאַנג, וואָס האָט זיך געשטיקט מיט די ווערטער פון אַ ליד אין רוסיש.

און אַזוי ביז טיף אין דער נאַכט אַרײַן. ניט געלאָזט די מענטשן צומאַכן אַן אויג. טאָמער פלעגט אויסגיין דאָס געזאַנג־געכאָרכל, האָט מען עס אויפגעוועקט מיט אַ שיסערײַ. קיין גוואַלדן פון געטראָפענע האָבן זיך ניט געהערט. ס'איז געווען אַ שפּיל אַזאַ. מען האָט געשאָסן אין דער סטעליע און ווענט פון דער שול.

פון פאַליש האָבן יידן געפּרוווט אַרײַנקומען אין בײַשטיבל. זענען אָבער די שומרים געווען שטרענג — אָפּגעשטויסן זיי מיט עזות פון דער פאַרמאַכטער טיר, דערקלערנדיק, אַז פריִער האָבן זיי עס געדאַרפט טאָן. ס'איז צו שפּעט, און די מענטשן אינעווייניק שלאָפן...

די אַרײַנגאַנג־טיר אין בײַשטיבל האָבן די שומרים געהאַט שטילנע צוגעמאַכט. זענען די קולות פון דער שול דערגאַנגען אַהער ווי אַן אָפּהילך פון אַן אַנדערער, פון אַן ערגעץ ווײַט פאַרטראָגענער וועלט, פון וועלכער די מענטשן דאָ האָבן זיך אָפּגעריסן, אַרײַנפאַלנדיק אין אַ שטיקנדיק־דושנעם, פינצטערן תּהום. דאָס תּהילים־זאָגן פונעם יידל האָט פאַרשמאַכט געזשומעט איבערן תּהום, ביז דער פריִיקער באַגין האָט גענומען זיך אַרײַנשפּאַרן דורך די פענצטערלעך און דורכן אַרײַנגאַנג אַרײַנגעבראַכט דאָס ספּריטנע גלחל.

די שומרים האָבן שטרענג גענומען אַלעמען וועקן:

— אויפשטיין! אויפשטיין!

אויך דאָס גלחל האָט געאײַלט:

— געשווינד, געשווינד! איר זעט, כ׳האָב נישט אָפּגענאָרט. מען וועט טאַקע שיסן. נאָר האַסטיקער, האַסטיקער! און די היטלען טוט אויס!

געקומען איז ער מיט אַן אויסגעהאַפּטענער אין זילבערקווייטן שוואַרצער הויב אויפן קאָפּ, וואָס ער טוט אָן בײַם אָפּריכטן ליטורגישע צערעמאָניעס, און באַגלייט פון צוויי משרתימלעך אין לאַנגע, לויזע ווײַסע וועסטן, אָנגע־טאָנענע אויף די בגדים. אין איין האַנט האָט יעדערער פון זיי געהאַלטן אַ ניט קיין גרויסן צלם און אין דער צווייטער — די קייטלעך פון אָנגע־האַנגענע אויף זיי מעשענע שאָלן מיט וואַסער.

קיינער פון די יידן האָט ס׳היטל ניט אַראָפּגענומען, און דאָס גלחל האָט ניט מקפּיד געווען דערויף. ער האָט זיך געאײַלט. אין אײַלעניש גענומען באַלעבעטשען לאַטײַנישע פּסוקים, ענטפערנדיק אַליין „אָמען״ נאָך יעדן פּסוק. ער האָט געטונקט די פינגער פון דער רעכטער האַנט אינעם וואַסער, וואָס אין די מעשענע שאָלן, און געפּאָכעט מיט דער האַנט צו די מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען אין דעם גרויען ערב־טאָג צונויפגעדריקט איינער צום צווייטן, נאָך אַלץ ווי זיי וואָלטן ממשיך געווען זייער צעדולט־שווערן שגעון־שלאָף.

אויפגעהערט באַלעבעטשען די פּסוקים, האָט דאָס גלחל בחפּזון דער־קלערט:

— דאָס איז פּראָוויזאָריש. יידן טאָרן זיך מער ניט באַוויַזן אין שטעטל. און אײַער לאַגע איז איצט שוין אַן אַנדערע. אין קאָשטשאָל וועלן מיר גיין און ווײַטער פירן דעם צערעמאָניאַל, ווי ס׳געהער... איר׳ט זיך מאָליען צום ערשטן מאָל צום גאָט־פּאָטער, דעם זון און הייליקן גײַסט...

אָנגעטריבן דורך די שומרים, האָבן די מענטשן אַרויסגעוואַקלט פון בײַשטיבל. קיינער איז ניט געווען אין פּאָליש. דורך די ברייט געעפנטע צוויי טירפליגלען האָט געוויעט די מוראדיקע ליידיקייט פון דער פאַרלאָזטער שול — ניט קיין לעבעדיקע, ניט קיין טויטע, ניט קיין בענק און ניט קיין שטענדערס, בלויז אַ סם־המוותדיקע ליידיקייט. בלויז, בלויז... פון אונטער דער ערד איז אויסגעוואַקסן אָרטשיק. אין פּוסטן אָרון־קודש האָט ער זיך אויסגעבאַהאַלטן, בעת מען איז געקומען אַלעמען נעמען. איצט האָט ער געטשאַטעוועט אויף די מענטשן פּונעם בײַשטיבל און זיך פלינק צעמישט

צווישן זיי. די שומרים האָבן אים דערקענט און ניט געטשעפּעט, כאָטש ער האָט נעכטן געמאַכט משונהדיקע שטיק. זיי האָבן פאַרגעדענקט, אַז נעכטן איז ער פאָרט דער ערשטער געווען אַרײַן אין בײַשטיבל.

אַ סך פון די, וואָס האָבן זיך באַוועגט צום אַרויסגאַנג פון שול, האָבן אים מקנא געווען: „אַ מזל פון אַ משוגענעם, אויסגעמיטן דעם שמד".

בראָש פון די מענטשן איז אַרויס פון דער שול דאָס גלחל מיט די צוויי משרתימלעך פון ביידע זײַטן. אַלע דרײַ האָבן געהאַלטן צלמים צוגעדריקט צו דער ברוסט. הינטער אַלעמען זענען געגאַנגען די צוויי שומרים מיט זייערע ביקסן אין שלאַכטגרייטקייט. זיי האָבן ניט פאַרגעסן דעם אָנזאָג פונעם עלטסטן זייערן, ניט אַראָפּצולאָזן קיין אויג אויך פון די נײַע קריסטן.

ניט דערפילט האָבן די געטריבענע דאָס געדרוך פון דער לײדיקייט, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דער שול, ניט דערפילט דאָס חיות פונעם לויטערן באַגינען אין דרויסן — אַלע חושים אָפּגעטעמפּט, דער קאָפּ פאַרטשאַדעט.

קיין לעבעדיקער נפש אויף דער גאַס. קיין סימן פון לעבן אין די ייִדישע שטיבער. הייסט עס, אַז זייערע אײַנוווינערס האָבן זיך ניט צוריקגעקערט, הגם אין דער שול איז קיינער ניט געבליבן. און כאָטש ס'האָבן די וואָס קומען פון ביישטיבל, צעחושטע זיך געשלעפּט איבערן ברוק, ווי אין אַ גאַליק ביטערן טומאַן, האָט בײַ אַ סך פון זיי אויפגעוואַכט די מחשבה, אַז באַלד־באַלד קערן זיי זיך אום אַהיים. ווי וועט מען אָבער לעבן אָן די אַנדערע ייִדן? און ווו האָט מען זיי געקאָנט אַוועקפירן, די אַנדערע ייִדן? און נאָך שווערער איז געווען אויפצוהייבן אַ פוס, שטעלן אַ טראָט.

אויף דער קלויסטער־גאַס האָט זיי באַגעגנט דאָס געקלאַנג פונעם קאָש־טשאָלגלאָק. ער איז געווען האָפערדיק, דער גלאָק, פאַרריסן געפּויקט אין דער שטײַף אָנגעצויגענער קלאָרער הימלפעל פון אַ זומערדיקן באַגינען.

דערשראָקן פאַרן דאָזיקן געפּויק, איז אָרטשיק אַ רגע געבליבן שטיין און געלאָזט זיך לויפן, אויסרופנדיק:

— ייִדן, מען נאַרט אײַך! מען פירט שיסן!

אַ שומר מיט דער גרייטער ביקס — נאָך אים. דאָס גלחל איז צוגע־שפּרונגען צום שומר, אַראָפּגעקוועטשט די ביקס און איר קויל האָט אַרײַנ־געזעצט אין זאַמד. אָרטשיק איז דערווײַלע פאַרשוווּנדן הינטער שטעלכלעך פון אַ געהעפט, פאַרשוווּנדן, ווי ניט געווען.

דער גלאָק האָט ניט אויפגעהערט רופן צו זיך די גלייביקע. די טירן פון קאַשטשאָל זענען געשטאַנען ברייט אויפגעפּראַלט, וואַרטנדיק אויף די נײַע קריסטן מיטן גלח און זײַנע משרתימלעך אין דער שפּיץ, מיט די וועכטערס פון הינטן. ערשט — צוויי מאָטאָציקלען האָבן זיי אָנגעיאָגט. פונעם אויפגעהויבענעם שטויבוואָלקן זענען אַרויסגעשפּרונגען גאַנצע פיר דײַטשן אין דער גרויער עסעסישער פעלד־אוניפאָרעם, מיט אויטאָמאַטישע פּיסטוילן, אַריבערגעהאַנגענע אויף דער ברוסט. באַפוילן האָבן זיי אַלעמען „האַלט מאַכן". באַפוילן די ייִדן אויסשטעלן זיך מיט אַן אָרדענונג, צו פיר אין אַ ריי, און אויסגעציילט זיי איין מאָל, איבערגעציילט נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל. ניט פאַרגעסן אַרײַנצורעכענען די קינדער, און אַלץ — דער זעלבער סך־הכּל.

— איינער פעלט! — האָט זיך אָנגעצונדן אַ דײַטש, קענטיק, דער עלטסטער פון צווישן די פיר.

יאָ, ניט אומזיסט איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אין דער שול אַ גענויע רשימה פון די פאַרשפּאַרטע...

צי זיי האָבן פאַרשטאַנען, די צוויי שקצים מיט די ביקסן, וואָס מען וויל פון זיי, צי ניט, על־כּל־פּנים האָבן זיי זיך געמאַכט תּמעוואַטע. ניט געוועזן כּדאַי זיך מודה צו זײַן, אַז איינער איז טאַקע אָקערשט אַנטלאָפן פון אונטער זייער נאָז. האָבן זיי בלויז אונטערטעניק געשטאַמלט:

— ניקס פאַרשטיין, ניקס פאַרשטיין.

די דײַטשן האָבן, זעט אויס, ניט געוואָלט פאַרלירן קיין צײַט, און באַלד אַ האַלדער געטאָן, אַז אַלע זאָלן זיך אויסקערעווען, באַוויזנדיק עס מיט די הענט און שטורכענדיק די מענטשן מיט די הענטלעך פון זייער געווער.

דאָס גלחל האָט אַרומגעהיפּערט פון איין דײַטש צום צווייטן, געריעדט צו זייער עלטסטן. אין אַ געבראָכן לשון געפּרווט אים איבערצײַגן, אַז דאָס זענען שוין מער ניט קיין ייִדן, ווײַל ער האָט זיי באַוויזן צו „טויפן אין דער סינאַגאָגע". עדות דערויף זענען זײַנע געהילפן מיט די ליידיקע שאָלן פונעם הייליקן וואַסער און די צוויי וואַכלײַט, די אַרויסהעלפערס פון די „הערן דײַטשן". און איצט האָט ער, דער גלח, און בלויז ער האָט איבער די נײַע קריסטן די יורידיקציע.

האָט דער דײַטש זיך צעכאָכאָטשעט. מיט חוזק עטלעכע מאָל איבערגעחזרט דאָס וואָרט „יורידיקציע" און ווידער געלאַכט. אָפּגעהאַקט דאָס זלידנע

לאַכן זײַנס, האָט ער צום גלחל, וואָס איז געשטאַנען פאַר אים אַ נאָך קלע־נערער, ווי ער איז געווען, אַן אײַנגעשרומפּענער, מיט צעשראָקענע קײַלע־כיקע אייגעלעך אויפן גלאַנציקן פאַרמעט פון זײַן פּנים, אַ זאָג געטאָן מיט ביטול:

— אידיאָט! ייִדן בלײַבן ייִדן!

די דײַטשן האָבן זיך מתעסק געווען מיטן אויסקערעווען די ייִדן אין דער פאַרקערטער ריכטונג פונעם קאָשטשאָל און באַלד זיי געצווונגען זיך רירן פון אָרט. און נאָך מער צעחושט זענען די ייִדן געוואָרן, און אַ נאָך געדיכטע־רער טשאַד־טומאַן איז געשטאַנען פאַר זייערע אויגן. בלויז איינער — דאָס ייִדעלע מיטן תּהילימל אין האַנט האָט אַלץ ניט אויפגעהערט צו זאָגן די פּסוקים פון הייליקן ספרל, אָבער מיט אַזאַ פאַרשמאַכט קול, וואָס נאָר איין גאָט האָט אים געקאָנט פאַרנעמען.

ס'האָט זיך אויסגעצײַטיקט אַזאַ שטילער, אַזאַ שלווהדיק־אָראַנזשעווער אָנזאָג, אַז אַ לויטערן, אַ בורשטין קלאָרן טאָג ברענגט דער וועלט די הינטער ווײַסע טיולנעפּלען רויט אויפגייענדיקע זון.

דער קאָשטשאָלגלאָק האָט ניט אויפגעהערט קלינגען — געמאָסטן, פײַערלעך, קלאַנג נאָך קלאַנג. די ייִדן, צי די פרישע קריסטן, באַוואַכט פון פיר דײַטשן און צוויי אַרויסהעלפערס זייערע, האָבן זיך פּאַמעלעך דערווײַ־טערט, געווענדט צו דער אויפגייענדיקער זון; און דאָס גלחל, אַ צוגעוואַקסע־נער צום אָרט, האָט זיי פון דער ווײַטנס געהאַלטן אין איין צלמען, אין איין צלמען...

## וואַכלײַט פאַרווײַלן זיך

אַלע פלעשער — אויסגעליידיקט, די קאָנסערוון־פושקעס — גרינגלעך אויס־געסקראָבעט. אויף די הוילע טישן פון ניט־געהובלטע ברעטער וואַלגערן זיך רינדהײַטלעך פון ווורשט, שטיקלעך זילבער־פּאַפּיר פון קעז־אײַנפּאַקונג, רעשטלעך ברויט.

אַלע לידער וועלכע מען האָט נאָר געקענט — אויסגעזונגען. אַלע געפּעפּערטע אַנעקדאָטן, דאַכט זיך, אויסגעדערציילט. מען האָט נאָר געדאַרפט זיך ווונדערן, ווי די יונגע חברה־לײַט, וואָס זייער עלטסטער (ניט רעכענענדיק דעם שאַרפירער קאָנראַד) האָט קוים אַכצן דערגרייכט, פאַרשטייען עכט סאָלדאַטיש זיך צו פאַרווײַלן. געוויס, ניט קיין שלעכטע שול זענען זיי דורכ־געגאַנגען אינעם יאָר מיליטאַריזירטע „אַרבעטדינסט" און פאַר דעם — אין די פאָרמאַציעס פון דער היטלער־יוגנט.

אַ סיבה זיך צו פאַרווײַלן איז געווען: אַנשטאָט די אָפּגעשיקטע צום פראָנט האָט מען זייער וואַכמאַנשאַפט פאַרפולט מיט פרישן „מאַטעריאַל" — יאַטן, גענומענע פון די לעצטע שולקלאַסן. דאַרף מען אויסטרינקען „ברודער־שאַפט". נאָר דער עיקר, דער עיקר — שוין מיט אַ פּאָר חדשים צוריק האָבן די צײַטונגען געמאָלדן, אַז מאָסקווע זעט זיך גוט אין די בינאָקלען פון די דײַטשישע גענעראַלן. און אויך דאָ, ווײַט פון מאָסקווע, פילט זיך דער נצחון. די ייִדן פון דער געגנט, די שולדיקע אין אַלע פּלאָגן פון דער מענטשהייט, זענען שוין אָפּגעשיקט צו זייער אורפאָטער אַבראַהאָם, און די וואָס זענען פאַרשפּאַרט אין די לאַגערן, דאַרפן אַרבעטן פאַר גרויס־דײַטשלאַנד, ביז אַלע דײַטשישע פײַנד וועלן צעשמעטערט ווערן. ס'איז קלאָר, אַז גאָר אין גיכן וועט עס געשען. אָבער דערווײַלע האָט מען געדאַרפט פאַרטרײַבן די צײַט ביז צום וואַכטע־אָפּבײַט, ווען זיי, די וואָס פאַרווײַלן זיך איצט, וועלן איבערנעמען די פּאָסטנס אין און אַרום דעם ייִדן־לאַגער, וואָס זיי באַוואַכן.

די געטראַנקען אויסגעזשליאָקעט, די אַכילות — אײַנגעשלונגען, און צום גודנעם האַרבסטאָוונט, וואָס האָט אַדורכגעװייקט די וועלט אין נעץ און קעלט, האָט גאָר קיין סוף ניט געגומען. די מאַטע עלעקטרישע לעמפּלעך, צעזייטע איבערן הילצערנעם סופיט פון דער וואַכשטוב, האָבן אַליין זיך געראַנגלט מיטן שלאָף און צו גלײַך אײַנגעשלעפּערט אַנדערע. נאָכן אַרײַנקערן אויף איין מאָל די באַקומענע וואַכפּאַרציע אַלקאָהאָל, האָבן זיך געקלעפּט די אויגן בײַ די דײַטשלעך. עמעצן האָט עס גענומען מאַגיען אין שלאָף אַרײַן און אַפילו אָוועקגעצויגן צו די בעטלעך, אויסגעשטעלטע לענג־אויס די וואַנט פון דער וואַכשטוב.

ערווין, דער ניט־געקרוינטער הויפּט פון דער חבריה און איניציאַטאָר פון דער הײַנטיקער הוליאַנקע, וועמען ס'איז געגאַנגען אין לעבן זיך אַ פּלײַס צו טאָן פאַר די „נײַלינגען", האָט דערפילט, אַז די צעשימחהטע שטימונג ווערט אויסגעוועפּט און די קאָמפּאַניע הייבט אָן זיך פונאַנדערצופאַלן. איז ער מיט די שטיוול אַרויפגעשפּרונגען אויפן טיש, אַרײַנגעשטעקט צוויי פינגער אין מויל און אַ שאַרפן פײַף געטאָן, כּדי צוציִען צו זיך אַלעמענס בליקן. פּאַטעטיש האָט ער גענומען דעקלאַמירן:

מיר מוזן זײַן אַן איניק פאָלק פון ברידער,
ניט שיידן זיך אין נויט און אין געפאַר!

זענען אויפגעשפּרונגען עטלעכע פון די נײַ־געקומענע (זיי האָבן נאָך געדענקט, וואָס געלערנט אין דער שול), אויפגעהויבן דרײַ פינגער פון דער רעכטער האַנט און מיט דינע שטימען הילכיק איבערגעחזרט:

— ניט שיידן זיך אין נויט און אין געפאַר!

הײַנריך, אַ ברייטפּלייציקער, אַטלעטיש געבויטער יונג, אין אַן אָפּגעשפּיליעטן מונדיר, ווי ער וואָלט אים ענג געווען, האָט זיך אויפגעשטעלט און מיט זײַן באַסאָווער שטים אַ דונער געטאָן:

— פון שילערס „ווילהעלם טעל". פון דער שבועה־סצענע אויפן ריטלי־באַרג!

— אויסגעצייכנט! — האָט ערווין פעסטגעשטעלט, אַראָפּשפּרינגענדיק פון טיש. — פאַרן ענטפערן ליטעראַטור — דעם העכסטן באַל. ווי האַלט עס אָבער מיטן נאָכטאָן ווילהעלם טעל, צילשיסער אונדזערער?

ס׳האָבן זיך דערהערט קולות:

— הײַנריך — אונדזער בעסטער צילשיסער!

— זאָל ער טרעפן אין אַן עפּל!

— ווי ווילהעלם טעל, פון וואַלטערס קאָפּ אַראָפּשיסן אַן עפּל!

עטלעכע בײַבאַקעס האָבן באַלד אַ נעם געטאָן וואַלטערן, זייערן אַ קאַמעראַד, און אַוועקגעשלעפּט אין עק באַראַק; צוגעשפּאַרט אים צו דער וואַנט מיט אויסגעשפּרייטע הענט, ער זאָל זיך ניט קאָנען ווערן. אַ צערייצטער האָט וואַלטער זיך געראַנגלט, געבריקעט מיט די פיס, געריטשעט, געשפּייגן, געזידלט זיך, געפּאָדערט מען זאָל אים אָפּלאָזן, ווײַל זייער „בעסטער צילשיסער" הײַנריך איז שוין געשטאַנען בײַ דער אַנטקעגנדיקער וואַנט, גרייט מיטן קאַראַבין...

— אידיאָטן! — האָט זיך אַרײַנגעמישט דער שאַרפירער קאָנראַד, אַ פּויל, אָפּגעפּיטערט מענטשל מיט אַ שטענדיק צופרידן קײַלעכיק פּנים. — ברענגט זיך אַ „וואַלטער" פון די פאַרשפּאַרטע אין די באַראַקן הינטערן צוים!

— הוראַ! אַ „וואַלטער"! — האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום אַרויסגאַנג עטלעכע פּיפּיקע יאַטן, פאַרגאַרטלענדיק אונטערוועגנס די רימענס און אָנטוענדיק די פּילאָטקעס.

צוריקגעקומען זענען זיי באַלד, טרײַבנדיק פאַר זיך אַ ייִד אין אַ שטאַרק אָפּגעטראָגענעם גאַרניטער מיט גרויסע געלע מגן־דודס אויף דער ברוסט און רוקן.

— דאָס היטל אַראָפּ! — האָט אַ ביל געטאָן ערווין.

אויסגעטאָן ס׳היטל, און ס׳איז געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן אַ טונקלהאָריקער מאַנצביל מיט אַ שוואַרץ פאַרוואָקסן פּנים און אײַנגעפאַלענע באַקן. דער שטערן — בלייך, ווי אָפּגעשמירט מיט ווײַסער ליים.

— ווילהעלם טעלס וואַלטער איז געווען יונג און בלאָנד, — האָט עמעצער באַמערקט.

— ריכטיק! יאַוואָל! אַ יונגער און בלאָנדער „וואַלטער" איז נייטיק! — האָט ערווין צוגעשטימט.

בריקענדיק אים און שטויסנדיק, האָט מען דעם ייִד אַרויסגעטריבן און אַוועק נאָך אַ צווייטן. געבראַכט אַ נידעריק, מאָגער בחורל. אויף זײַן קאָפּ —

לאַנג ניט קיין געשווירענע פּאַטלעס העלע האָר. אַ העלער פּוך האָט באַדעקט זײַן אײבערשטע ליפּ. אַזאַ האָט, לכל־הדעות, געקאָנט פֿאַרבײַטן אַ „רײנ־ראַסיקן" וואַלטער.

ערווין האָט אײַנגעשטעלט אָרדענונג. באַפֿוילן אָפּרוקן די טישן אין אַ זײַט. אויסגעמושטירט אַלעמען אין אַ שפּאַליר — צווישן דעם נײַעם „וואַל־טער" און דעם צילשיסער הײַנריך, וואָס איז די גאַנצע צײַט געשטאַנען מיטן קאַראַבין אין די הענט, גרייט צו דעמאָנסטרירן זײַן קונסט. זײַן מונדיר האָט ער צוגעשפּיליעט.

— אַן עפּל איז נייטיק, — האָט עמעצער דערמאָנט.

אײנער פֿון די חברה־לײַט האָט אַרויפֿגעזעצט דעם בחורל אויפֿן קאָפּ אַ ליידיקע קאָנסערוון־פּושקע:

— דאָ איז אַן עפּל!

אַ געלעכטער האָט אַרויסגעפּלאַצט פֿון אַלעמענס מײַלער.

וואַכלײַט האָבן זיך צעהודזשעט:

— אין געלן שטערן, הײַנריך! אין יודנשטערן אויף דער ברוסט — שיס!

אַנדערע האָבן פֿאַרלאַנגט שיסן אומבאַדינגט אין „עפּל", ווי בײַ פֿרידריך שילער, און ניט פֿאַרקריפּלען די געשיכטע.

דער שיסער האָט געצילט דאָ אין בחורלס האַרץ, אין געלן „יודנשטערן", דאָ אין דער פּושקע, וואָס אויף זײַן קאָפּ. און דעם בחורלס צעשראָקענע אויגן זענען געגאַנגען אַרויף־אַראָפּ, צוזאַמען מיט דער שוואַרצער, קײַלעכיקער רער־עפֿענונג פֿון ביקס.

ענדלעך האָט אָפּגעהילכט דער דערוואַרטער שאָס. אַ רויכשלענגעלע איז געבליבן הענגען אין דער לופֿט. און אין סאַמע מיטן פֿונעם בחורלס שטערן האָט אַרויסגעשפּראָצט אַ צונטער רויט קאָקאַרדעלע...

— געווי! אין יודנשטערן! — האָט עמעצער באַגײַסטערט אויסגערופֿן, און חברה האָט זיך צעלאַכט.

דער געטראָפֿענער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, אָנגעשטויסן זיך מיטן רוקן אין דער וואַנט און גענומען אַראָפּלאָזן זיך, אויסשטרעקנדיק פֿאָרויס די פֿיס. אַ שנירל בלוט איז אַראָפּגערונען פֿון שטערן איבער דער נאָז.

אײנער פֿון די וואַכלײַט האָט זיך אויך אַ וואַקל געטאָן און אומגעפֿאַלן: ס'איז געוואָרן אַ מהומה. געוואָרן אַ געדראַנג אַרום דעם קאַמעראַד, וואָס

איז געלעגן אויסגעצויגן אויפן דיל און געשנאַפּט לופט מיט אַן אויפגעריסן מויל, ווי אַ פיש אויף דער יבשה.

— ס׳איז זיגפריד, אונדזער זיגפריד, — האָבן עטלעכע פון די ניי־אָנגעקומענע באַרויִקט די חבריה. — ער חלשט דערזעענדיק בלוט.

מען האָט זיגפרידן אויפגעהויבן, אַנידערגעלייגט אויף אַ בעט. אָפּגע־טשוכעט זיך, האָט ער — אַ ביסל שלעפעריק, אַ ביסל פאַרשעמט — זיך גענומען אַנטשולדיקן פאַר דער אומאָנגענעמלעכקייט, וואָס ער האָט אַלעמען פאַרשאַפט. אַ נאַטור ביי אים אַזאַ: חלשט אַפילו, בעת מען נעמט ביי עמעצן בלוט אויף אַן אַנאַליז... די מיליטערישע מאָביליזיר־קאָמיסיע אָנערקענט אָבער ניט אַזאַ קרענק. זאָגט, אַז ער וועט זיך צוגעוווינען. און צום וואָכדינסט קאָן ער אַוודאי טויגן. מענטשן זענען קריגסצייט זייער נייטיק.

דערווייַלע האָט דער שאַרפּירער קאָנראַד געהייסן אַרויסוואַרפן אין דרויסן דעם געשאָסענעם. מאָרגן אין דער פרי וועט מען אים באַגראָבן צוזאַמען מיט די געשטאָרבענע ביי נאַכט אין די באַראַקן, און אַלץ וועט זיין אין בעסטער אָרדענונג.

מען וואָלט געקאָנט ווייטער זיך פאַרווייַלן, ווען ניט די אויסטערלישע געשיכטע מיט זיגפרידן. וואָס וועט דאָ טאָן אַזאַ וואָס קאָן ניט אָנקוקן קיין בלוט? אָט, אַנדערע זענען אָנגעקומען אַהער פאַרהאַרטעוועט. אין בייזיין פון לערער און שילער האָבן זיי זיך געניט צו טייטן — ווער אַ הינטל, ווער אַ קאַץ, ווער אַ שפערל. טייטן מיט די הוילע הענט... איז טאַקע אַזאַ ווי זיגפריד אַן אמתע אָנשיקעניש. נאָך ריכטיקער — אַ שאַנד צו האָבן אַזאַ שוואַכלינג אין די אייגענע רייען. ער פאַרשוועכט אַזש דעם לעגענדאַרן דייַטשישן העלד, וועמענס נאָמען ער טראָגט. עפּעס אַ קלייניקייט — זיגפריד! דער העלד פון דער ניבעלונגען־זאַגע!

ערווין האָט גענומען אייַנשטילן די געמיטער: דער ניבעלונגען־זיגפריד איז אויך ניט געווען אַבסאָלוט. אויף דער פּלייצע איז געווען ביי אים אַן אָרט, גרויס ווי אַ בלאַט, וווּ מען האָט אים געקאָנט פאַרוווּנדיקן און טייטן. פּונקט אַזוי האָט אויך דער נייַער זיגפריד אַ שוואַך אָרט אין זיין אָרגאַניזם.

— נערוון, די שוואַכע נערוון זענען עס, — האָט עמעצער אַרייַנגעוואָרפן מיט ביטול צום גאַנצן ענין.

אַ ביסל געקרענקט, וואָס מען מישט זיך אים אין די רייד, אָבער אין

תּוך מסכּים זײַענדיק מיט דער דאָזיקער באַמערקונג, האָט ערווין אַ שנײַדיקן פֿײַף געטאָן און געמאַכט דעם אויספֿיר:

— טרענירן, קרעפּטיקן די נערוון מוז מען!

— הוראַ! טרענירן זיגפּרידס נערוון! — האָבן אונטערגעכאַפּט עטלעכע יונגען און ווילד זשעסטיקולירנדיק געלאָזט זיך צום אַרויסגאַנג.

באַלד זענען זיי צוריקגעקומען, אַרײַנשטויסנדיק אין דער וואַכשטוב אַ נײַעם יונגן ייִד.

— הערט אויף, הערט אויף! — איז זיגפֿריד אין הוילער שרעק אויפֿגעשפּרונגען פֿון בעטל.

ערווין האָט אים באַרויִקט:

— האָב ניט קיין אַנגסט. מיר׳ן דורכפֿירן בלוטלאָזע פּראָצעדורן. פֿאַראַן פֿאַרשיידענע סיסטעמען...

פֿאַר דער אײַנגעשטילטער און פֿון נײַגער פֿאַרכאַפּטער קאָמפּאַניע האָט ערווין גענומען בראַווירן מיט זײַן געשיכטע־קענטעניש. ער האָט דערקלערט, אַז די הייליקע אינקוויזיציע פֿלעגט שטראָפֿן אָפּטריניקעס לויט דער פֿאָרמל: „מילד און באַרעמהאַרציק, ניט פֿאַרגיסנדיק קיין בלוט". דאָס האָט באַטײַט — לעבעדיק פֿאַרברענען אויף אַ שײַטער. ווער ס׳פֿלעגט פֿאַרן טויט עפּנטלעך חרטה האָבן, דעם האָט מען די שטראָף פֿאַרמילדערט — מען פֿלעגט אים דערשטיקן.

דער דאָזיקער עקסקורס אין דער געשיכטע האָט ממש אָנגעצונדן די צוהערערס.

— פֿאַרברענען! פֿאַרברענען! — האָבן באַגײַסטערטע קולות באַגיטיקט ערווינס אויספֿירן.

— אַ שײַטער! אין דרויסן! — איז עמעצער פֿריידיק אויפֿגעשפּרונגען, גערופֿן חבֿרה צונויפֿצושלעפּן האָלץ.

— ווו וועט איר דאָ פֿאַרברענען? בעסער דערשטיקן. הענגען! — האָט זיך דערהערט אַ פּראַקטישע מיינונג.

— יאָוואָל! אויפֿהענגען אַלע ייִדן! דערשטיקן, אויסווערגן ביז איינעם!

— זענען געקומען פֿאָרשלאָגן פֿון אַלע זײַטן.

דאָס געזעמל פֿון די שטרײַטנדיקע האָט פֿונאַנדערגעשפּאַרט דער ביר־בײַכיקער שאַרפֿירער קאָנראַד:

— אידיאָטן! ווו וועט איר פאַרברענען און ווו — אויפהענגען?!

שווער איבערטרעטנדיק פון איין פוס אויפן אַנדערן, האָט ער זיך אַוועקגעקאַטשעט צום יידן, וואָס איז געשטאַנען ביי דער וואַנט, אַ פאַרקאַטשעניעטער, בלוי פון הונגער און קעלט, און צוויי דײַטשלעך האָבן אים פון בײדע זײַטן געהאַלטן פאַר די הענט. קאָנראַד האָט מיט די פינגער פון זײַנע בײדע הענט, ווי מיט צוואַנגען, אַרומגעקלאַמערט יענעמס מאָגערן האַלדז. צונויפגעקוועטשט די צוואַנגען...

נאָר זיגפריד איז ווידער געפאַלן אין חלשות.

ביים דערשטיקן האָט פון מויל געהאַט אַרויסגעשטראָמט בלוט.

## זאָל׳ס געבוירן ווערן!

די לופט איז געווען אָנגעזעטיקט מיט נאַכט, מיט האַרבסטיקער קרירה, מיט אַ געדיכטן וואַסער־פּולווער. גאַסרעגנס האָבן דורכגעווייקט די ערד אויף דורך און דורך. האָט זי, אַן אָנגעטרונקענע ביז צו פּלאַצן, אַרויסגעשטויסן פון זיך אַ מוטנע פליסיקייט און פאַרפולט דערמיט איטלעכן קנייטש אויף איר גרוי־שוואַרצער אייבערפלאַך. ווי פילנדיק, אַז די ערד וועט אים מער ניט איינזאַפּן, האָט דער רעגן פלוצעם אויפגעהערט. בלויז אַן אײַלנדיקער הפקר־ווינט פלעגט פון מאָל צו מאָל אָנכאַפּן אַן אַרומוואָגלענדיקן וואָלקן אין דער חשכות, פלעגט אים מיט רציחה אַ טרייסל טאָן, און ער פלעגט דעמאָלט שלײַדערן אויף אַראָפּ הויפנס אויפגעקוואָלן־גרויסע, שווערע טראָפּנס וואַסער — קיינער זאָל זיך ניט דערוועגן צו פאַרשטעלן ווינטן דעם וועג!

משמעות, אַז דעם ווינט איז אַ שטער אין וועג געווען אויך די מחנה אַסירים, וואָס מען האָט געטריבן פון דער צוואַנגאַרבעט אויף נאַכטלעגער אין געטאָ אַרײַן, ווײַל ער האָט זײַן כּעס אויסגעלאָזט אויך צו זייערע קעפּ און געבויגענע רוקנס, געשמיסן די פּנימער מיט שנײַדיק קאַלטע רעגנבײַטשן.

פאַרגיורעט און פאַרשטומט האָבן זיך געשלעפּט די אַסירים, ווי זיי וואָלטן גלײַכגילטיק געווען צו דער נאַכט, צו דער קעלט און דעם ווינט. ס׳האָט זיך געקאָנט אַפילו אויסדאַכטן, אַז עס שרעקן זיי ניט די ביקסן פון דער באַוואַכונג, וואָס האָבן מיט זייער געקנאַל געהאַלטן אין איין וואָרענען, אַז זיי זענען מסוגל אינעם גרעסטן חושך פאַרהאַלטן איטלעכן, וואָס וועט פּרוּוון שטעלן אַ טראָט אין אַ זײַט. אײַנגעהויקערט און שווײַגעוודיק האָבן די געטריבענע געבראָדזשעט איבער די לוזשעס, געקנאָטן מיט די פיס אַן אײַז קאַלטע, קלעפּיקע און קוואַטשיקע בלאָטע.

אויך דעם דאָקטער אַרנסאָנס פיס — אינעם צעטראַמפּלטן, פיטש נאַסן און אין ליים אויסגעשמירטן שכוואַרג — האָבן זיך ניט אויסגעטיילט פון

די איבעריקע. זיי האָבן זיך שווער באַוועגט, דומפּ קנעטנדיק דעם באָדנקויט, און זענען געווען אײַנגעקלעמט אין אַ ביטערער קעלט, וואָס האָט זיך געהויבן אַלץ העכער און העכער, פאַרמעסטנדיק זיך צו באַצווינגען דעם גאַנצן קערפּער.

„קאַלטע פיס איז אַ מקור פון קרענק" — פלעגט אַ מאָל אַרנסאָן וואָרענען זײַנע פּאַציענטן. איצט איז ער געווען גלײַכגילטיק צו דעם, וואָס זײַנע אייגענע פיס פרירן מוראדיק, און ער אַליין איז פאַרוואַנדלט אין אַ זיך וויגנדיקער אויף שטאָלצן, פאַרגליווערטער שטיק מאַסע.

אַ הויכער, אַ סוטולעוואַטער, האָט ער דעם קאָפּ אַרײַנגעצויגן אין די אַקסלען, ווי ניט וועלנדיק מיט זײַן וווקס אויסטיילן זיך פון אַלעמען. דאָקטער אַרנסאָן... איצט שוין פּאַקטיש ניט קיין דאָקטער. אַפילו ניט מער אַרנסאָן, נאָר געוואָרן בלויז נומער „דרײַ טויזנט פינף", האָט באמת מיט קיין זאַך זיך ניט אויסגעטיילט פונעם עולם. ווערנדיק זײַנס אַ טיילעכל האָט ער געוואָלט אין אים צעגיין, פאַרשווינדן און באַהעפטן זיך מיט דער איינציקער מחשבה, וואָס האָט אַלעמען געעקבערט: „וואָס טרײַבט מען זיי אין געטאָ פאַר דער גע־ווייינטלעכער שעה פון ענדיקן די אַרבעט ?" שווער געווען צו גלייבן, אַז טאַקע צוליבן הינטישן וועטער טוט מען זיי דעם דאָזיקן חסד. סײַדן, די קעלט און נעץ זענען אַרײַן אין די ביינער אויך פון די וואַכלײַט און זייערע באַפעל־געבערס. האָבן זיי געמאַכט אַ סוף צום פּאַטשקען זיך פון די ייִדן אין די טראַנשייען, וואָס האָט זיך גערופן „אַרבעט". די ייִדן האָבן אָבער מיט שרעק איבערגעטראַכט: „וואָרט ניט אַ מאָל אויף זיי אין געטאָ עפּעס ניט־גוטס ?" איבערגעטראַכט און געטריבן פון זיך שלעכטע מחשבות.

אַרנסאָנען איז צוגעקומען נאָך אַ זאָרג: אויב אין געטאָ איז אַלץ כשורה, האָט ער ניט געוואָלט וועקן אין מיטן דער נאַכט זײַן פרוי און קינד. ער אַרבעט בכּוונה אין די נעכט, כּדי זײַנע אייגענע זאָלן זיך קאָנען אויסשלאָפן אויף זייער איינציקן שמאָלן געלעגער. איצט וועט אים אויסקומען זיי צו וועקן פונעם בעסטן שלאָף. האָט ער באַשלאָסן: אויב אין געטאָ איז גאָרנישט ניט געשען, וועט ער ניט אײַלן צו די זײַניקע. ער וועט ווו ניט איז איבער־קומען דעם געבליבענעם רעשט פון דער נאַכט. אפשר גאָר אויפן פאַרגלאָזטן גאַנעק פונעם שטיבל, וואָס אים קומט אויס פאַרבײַצוגיין? כאָפּן דאָרטן אַ דרעמל ביזן באַגינען. אַלץ בעסער, ווי גראָבן טראַנשייען אין נעץ, אין קעלט, אין דער נאַכט־פינצטערניש, אָנגעטריבן פון דײַטשן.

פאַרטראָגן אין די דאָזיקע איבערטראַכטעניש, האָט אַרנסאָן ניט באַ־מערקט ווי ער איז אַדורך דעם געטאָ־טויער. ווען זייער מחנה איז זיך צעפאַלן און די מענטשן, ווי שוואַרצע פלעקן, האָבן גענומען פאַרשווינדן אינעם נאָך שוואַרצערן אַרומיקן חושך, האָט אַרנסאָן זיך אַרומגעזען, אַז ער איז געבליבן אַליין.

זיך איבערצייגט, אַז אין געטאָ איז רויִק, האָט ער זיך דערקליבן ביזן שטיבל מיטן פאַרגלאָזטן גאַנעק, דערטאַפּט דאָרטן אַ באַנק און זיך צוגעזעצט. די מלבושים זײַנע, אַדורכגעזאַפּטע מיט נעץ, זענען פאַרהאַרטעוועט געוואָרן און זייערע קנייטשן האָבן געשניטן דאָס לײַב. ס'האָבן אים גענויעט אַלע גלידער. ווי גערן וואָלט ער זיך אויסגעשיילט פון זײַן ערדישן גוף און פאַר־זונקען אין עפּעס אַן אוממַמשותדיק ניט־ווערן...

שוין אין דרעמל האָט ער דערהערט דעם סקריפּ פון אַ געעפנטער טיר. עמעצער האָט אין אים זיך פאַרטשעפּעט און מיט אַן אויסגעשריי אָפּגעּ־שפּרונגען. פאַרבײַ אַ רגע און ס'האָט זיך ווידער געעפנט די שטובטיר. אויף דער שוועל איז געבליבן אַ מאַנצביל מיט אַן אָנגעצונדענער ליכט אין האַנט.

— שרעקט זיך ניט... ס'איז אַ ייִד, — האָט אַרנסאָן זיך ווי אַנטשולדיקט, אויפשטייענדיק. — כ'האָב דאָ איבערגעוואַרט דעם רעגן.

— ס'איז אַ ייִד, — האָט איבערגעחזרט דער מאַנצביל אין דער טיר, ווענדיק באַרויִקן די פרוי, וואָס האָט דערשראָקן געהאַט אָפּגעפּראַלט פונעם פרעמדן.

אין דער זיך וויגנדיקער געלער שײַן פון דער ליכט האָט אַ רגע אויפ־געהעלט אַרנסאָנס לענגלעך פּנים מיט די געדיכטע שוואַרצע ברעמען, דינער נאָז און פולבלעכע ליפּן. אַ פריידיק איבערראַשטע, האָט די פרוי זיך אַ לאָז געטאָן צו אים:

— דאָקטער, איר זענט אונדז פון הימל אַראָפּגעפאַלן, דאָקטער!

— ש־ש־שאַ! — האָט פונאַנדערגעצויגן אַרנסאָן, ווענדיק פאַרטושן דעם נאָכקלאַנג פונעם וואָרט „דאָקטער".

די פרוי, אַרנסאָנס אַ באַקאַנטע אַקושערקע, האָט אָבער ניט געקאָנט זיך באַהערשן און ניט אויפגעהערט איבערצוחזרן:

— אַזאַ צופאַל! אַ נס! אַזאַ גליק! נאָך אײַך בין איך דאָך געלאָפן, נאָך אײַך!

זי האָט אים אַ נעם געטאָן אונטערן אָרעם, און אַרנסאָן האָט ניט געפּילט, ווי זיי זענען ביידע אַרײַן אין שטוב. דאָ האָט זי, ניט פאַרלירנדיק קיין רגע, דערקלערט:

— אַ שווערע געבורט. אַ גאַנצן מעת־לעת מאַטערט זי זיך. איצט וועט איר, דאָקטער...

— איך? — האָבן זיך צונויפגעצויגן אַרנסאָנס געדיכטע ברעמען. — ווי קום איך? שוין לאַנג זיך ניט צוגערירט...

— דאָקטער, טײַערער דאָקטער, — האָט די אַקושערקע ניט נאָכגעלאָזט, — אַ מעת־לעת מאַטערט זי זיך!

— ווי קום איך? איר זעט דאָך... — אַרנסאָן האָט באַטאַפּט זײַן הילוך, באַטראַכט די הענט, געפּרוּווט באַוועגן די פון קעלט פאַרשטײַפטע פינגער. — איר זעט מײַנע הענט — פאַרגרעבט, צעשפּאָלטן. אין דער הויט איז אײַנגעפרעסן שמוץ. כ׳טאָר זיך אַפילו ניט צורירן... פאַרשטייט, איך בין מער ניט קיין דאָקטער. כ׳בין איינער פון די, וועלכע מען וועט שיסן ניט נאָר פאַרן ברענגען קינדער אויף דער וועלט, נאָר אַפילו...

— דאָקטער! — איז אַרויסגעשפּרונגען פונעם טונקל דער מאַנצ־ביל, אָנגעכאַפּט אַרנסאָנען פאַר די הענט, זיי געדריקט צום האַרץ און גענומען זיך אויסטענהן: — דאָקטער, איך בין שולדיק, איך! וואָס איז זי, נעבעך?.. אַכט יאָר זענען מיר מאַן און ווײַב און אַלץ קיין קינדער ניט געהאַט. און דאָ, אַז ס׳האָט אָפּגעגליקט, האָב איך אַלץ געמיינט, אַז... האָב איך אַלץ געטרייסט זיך, געטרייסט מײַן ווײַב, אַז אַט... אַז זי וועט גיין צו קינד, וועט שוין זײַן געקומען די ישועה, מיר׳ן שוין זײַן פרײַ... העלפט איר, דאָקטער!

„העלפן דעם לײַדנדיקן מענטש"... יאָ, אין דער פײַערלעכער שעה פון קריגן דעם דאָקטער־דיפּלאָם האָט ער, אַרנסאָן, געהאַט עס דערקלערט, געשווירן... דאָס איז געווען אַן אָפיציעלער, אַ פאָרמעלער צערעמאָניאַל, וועלכן מען פאַרגעסט. ער האָט געהאָלפן מענטשן, געהיילט קראַנקע ניט דערפאַר, ווײַל ער האָט ערגעץ וווּ, ווען ניט איז געשווירן... העלפן דעם לײַדנדיקן. נאָך גאָרניט לאַנג האָט עס מחייב געווען. איצט אָבער... ווי האָט געסדרט מיט עטלעכע טעג צוריק, „זייערער" אַ דײַטש, אַ וואַכמאַן: „בײַן גראָם בלײַ איז אַ שאָד אויסצוברענגען אויף אַ ייִדן. איר, די לעבן־געבליבענע, דאַרפט פאַרשווינדן, אומקומען פון שמוץ און לײַז, פון הונגער און עפּי־

דעמיעס. און די, וועמען דער טויט וועט ניט נעמען, זאָלן איינער דעם צווייטן אויסראָטן״.

בעת־מעשׂה האָט מען געמוזט אַראָפּשלינגען די דאָזיקע דיבורים. וואָס זאָל מען געווען טאָן? איצט אָבער... און טאַקע יענעם דײַטש אויף צו להכעיס, וואָלט ער, דאָקטער אַרנסאָן, געדאַרפֿט עפּעס טאָן. אָבער דאָס ברעכעניש אין די גלידער, דער הונגער וואָס נאָגט אויס דעם מאַרך פֿון די ביינער, די אויסגעשעפּטקייט... ווי קאָן ער העלפֿן, אַז די הענט דינען אים ניט? וואָס וויל מען בכלל פֿון אים? ער האָט אַ פֿרוי, איז אַ טאַטע פֿון אַ דער־וואַקסן ייִנגל. ס׳איז אין געטאָ שטרענג פֿאַרווערט צו געבוירן... די וועלכע לייגן צו אַ האַנט צום פֿאַרמערן דאָ דעם מענטשלעכן מין, שיסט מען... וואָס האָט מען צו אים? וואָס וויל מען פֿון אים? פֿאַר די אויגן איז אַלץ מטושטש, אַלץ ווי אין אַ דולהויז.

די ענג אָנגעשטעלטע בעטלעך אין צימער זענען געווען ליידיק. אָן בעטגעוואַנט האָבן זיי אויסגעזען ווי פֿאַרלאָזטע נעסטן. ניט שווער געווען צו פֿאַרשטיין, אַז אויף דער בקשה פֿון דער געווינערין אָדער איר מאַן זענען די צימער־שכנים אַוועק פֿון שטוב. צי אויס מורא זיך צעלאָפֿן איבערנעכטיקן אַנדערש ווו. אַ ליאַדע מינוט האָבן דאָך געקאָנט זיך אַרײַנשטעלן די צוררים. זיי וואָלטן קיינעם ניט געשאַנעוועט. עפּעס אַ קלייניקייט: אין געטאָ גייט אַ פֿרוי צו קינד! בלויז איין קליינע, אײַנגעשרומפּענע אַלטיטשקע וואָס האָט מסתּמא ניט געהאַט וווהין צו גיין, איז געשטאַנען אַ צעטומלטע, געציטערט און געקרעכצט הויך אויפֿן קול.

דער געווינערין צו קאָפּנס האָט געברענט אַ ליכט און באַשײַנט איר גרינלעך, פֿון ווייטיק באַנומען פּנים. אויפֿן פֿאָן פֿון צעשאָטענע לאַנגע שוואַר־צע האָר האָט דאָס פּנים אויסגעזען גיכער פֿון אַ נוטה־למות איידער פֿון אַ מענטש, וואָס קלײַבט זיך צו פֿאַרשטאַרקן זײַן בונד מיט דער וועלט דורך נאָך אַ לעבן. די ברעקלעך פֿאַרטריקנט בלוט אַרום דער פֿרויס ליפּן האָבן עדות געזאָגט, אַז ניט לײַכט קומט איר אָן אײַנצוהאַלטן אין זיך די ווייגע־שרייען. די פֿרוי האָט אָן אויפֿהער געדרייט דעם קאָפּ אין די זײַטן, ווי זוכנדיק דורך דעם צו פֿאַרלײַכטערן אירע יסורים. אין דער געווינערינס אויגן וואָס זי פֿלעגט פֿון צײַט צו צײַט עפֿענען, האָט זיך געראַנגלט ייִאוש מיט אַ שטום הילף־רופֿעניש.

דערשראָקן פֿאַר אָט די אויגן, איז אַרנסאָן אָפּגעטראָטן אַ ביסל אויף צוריק און געבליבן שטיין. זײַנע מחשבות האָבן זיך אויך אָפּגעשטעלט, און די פֿינגער האָבן גענומען פֿונאַנדערבינדן דעם שטריק פֿון אַרום זײַנע לענדן.

לויז געמאַכט דעם שטריק, איז אַראָפּגעפֿאַלן אויפֿן דיל אַרנסאָנס בלעכן עסגעשיר. פֿון דעם אומגעריכטן בראַזג האָבן אַלע אינעם צימער אויפֿגע־ציטערט און זיך אַ קער געטאָן צום דאָקטער. זייערע פּנימער האָבן אויפֿגע־לויכטן צוזעענדיק, ווי ער טוט אויס זײַן פֿאַרבלאָטיקטן מאַנטל, באַפֿרײַט די פֿיס פֿון די אײַן ליים אויסגעשמירטע וויקלשנורן.

בעתן אויסטאָן זיך האָט אַרנסאָן אָפּגעגעבן פֿאַראָרדענונגען:

— גרייט צו הייס וואַסער און זייף, ספּירט, אויב פֿאַראַן. ליכט צינדט אָן וואָס מער. אַ בערשטל צו וואַשן די הענט...

די אַקושערקע, דער מאַנצביל, די אַלטיטשקע האָבן, אויפֿגערודערטע, גענומען שמײַען איבערן צימער.

— פֿאַראַן אינסטרומענטן? — האָט געפֿרעגט דער דאָקטער.

— ס׳גייטיקסטע, — האָט אַ גרייטע צו דינען, געענטפֿערט די אַקושערקע.

— אויסגעקאָכט?

דער דאָקטער האָט זיך געשטעלט וואַשן די הענט. פֿונעם ליימיק־ווייכן שטיקל זייף־סוראָגאַט איז באַלד גאָרנישט ניט געבליבן. האָט ער מיט די נעגל געגראַבלט די אײַנגעגעסענע ליים און בלאָטע אין די קנייטשן אויף די דלאָניעס. דאָס וואַרעמע וואַסער האָט ווייך געמאַכט די פֿאַרהאַרטעוועטע הויט. ס׳האָט זיך אָפּגעשיילט אַ מאַזאָליע... און אויב מען וועט מאָרגן, דווקא מאָרגן אַ קאָנטראָליר טאָן זײַנע הענט, צי זיי זענען ווי געהעריק פֿאַרגרעבט פֿון דער אַרבעט? אין געטאָ איז שטרענג פֿאַרווערט צו האָבן „ווײַסע" הענט... נאָר איצט האָט אַרנסאָן נאָך שטאַרקער גענומען זיי וואַשן.

די קימפּעטאָרין האָט זיך געקאָרטשעט פֿון די אויפֿקומענדיקע ווייען. מען האָט מער קיין רגע ניט געטאָרט פֿאַרלירן.

— שוועסטער, אַ לײַלעך! אַהער! — האָט דער דאָקטער גענומען ריידן מיט דער באַפֿעלשפּראַך פֿון שפּיטאָל. מיטן לײַלעך האָט ער בדעה געהאַט זיך אײַנצוּוויקלען אַנשטאָט אַ כאַלאַט.

דאָ האָט די קימפּעטאָרין ניט אויסגעהאַלטן און הילכיק אַ געשריי געטאָן. פֿאַרשטעלנדיק איר דאָס מויל, האָט איר מאַן גענומען זיך בעטן:

— האָב רחמנות! אויף זיך און אַלעמען. דײַטשן וועלן דערהערן!

דער דאָקטער — אַן אַ כאַלאַט, אַן אַ לײַלעך, אין איין העמד — האָט גענענט צו דער קימפּעטאָרין. ווידער, ווי געוויינטלעך: אַ פרוי וואָס דאַרף געבוירן, אַ קינד וואָס דאַרף דערזען די שײַן... ער האָט זיך אײַנגעבויגן איבער דער געווינערין...

— מען וועט מוזן ראַטעווען די מוטער, — איז שווער געפאַלן דעם דאָקטערס גזר־דין. — שוועסטער, גרייט צו דעם פּערפּאַראַטאָר.

דער געווינערינס מאַן — אַ דאַרער, אויסגעצויגענער, מיט אַ שוואַרצער גלאַנציקער שטשעטשינע אויף די אײַנגעפאַלענע באַקן — איז געשטאַנען אין אַ זײַט, ווי צוגעקלעפּט צו דער וואַנט. דערהערט דעם דאָקטערס ווערטער, האָט ער זיך אָפּגעריסן פון איר און גענומען שאַרן זיך איבערן צימער טענהנדיק:

— זאָל דאָס קינד לעבן, זאָל עס לעבן... כ׳וועל עס אויסבאַהאַלטן, אויס־היטן. אַ באַהעלטעניש האָב איך פאַר דעם צוגעגרייט. כ׳וועל עס פאַרשטעקן ביז מיר׳ן באַפרײַט ווערן...

דער מאַנצביל האָט מיט זײַנע רייד אויפגערעגט אַרנסאַנען. פאַרשטייט ער ניט, אַז מען מוז זיך אָפּזאָגן פונעם קינד, כּדי צו ראַטעווען די מוטער? פאַרשטייט ער ניט, אַז די מוטער איז בילכער? אַ נאַרישער ייִד! ער וועט אויסגעלייזט ווערן פון אַ טויט־ברענגענדיקער סכּנה — פון אַ נײַ געבוירן קינד אין געטאָ. ס׳איז פאַר אַלעמען גלײַכער. אויך פאַר אים, דעם דאָקטער.

— שוועסטער, דעם פּערפּאַראַטאָר!

ווי דערפילנדיק עפּעס ניט־גוטס, האָט דער מאַן זיך גענומען צורוקן צו זײַן פרויס געלעגער. ס׳האָבן זיך צעוויגט זײַנע שאָטנס, וואָס די עטלעכע ברענענדיקע ליכט האָבן צעוואָרפן איבער די ווענט. די דאָזיקע געשפּענסטישע שאָטנשפּיל האָבן באַגלייט דעם מאַנצבילס קלאָגמוטערלעכע רייד:

— אַכט יאָר קיין קינדער ניט געהאַט... פון דער גאַנצער משפּחה זענען מיר צוויי געבליבן — איך און זי... און געווען זענען מיר איבער דרײַסיק, און אַלעמען האָט היטלער אויסגעקוילעט. ווילט זיך איבערלאָזן אַ שטיקל זכר... כ׳האָב קיין מורא ניט!

ער האָט ניט באַוויזן ענדיקן, ווי די קימפּעטאָרין האָט הייזעריק אַרײַנגעשריִען אים אין די רייד:

— פאַרשאָלטן זײַ, היטלער! רוצחים, רוצחים!!!

דאָס שטאָלענע מעדיצינישע געצײַג וואָס האָט געצילט אינעם קינדס קעפּל, איז געוואָרן אַ שטיק בלײַ אינעם דאָקטערס הענט, ניט אײַנצוהאַלטן עס מער. „רוצחים!” אין מערצאָל! אויך אים אַרײַנגערעכנט, וואָס? אין אַרנסאָגען האָט ממש אויפגעקאָכט דער כּעס אויף דער פרוי. וואָס ווייסט זי? וואָס פאַרשטייט זי? ער שטעלט אײַן זײַן לעבן, ווען זי ראַטעוועט, און זי...

אַ גרויסע, אַ מוראדיק דריקנדיקע פויזע האָט מיט עזות פאַרקוועטשט דעם פּולס פון דער וועלט. געקוועטשט אומברחמנותדיק, ווי וועלנדיק אָפּ־שטעלן דאָס לעבן.

אַרנסאָנס כּעס אויף דער פרוי האָט פּלוצעם זיך אויסגעקערעוועט צו אים גופא: אַ דאָקטער זאָל ניט קאָנען העלפן אַ לײַדנדיקן! אַ דאָקטער זאָל גיין מיטן לײַכטסטן וועג, זאָל ניט פּרוּוון... ס'האָט זיך אַראָפּגעלאָזט זײַן האַנט מיטן טייטנדיקן אינסטרומענט. ער האָט שולדיק אָנגעקוקט די אַרומיקע — דעם מאַנצביל, די אַקושערקע, די אַלטיטשקע, וואָס האָבן מיט תּחנונים אין די אויגן באַגלייט זײַן יעדן קער און ווענד.

— ניט טייטן, דאָקטער! לא תּרצח! — איז דער מאַנצביל צוגעשפּרונ־גען, צו אים, פּאָכענדיק מיט געבײַלטע פויסטן. — זאָל'ס געבוירן ווערן!

ניין, ניט צוליבן סטראַשוניק. צוליב דעם געדאַנק אַליין, אַז מען קאָן אים צורעכענען צו דער קאַטעגאָריע רוצחים, האָט דער דאָקטער אַרויסגע־כאַפּט פון דער אַקושערקעס האַנט די צוואַנגען. ווידער פּרוּוון! אַ לעצט מאָל! און ער האָט אַליין זיך געוווּנדערט, פון וואַנען עס נעמט זיך כּוח אין זײַנע אויסגעמאַטערטע הענט און אויסגעהונגערטן גוף...

דער דאָקטער האָט שווער געאָטעמט, געסאָפּעט, געפּרײַכט. ער האָט געמאַכט אַ גרויסן פיזישן אָנשטרענג. ווײַלעווײַז פלעגט זיך אים דאַכטן, אַז אַלץ איז אומזיסט, אַז שוין, עס רינט אויס דער לעצטער רעשט כּוח אין זײַנע מוסקלען. די טיפע קרעכצן פון דער געווינערין האָבן אים געהאָלפן אין די אַ רגעס. געהאָלפן זיך ראַנגלען, ניט נאָכגעבן. און טאַקע — זאָל'ס געבוירן ווערן! זאָל דער נומער „דרײַ טויזנט פינף” אָפּקעמפן בײַם טויט אַ פאַרווערט לעבן! אַקעגן אַלע זייערע באַפעלן, אַקעגן היטלערן אַליין!.. דעם דאָקטערס רעשט פיזישער כּוח, זײַן ווילן און אַלע חושים האָבן זיך מתיחד געווען צו איין איינציקער כּוונה, צו איין איינציקער סכּנותפולער הייליקער עבודה.

די קימפעטאָרין האָט אַרויסגעלאָזט אַ צעצויגן גרילציק אויסגעשריי. איר מאַן האָט זיך ווידער געוואָרפן זי איינצושטילן, נאָר עס פאַרשפּאַרט. אָנמאַכטיק אויסגעדרייט דעם קאָפּ אין אַ זייט, דאָס פּנים באַהאַלטן אונטער צעשאָטענע פּאַסמעס האָר, איז זי געבליבן ליגן אַ פאַרשטומטע און פאַר־טייעטע. דער מאַן אירער איז געשטאַנען אַ פאַרלוירענער אין מיטן צימער. די אַלטיטשקע האָט אומבאַהאָלפן געקוקט דאָ אויף דעם, דאָ אויף יענעם, שעפּטשענדיק אָן אויפהער:

— גאָט מיינער, טאַטע זיסער...

די אַקושערקע האָט איבערגענומען דעם ניי־געבוירענעם. דאָס עופל איז געווען בלוי, פאַרשטיקט, אָן סימנים פון לעבן. האָט זי עס געהויבן, גע־טרייסלט, געפּאַטשט דעם איבערן געזעסל.

ניט אויסהאַלטנדיק מער די שפּאַנונג, איז דער מאַן אַראָפּגעזונקען אויף די קני לעבן זיין פרוי, פאַרגראָבן דעם קאָפּ אין איר געלעגער און זיך צעהעשעט:

— זיי מיר מוחל, זיי מוחל...

און די אַלטיטשקע, ניט ווּיסנדיק וואָס אָנצוהייבן טאָן, האָט באַוועגט מיט פאַרלעגן שמייכלענדיקע ליפּן:

— מזל־טוב, מזל־טוב!

אַרנסאָן, אַ דורכגעוויקטער פון שווייס, האָט האַסטיק אָנגעטאָן זיין נאַסן מלבוש און זיך צוגעזעצט אויפן ראַנד פון אַ ליידיקער בעט. אַלע זענען געווען מיט עפּעס פאַרנומען און קיינער האָט אויף אים קיין אַכט ניט געלייגט. מען האָט אין אים ווי פאַרגעסן. נאָר ער האָט זיך ניט באַליידיקט. צו קיינעם ניט געהאַט קיין טענות. יעדערער האָט זיך איצט זיין פּעקל זאָרג און צרות. וואָס ס׳איז נייטיק געווען, האָט ער געטאָן. דער חוב איז געסילוקט. איצט דאַרף דאָס נפשל מיט אַ געשריי אָפּגעבן אַ שלום־עליכם דער וועלט, און שוין.

ס׳איז געווען געפערלעך צו בלייבן אויפן אָרט פונעם באַגאַנגענעם „פאַרברעכן". טאָמער אַ קאָנטראָל, זענען זיי דאָ אַלע פאַרלוירן. נאָר דער דאָקטער האָט ניט געטראַכט אַוועקצוגיין. ס׳איז אים גאָר אָנגענעם געווען צו שפּירן דאָס געלאָקער פון דער סכּנה. ער וועט דאָ בלייבן. טאָמער איז נאָך נייטיק זיין הילף. און אָט איז זי, די געלעגנהייט איבערצובלייבן אין דער וואַרעם דאָס רעשטל נאַכט און ניט זיין געצוווּנגען צו וועקן זיין פרוי און

קינד. זאָלן זיי אומגעשטערט שלאָפֿן. ס׳האָבן זיך אים געקלעפּט די אויגן. אין די אויערן איז אַנגעקוואָלן אַ בנעימותדיק געברום, אַ מילד כוואַליעס־געפּליעסק האָט געלאַשטשעט גאָלדענע זאַמדן...

דער דאָקטער האָט אײַנגעדרעמלט. אַ זיס געטראַנק האָט זיך צעריזלט איבער אַלע קעמערלעך פֿון זײַן גוף — אים פֿאַרשיכּורט, אײַנגעוויגט, באַצוווּנגען.

און אין דרויסן האָט נאָך אַלץ געוועלטיקט דער הפקר־ווינט. פֿאַרביסן האָט ער איצט גענומען פֿויקן איבערן דאַך מיט רעגנשרויט, ווי געוואָלט פֿאַרטויבן דאָס קול פֿונעם פֿאַרוווערטן לעבן, וואָס האָט, לחלוטין ניט רע־כענענדיק זיך מיט דער סכּנה פֿאַר זיך און די אַרומיקע, פּלוצעם אָנגעפֿילט דאָס גאַנצע שטיבל מיט געשריי.

# פאַר איין נאַכט

חיימס אַנדרעק

אינעם גרויען געפּלאָנטער פון הילצערנע שטעלכלעך, פּאַרקנס און שטיבלעך, וואָס דער ווינטער־פאַרנאַכט האָט גענומען אַרײַנוועבן אין זײַן מטושטש טונקעלן געשפּינס, האָבן זיי זיך דורכגעלייגט דעם וועג. כּדי אויסצומײַדן אין דער גאַס אַ מעגלעכע באַגעגעניש מיט דײַטשן, האָבן זיי געטאָפּטשעט איבער טיף פאַרשנייטע הינטערהויפן, געקראָכן דורך שפּאַרונעס און לעכער אין פּלויטן.

דרײַ זענען זיי געווען. איינער פון די דרײַ, זכריה, האָט אָנגעשפּיצט געהאַלטן אין איין קוקן אויף דעם וואָס האָט געפירט, און איטלעכע רגע פלעגט ער זיך צו אים ווענדן אין דער שטיל:

— זע זיך, מאָטעלע, גוט אַרום. מיר׳ן ניט פאַרקריכן? שפּירט מען ניט נאָך?

מאָטל, אַן אָנגעשפּאַנט פאַרטראַכטער, האָט ניט געענטפערט. אויך דאַניע איז די גאַנצע צײַט געגאַנגען און געשוויגן.

ענדלעך האָט זיי מאָטל דערפירט צו אַ נידעריק הילצערן שטיבל, וואָס האָט מיט אַן אויסגעקרימטער זײַט זיך אײַנגעגראָבן אינעם שנייצודעק פון דער ערד, ווי געוואָלט אין אים זיך אויסבאַהאַלטן, פאַרזינקען... אַרומגעקוקט זיך און געזען, אַז קיין פרעמדער געפינט זיך ניט אין דער נאָענט, האָט מאָטל אין איינעם פון די פאַרריגלטע לאָדנס פיר מאָל, דערנאָך צוויי מאָל האַסטיק אָנגעקלאַפּט. אויף אָט דעם צייכן האָט זיך געעפנט די דרויסנטיר און אַרײַנגעכאַפּט די דרײַ יאָטן.

אינעם פינצטערן פירהויז האָט זיי באַגעגנט אַ מיידל. נאָך דעם ווי מאָטל האָט איר אײַנגערוימט דעם אָפּגערעדטן סימן, האָט זי זיי אַלע דרײַ אַרײַנ־

געלאָזט אין אַ גרויסן לײדיקן צימער מיט אַ נידעריקן סופּיט. אויף אַ טיש אין אַ ווינקל האָט אַ שוואַך אײלקאַנעצל זיך געראַנגלט מיט דער אַרומיקער חשכות, וואָס האָט עס ווי געוואָלט צושטיקן. בײַם טיש איז געזעסן אַ מאַנצביל.

די אָרײַנגעקומענע זענען געבליבן שטיין לעבן דער טיר.

— נעענטער, חברה, נעענטער, — האָט אַ זאָג געטאָן דער, וואָס בײַם טיש, און אויפגעהויבן זײַן קוים באַלויכטן בלאָס פּנים. אַ הויכער שטערן מיט טיפע ווינקלען, אַ פּאָר געלבלעכע, אויף אַרויף פּאַרדרייטע וואָנצעס — ס'האָבן זיך אויף דעם פּנים געראַנגלט דער תּלמיד־חכם מיטן האַלצהעקער.

— מאַטלען קען איך פון פריִער, — האָט ער געלאָסן גערעדט, — און מיט אײַך וועלן מיר זיך איצט באַקענען, איאָ?

מאָטל איז צוגעגאַנגען צום טיש און אָפּגעראַפּאָרטירט:

— מיט מיר זענען, חבר יואל, צוויי יאָטן פונעם קעמערל „מוט" — זכריה און דאַניע. יעדערער — זיבעצן יאָר אַלט. ביידע געהערן צום קעמערל פון ערשטן טאָג אָן. זכריה האָט אַ מאַמע, דניאל — קיינעם ניט.

אויפגעהערט ראַפּאָרטירן, איז אויף מאָטלס האַלב אָפענע ליפּן געבליבן שוועבן אַ שמייכל: יואל, דער אָנפירער זייערער, האָט דאָך דאָס אַלץ געוווּסט. אַלץ איז מיט אים פון פריִער געווען באַטראַכט, באַהאַנדלט, אָפּגערעדט.

די געקומענע האָבן זיך געזעצט צום טיש.

יואלס רויִקע, אַ ביסל צוגעזשמורעטע אויגן האָבן קוים מערקלעך באַ־טאַפּט די פּנימער פון די צוויי בחורימלעך, וואָס ער האָט געזען צום ערשטן מאָל, און זיך אָפּגעשטעלט אויף מאָטלען:

— נו, מאָטל, הײַנט וועסטו דיריזשירן מיט אײַער, ווי מען רופט עס, קאַפּעליע. מיר קענען דיך, פאַרלאָזן זיך אויף דיר! — און זיך געווענדט צו די אַנדערע צוויי: — און מיט אײַך, אָט באַקענען מיר זיך. אײַך, חברה, איז אַלץ שוין קלאָר. ניט אַזוי?

די יאָטן האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ אויף „יאָ".

— אַ ביסל דרייסטער, זכריה. קיין מאָל זיך ניט פאַרלירן. ביסט אַ מאַלאַדיעץ, אַ סך האָסט בײַגעטראָגן און מען וועט דיר דאַנקען... אָבער זיכערער אין זיך דאַרף מען זײַן. און דו, דאַניע, נעם זיך פּאַר אַ בײַשפּיל מאָטלען. ביסט קיין עין־הרע אַ יאָט מיט ביינער!

זכריה און דאַניע זענען נשתּומם געוואָרן: יואל קוקט זיי אָן צום ערשטן

מאָל און ס׳זעט אויס, אַז ער קען זיי אויסגעבונדן. ווי ער וואָלט אַרײַנגעדרונגען יעדערן אין דער נשמה, אָדער גאָר ווי ער וואָלט געוווּסט דעם סוד פון לייענען יענעמס געדאַנקען.

מיטן בליק האָט יואל אַלץ נאָך געהאַלטן אין מעסטן און אָפּשאַצן די יאַטן. אײַנצײַטיק האָט ער פּאַמעלעך גערעדט:

— פֿאַרשטייט איר, וואָס מיט אײַך, מיט אײַערע אייגענע און אפשר מיט אַלע ייִדן אין געטאָ וועט געשען, אויב איר וועט, חלילה, דורכפאַלן? אפשר האָט איר מורא? דערווײַלע איז נאָך ניט שפּעט... איר קאָנט חרטה האָבן. מעגט חרטה האָבן. ניטאָ זיך וואָס צו שעמען... — אַ ביסל אָפּגעוואַרט, האָט ער ממשיך געווען: — אין אַן אַנדער פֿאַל וואָלטן מיר געפּרוּווט אַליין, מיט די עלטערע חברים. נאָר דאָס מאָל איז פּשוט אוממעגלעך אָן אײַך. איר פאַרשטייט דאָך, ווער וועט זיך אָריענטירן אויף אַן אָרט אַזוי גוט, ווי איר?

וועלנדיק צעווייען אַלע ספקות האָט מאָטל דערקלערט:

— מיר האָבן אַלץ גענוי באַטראַכט און אָרומגערעדט. און באַשלאָסן: מיר זענען גרייט!

ניט אויסבאַהאַלטנדיק זײַן צופרידנקייט, האָט יואל זיך געווענדט צו זכריהן:

— הענט, ברודערקע, האָסטו גאָלדענע. דעם שליסל, וויס איך, האָסטו אויסגעמײַסטרעוועט... זאָל ער מיט מזל אויפשליסן... וואָס קאָן איך זאָגן, ביסט אַ בראַוועֶר יונג, מיט אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס. אויף אַן אָרט זענען דיר אַלע ווינקעלעך באַקאַנט. כ׳צווייפל ניט, אַז דיר וועט קלעקן אי מוט, אי, נו, מיר׳ן זאָגן, עקשנות. שטעל זיך פאָר, וואָס פאַר אַ מינע די דײַטשן וועלן מאַכן מאָרגן פרי, ווען זיי וועלן געוווויר ווערן...

יואל האָט אַרויסגענומען פון זײַנע קעשענעס דרײַ רעוואָלווערן און דערלאַנגט מאָטלען:

— זיי זענען אָנגעלאָדן... פאַרזיכערט... קוילן זאָלט איר שפּאָרן. מיר האָבן זיי ווייניק. און ניט נאָר דערוועגן. זעט אויסצוקומען אָן איין שאָס. מאָטל וועט אײַך פאַרטיילן די כּלים בײַם צוים. פאַרן אומקערן זיך אין געטאָ גיט איר זיי אים צוריק. אויב נייטיק, וועט מאָטלען פאַרבײַטן זכריה...

דאָס זענען געווען די זעלבע רעוואָלווערן, מיט וועלכע די יאַטן האָבן

זיך געלערנט שיסן אינעם געהיימען קעלער. זיי זענען קענטלעך געווען, די רעוואָלווערן, לויטן אָפּגעריבענעם לאַק אויף די הענטלעך, לויט אַ קאַרב, אַן אײַנדריק. קומט אויס, אַז אַלע וועגן פירן אַהער, צו יואלן. האָבן זכריה און דניאל מיט נאָך אַ גרעסערן אָפּשײַ געגומען קוקן אויף אים, דעם אָנפירער זייערן... ער איז חבריש און פרײַנדלעך. מיט אים ווערט עפּעס לײַכטער אויפן האַרץ. עס שטאַרקט זיך די האָפענונג, אַז זיי וועלן זיך טאַקע אַרויס־רײַסן פון געטאָ, קוים שפירט זיך אַ טאָלק אין אַלץ און ס׳פירט מיט זיי אַן אַזאַ מענטש... הײַנטיקע נאַכט דאַרף נאָר זיך אײַנגעבן...

— דאָ האָסטו, מאָטעלע, אויך אַ האַנטגראַנאַט, — האָט יואל ווידער זיך אָנגערופן, — פון די ווינציקע וואָס מיר פאַרמאָגן דערווײַלע. און אָט זענען אײַערע מאַסקיר־כאַלאַטן. פון אונטערן טיש האָט יואל אַרויסגעצויגן אַ קאַרטאָנען קעסטל. — נעמט, צעטיילט זיך. ווען זיי אָנצוטאָן, ווייסט איר. און פאַרגעסט ניט, אַז די גרעסטע סכּנה איז פונעם פּאָסטן אויפן שפּיטאָלהויף. און ווידער זײַט וויסן, אַז מען דאַרף אויסקומען אָן איין שאָס! נו, דאַכט זיך, אַלץ... יאָ, אײַערע געלע לאַטעס. מסתּמא, ווי אָפּגעמאַכט, ט׳איר צוגעשפּיליעט מיט זיכער־נאָדלען. די וואָס אויפן רוקן, צוגעשפּיליעט, מען זאָל זי מיט דער אייגענער האַנט דערגרייכן אַראָפּצונעמען. און פאַרגעסט ניט: אויף יענער זײַט צוים, אין גאַס, האַלט זיך וואָס ווייניקער אין קאָמפּאַניע.

די לעצטע אָנווײַזונגען האָט יואל אָפּגעגעבן שטייענדיקערהייט. די יאָטן זענען אויך אויפגעשטאַנען.

— חבר יואל, — האָט אומדערוואַרט אָנגעהויבן מאָטל, — איך וויל אײַך בעטן. אין נאָמען פון אונדז דרײַען... בעטן...

— נו?

— מיר ווילן אײַך בעטן ניט מיטצוגיין מיט אונדז. מיר׳ן אַלץ אַליין. איר טאָרט ניט ריזיקירן.

— נו, נו... קווענקלסט זיך? ביסט ניט זיכער? — יואל האָט אַ שמייכל געטאָן. — גוט! מיט אײַך, חברה, וועל איך טאַקע ניט מיטגיין. מיר׳ן זיך טרעפן, איר ווייסט דאָך ווו... און איצט, געגאַנגען זאָל זײַן אין אַ מזלדיקער שעה!

יואל האָט אַלעמען געדריקט די האַנט. אויף זײַן פאַרטונקלט פּנים, מחמת געשטאַנען איז ער מיטן רוקן צום קאַנעצל, האָבן לעבעדיק געגלאַנצט

צוויי אויגן. אַרויסגעבאַגלייט האָט זיי דאָס זעלבע מיידל, וואָס האָט זיי געהאַט אַרײַנגעלאָזט און די גאַנצע צײַט געוואַכט אינעם פּירהויז.

דורך דער געעפנטער טיר האָט זיך אַרײַנגעקוילערט אין צימער אַ קאַלטע לופטכוואַליע און אַ שנײַער געטאָן דעם דיל. אויפשטײַגנדיק העכער האָט זי אויפן טיש פאַרכאַפּט דאָס קאַנעצל. דאָס פלעמל האָט אויפגעציטערט, גענומען זיך אײַנשרומפן, ווי ס'וואָלט זיך דערשראָקן פאַר סכנות און וויסטע אָנשיקענישן.

ווער ווייסט, פאַר וואָס דאָס געטאַשטיבל איז געווען אומגעקערט מיט אַ בלינדער וואַנט צום שטעכלדראָט־צוים — צופעליק, אויס מורא צי גאָר אַרויסווײַזנדיק צו אים דערווידער. ווער ווייסט אויך, ווי אַזוי צווישן דעם צוים און דעם שטיבל האָט זיך אויפגעהאַלטן אַן אַלטער ברעטערנער פאַרקן. אַ פּנים, קיינער האָט זיך דערווײַלע ניט דערוועגט אים פונאַנדערצונעמען אויף ברענהאָלץ — אַ פאַסטן האָט דאָך אַרומגעשפּאַנט האַרט הינטערן שטעכלדראָט.

איצט האָבן צווישן שטיבל און דעם פאַרקן זיך פאַרקליבן אונדזערע דרײַ יאַטן.

מאָטל האָט געטשאַטעוועט דורך די שפּאַרונעס אין די פאַרקנברעטער. פון יענער זײַט דראָט איז דאָס געסל געווען ווי אויסגעשטאָרבן. קיינער האָט אויך דאָרטן, אויף דער כּלומרשטער פרײַ, ניט געהאַט קיין גרויסן חשק זיך צו באַגעגענען אויג אויף אויג מיט דײַטשן. פלעגן די מענטשן אַרײַנקומען צו זיך אין די הײַזער דורך הינטערגענג און לעכער אין די פאַרקנס פון די הויפן.

אַלץ געדיכטער איז געוואָרן דער פאַרנאַכט, ביז ער האָט זיך איבער־געגאָסן אינעם טיפן גרוי פון ווינטערדיקן ערבֿ־אָוונט. אין אים זענען ווי צעגאַנגען די איבערשטע צוימדראָטן. די אונטערשטע האָבן קוים־קוים זיך אָפּגעצייכנט אויפן שניי. יאָ, דער צוים איז ניט ווײַט, ממש מיט דער האַנט צו דערלאַנגען. און הינטער אים, אינעם אַנטקעגנדיקן צוויי־גאָרנדיקן מויער, וואַרט שוין אויף זיי די פינצטערניש פון אַ טויער־וועלבונג. אַהין דאַרפן זיי זיך אַרײַנכאַפּן און פון דאָרטן אָנהייבן דעם גאַנג איבער דער שטאָט אָן די געלע לאַטעס. מיט אַ צענדליק טריט קאָן מען איבערשפּרינגען דאָס געסל. אָבער וואָס פאַר אַ מהלך די דאָזיקע צען טריט זענען איצט!

מיטן גאַנצן כּוח פון דער ראיה האָט מאָטל זיך אײַנגעגעסן אינעם סילועט פון וואַכמאַן, וואָס איז מיט דער ביקס אין שלאַכטגרייטקייט פּויל אַרומגעגאַנגען הין און צוריק לענג־אויס זײַן וואַכאָפּשניט. מאָטל האָט זיך צוגעהערט צום סקריפּען פון זײַנע טריט אינעם שניי, געשאַצט, וויפל אָן ערך עס געדויערט, ביז ער קומט צוריק צום אָרט וווּ זיי געפינען זיך, און וויפל צײַט דאַרף אָוועקנעמען ביזן אַריבערכאַפּן זיך אויף יענער זײַט געסל.

אָנגעשפּאַרט אינעם פּאַרקן, האָבן זכריה און דאַניע געוואַרט. דעם וואַכמאַן האָבן זיי ניט געזען, בלויז געפילט, ווי זײַנע סקריפּ־סקריפּ־טריט ציִען נאָך שטײַפער אָן זייערע געשפּאַנטע נערוון.

מאָטל האָט געכאַפּט אַ קוק אויף זײַן האַנטזייגערל. לויטן אָרט וווּ ס'האָבן זיך געשוואַרצט די ווײַזערס, האָט ער דערקענט, אַז ס'גייט די אַכטע שעה, און זיך באַוועגן איבער די גאַסן מעג מען נאָר ביז נײַן. טאָר מען קיין רגע מער ניט פאַרלירן. ער האָט פאַרטיילט דאָס געווער און געגעבן אַ ווונק אַראָפּצונעמען די לאַטעס.

באַלד האָבן אַלע דרײַ זיך אײַנגעהילט אין די ווײַסע מאַסקיר־כאַלאַטן, וואָס זיי האָבן געהאַלטן אונטער די מאַנטלען, און, אַרונטערגעבויגענע צו דער ערד, זיך צונויפגעהאָפטן מיט איר שנייצודעק.

פּאַמעלעך און שטאַרק אָפּגעהיט האָט מאָטל גענומען אָפּרוקן אין אַ זײַט דעם אונטערשטן ברעג פון אַ שטאַכעט, זײַן אַלט באַקאַנטן און דינסטגרייטן שטאַכעט, וואָס איז געהאַנגען בלויז אויף איין טשוואָק צוגעפּעסטיקט אין דער הייך. ס'האָט זיך געשאַפן אַ שפּאַרע, דורך וועלכער אַלע דרײַ, איינער הינטערן אַנדערן, האָבן אַוועקגעפויזעט צום שטעכלדראָט־צוים.

מאָטל האָט אָפּגעטשעפּעט די אונטערשטע צוויי רייען דראָט, וואָס זענען דאָ פון פריִער געווען פונאַנדערגעשניטן און האָבן זיך געהאַלטן אויף האַטשי־קעס, פאַרשטעקטע אינעם צוימסלופּ. דורך אָט דער פאַרבאַרגענער עפענונג איז מאָטל שוין ניט איין מאָל געווען אַרויס אין שטאָט.

דאַניע איז געקראָכן דער לעצטער. ער האָט צוריקגעשטופּט דעם היל־צערנעם שטאַכעט אויף זײַן אָרט און אויך די אָפּגעטשעפּעטע ברעגעס פונעם שטעכלדראָט אויפגעהאַנגען אויף זייער אָרט.

די יאַטן האָבן אַליין ניט געפילט, ווי דער טויער אויף יענער זײַט געסל האָט זיי אַרײַנגעכאַפּט אין זײַן שיצנדיק פינצטערניש. זיי האָבן געשווינד

אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די מאַסקיר־כאַלאַטן, פאַררוקט זיי צוריק אונטער די מאַנטלען און איינציקווייז געגומען אַרויסשליכן פון דער פאַרהוילעניש. האַלטנדיק זיך איינער פון אַנדערן אויף אַן אָפּשטאַנד, מען זאָל זיך זען, האָבן זיי געלאָזט זיך אין וועג אַריין.

„איצט קאָן ער אונדז שיטן זאַלץ אויפן עק״ — האָט מאָטל אַ טראַכט געטאָן וועגן וואַכמאַן און אַזש אונטערגעטענצלט פאַר פרייד.

דעם וועג האָבן אַלע דריי אויסגעצייכנט געוווּסט. זיי זענען דאָך געגאַנגען אין זייער אַמאָליקער שול, וואָס די דייטשן האָבן פאַרוואַנדלט אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל. געגאַנגען אַהין מיט אַ גאָר וויכטיקער אָבער סכנותפולער שליחות.

זכריה איז אַוועק פאָרויס. דעם זעלבן מהלך מאַכט ער דורך איצטן אינדערפרי, בעת מען טרייבט צו דער צוואַנגאַרבעט. די יידן פירט מען דעמאָלט איבערן ברוק, באַוואַכט פון אַלע זייטן. איצט גייט ער מיטן טראָטואַר און, פאַרשטייט זיך, אַן די געלע לאַטעס. מען זאָל אים כאַפּן, איז דער טויט אויפן אָרט. אמת, אויפן פנים זעט ער ניט אויס ווי קיין ייד. דערצו שיצט פון אַ בייז אויג ס׳אַוונט־טונקלעניש. די פּראַסטיקע לופּט כאַפּט אַרום די ברוסט ווי מיט אַ פּאַנצער, גאַרטלט אונטער. פון דעם ווערן די פיס גרינגער. הייבן זיך ווי אויף פּרוזשינעס. זכריה איז געגאַנגען האַסטיק, שוין אפשר צו האַסטיק. מען האָט געקאָנט חושד זיין, אַז עפּעס שטעקט אין דער אייַלעניש. נאָר ער האָט פאַרגעסן אין אַלץ און אַלעמען, פאַרגעסן אַפילו די מוטער זיינע, וואָס האָט אים לעצטנס געגומען באַקוקן מיט דערשראָקענע און פייכטע אויגן, פאַרגעסן אַלע טויט־סכנות... ער האָט געוואָלט וואָס גיכער קומען צום ציל. אַ טאַפּ געטאָן דעם שליסל...

דעם קראַגן אויפגעשטעלט, די הענט אַראָפּגעלאָזט טיף אין די קעשענעס, האָט דאַניע געשפּאַנט הינטער זכריהן. דער שניי האָט ווי אויף צו להכעיס געקרעכצט אונטער זיין שווערן טראָט, און יעדער קלאַנג אין דער אַרומיקער שטילקייט האָט געסטראַשעט. דניאלס יידישלעך פנים האָט אַ יעדער רגע אים געקאָנט אַרויסגעבן. נאָר ער איז געגאַנגען רויק, מאָדנע זיכער, דעם קראַגן אויפגעשטעלט...

מאָטל איז שוין ניט צום ערשטן מאָל געווען אין שטאָט מיט שליחותן און אָפּט אַרומגעגאַנגען אָן לאַטעס. ווי שטילנדיק אַ נאַגנדיקן ווייטיק, האָט

ער אַרײַנגעצויגן אין זיך דעם שאַרף געווירצטן טעם פון דער סכּנה. דאָס מאָל האָט ער מיט זײַן האַפערדיקייט געוואָלט אָנשטעקן די חברים. פלעגט ער זיי אָפּט אָניאָגן, איבעריאָגן, כּדי זיי זאָלן פילן, אַז ער איז מיט זיי, איז אויף דער וואַך.

גייען זיי, הייסט עס, אין זייער געוועזענער שול. צו ערשט אָבער אויפן צווינטער, וואָס גרענעצט זיך מיטן הויף פון דער שול.

די ווינטערנאַכט האָט אַרויפגעצווונגען אויף דער וועלט איר שליטה, אָבער די העלקייט פונעם שניי איז זי ניט בײַגעקומען. ס'האָט אַפילו אויסגעזען, אַז דער ווײַסער אָפּשײַן פונעם שניי האָט אַ ביסל אויפגעהעלט די כמאַרנע מויערן פון ביידע זײַטן גאַס. ליידיק זענען געווען די פאַרטונקלטע גאַסן. ווען ניט ווען האָט אַ דורכגייער, ווי פון עמעצן נאָכגעיאָגט, זיך פאַרבײַגעטראָגן און פאַרשוווּנדן. צו מאָל פלעגט אויפלײַכטן אַ פענצטער און דערשראָקן זיך אויסבאַהאַלטן הינטער אַ שוואַרצן צודעק. אויף די ראָגן האָבן אין דעם אַרומיקן טונקל געגליווערט פינצטערע היטלעריסטישע פּאַליציאַנטן — אָפּהיטערס פון די נײַע געזעצן...

די יאַטן האָבן זיך צוגעווינט צום אימהפולן אַרום. די האַרבע פוסטקייט פון די גאַסן האָט אויפגעהערט שרעקן. אין איר האָבן די דרײַ „ברעכערס פון געזעץ" זיך גענומען פילן אַזש פרײַ. די פינצטערניש איז געוואָרן היימיש: זי האָט אײַנגעהילט, אויסגעבאַהאַלטן, געשיצט. דערצו האָבן זיי געהאַלטן זייערע ווײַזפינגערס אויף די אָפּלאַז־צינגלעך פון די רעוואָלווערן...

אַרויפקומענדיק אויפן צווינטער האָט דאָס דרײַלינג פון דעסטוועגן לײַכטער אָפּגעאָטעמט. דאָ איז געווען אַ שפּע שניי און טונקעלע שטילקייט. אין זיי זענען ווי אײַנגעזונקען די אויסגעדאַרטע צלמים, די שטיינערנע מצבות. שניי און טונקעלע, כּמעט שוואַרצע שטילקייט האָבן דאָ אָפּגעמעקט די סטעזשקעס, וואָס האָבן סײַ ווי ניט געוווּסט וווּהין צו פירן מענטשן. נידעריק, ממש איבערן קאָפּ זענען אויף אַ געדיכטער נעץ פון נאַקעטע צווײַגן געהאַנגען גאַנצע שנייוואָלקנס, און חברה האָט זיך געדאַכט, אַז זיי האָבן געפונען שוץ אונטערן פּאַנצער פון אַ גרויסער מושל.

נאָך זיכערער האָבן די יאַטן זיך דערפילט אינעם ציגלנעם מויערל איבער אַן אַלטן משפּחה־קבר. אין אים, איז געווען פאַרטראַכט, וועלן זיי

זיך אויסבאַהאַלטן ביז די שעה וועט שלאָגן. און דאָ האָבן זיי טאַקע געפונען די ליידיקע זעק וואָס זיי וועלן דאַרפן אָנפילן.

פאַרקראָכן אינעם ענגן מויערל, האָבן זיי זיך איינגעמאָסטעט אויף אַ שטיינערנער באַנק, האַרט צוגעדריקט איינער צום אַנדערן. דאָס פּרעסטל האָט מיט אַלץ מער עזות געקנייפּט די באַקן, זיך דערקליבן צו די פיס. אָנצוהייבן איז נאָך געווען פרי. אַלץ אַרום מוז איינשלאָפן.

זכריה האָט ווידער אָנגעטאַפּט דעם שליסל, וועלכן ער האָט אויסגעפּיילט אויף דער אַרבעט בסוד־סודות, אַז קיינער זאָל ניט באַמערקן און ניט חושד זיין. קיינער פון די ייִדן וועלכע מ'האָט צוזאַמען מיט אים געטריבן צו דער צוואַנגאַרבעט אין זייער געוועזענער שול, האָט ניט געקאָנט זיך פאָרשטעלן, וואָס אַזוינס אים איז איינגעפאַלן. אָנגעהויבן האָט זיך עס אויף איינעם אַ צונויפקום פון זייער קעמערל. מאָטל האָט פאַרלאַנגט, יעדער איינער זאָל זיך אַרומקוקן אויף זיין אַרבעטפּלאַץ, אפשר קאָן מען דאָרטן אָנזאָלצן די דייטשן צי גאָר צולקחנען געווער. האָט זכריה זיך טאַקע אַרומגעקוקט...

אַ זון פון אַ שלאָסער, האָט ער, זכריה, פון קינדוויי̆ז געהאַט צו טאָן מיט שטאָל און אייזן. אין דעם מיליטערישן שפּיטאָל ווו מען ברענגט אים צו צוואַנגאַרבעט, האָט ער פאַרריכט די הענטלעך פון טיר־און־פענצטער, גע־פּיילט, געפּראָוועט. אַ מאַכער פון דער שפּיטאָל־אַדמיניסטראַציע האָט אים איין מאָל אָוועקגעפירט אין שטיבל אויפן הויף, ווו ס'האָט פאַר דער מלחמה געלעבט דער אָנפירער מיט דער ווירטשאַפט פון זייער שול. אויף זיין אָרט האָט זיך איצט איינגעקוואַרטירט דער האַר און בעל־הבית פון שפּיטאָל — דער הויפּט־פעלדפעבל, אַ הויכער, אָפּגעפּרעסענער, שטענדיק וואָרטשענ־דיקער דייטש. די צווייטע טיר אינעם פירהויז פון שטיבל האָט געפירט צו דער קאַמער מיט די ספּאָרט־מכשירים פון דער שול. זכריהן האָט דער דייטש באַפוילן אַריינצושטעלן אַ נייעם שלאָס אין דער טיר צו אָט דער קאַמער, מאַכן אַ צוגאָב־שליסל און געעפנט די טיר... אַנשטאָט ספּאָרט־מכשירים — געווער! ביקסן, אויטאָמאַטן, קעסטלעך מיט קוילן! דער שפּיטאָל־פּערסאָנאַל האַלט דאָ זיין וואָפן... זכריהן האָט אַלץ אַזש געגומען שווינדלען פאַר די אויגן. געווער! און ער דאַרף עס צופּראָווען אַ נייעם שליסל פאַר דער טיר. פאַר וואָס ניט אָפּריזיקירן און מאַכן בשתיקה נאָך אַ שליסל? האָט ער טאַקע אָפּגעריזיקירט, און איצט ליגט אַ שליסל צו דער טיר אויך

אין זײַן קעשענע... און איצט, ווער ווייסט, אפשר זענען עס שוין די לעצטע שעהען פון זײַן לעבן...

אַוועקגעשטופּט אַ שעה, אַ צווייטע, אַ דריטע, האָט מאָטל אַ טאָרע געטאָן זײַנע חברים. ניט אויסריידנדיק קיין וואָרט, האָבן די דרײַ אַרויפגעצויגן אויף זיך די מאַסקיר־כאַלאַטן און אַרויסגעקראָכן פון דער באַהעלטעניש. בלינד נישטערנדיק אינעם חושך, האָבן זיי זיך באַוועגט צו דער לאָך אינעם פּאַרקאַן, דורך וועלכער זיי פלעגן אַ מאָל, בעת דער גרויסער הפסקה, זיך אַרײַנכאַפּן אויפן צווינטער אַ שטיף צו טאָן. פאַרשטעלט פון ביימלעך, איז די לאָך געבליבן, ווי געווען. פון דאַנען זענען עס אַ וועלכע פּאָר צענדליק טריט ביזן שטיבל. אויף דער טעריטאָריע האָט געהערשט נאַכטרעזשים.

ווו איז דער וואַכמאַן, פאַר וועלכן זיי דאַרפן זיך היטן? חברה האָט אים געזוכט אין דער פינצטערניש מער מיטן געהער, ווי מיט די אויגן. קיין שפּור פון אים איז ניט געווען צו פילן. האָבן זיי דורכגעפּויזעט דעם הויף און זיך אַרײַנגעשלײַכט אינעם פירהויז פון שטיבל.

מיט ציטעריקע הענט איז זכריה צוגעפאַלן צו דער טיר, אָנגעטאַפּט דעם שלאָס און אַרײַנגעשטעקט דעם שליסל. די אויגן געווענדט אין איין ריכטונג, האָט ער ניט באַמערקט, אַז די טיר וואָס פירט צום הויפּט־פּעלד־פּעבל, איז פון דרויסן באַזוימט מיט אַ דינינק פּאַסיקל שײַן. ער האָט אויך ניט דערהערט דאָס דומפּע כאָרכלען פון אַ גראַמאָפאָן־פּלאַטע, וואָס פלעגט איבערגעריסן ווערן דורך אַ פאַרשטיקט געלעכטער פון אַ מענערשער און אַ ווײַבערשער שטים.

פאַרשטייט זיך, אַז אויך מאָטל און דאַניע האָבן געוווּסט, ווער עס לעבט איצט אינעם שטיבל, און באַלד דערפילט די סכנה. אויף די שפּיץ פינגער, מיט אַ פאַרהאַלטענעם אָטעם און אָפּגעהיט טאַפּנדיק אינעם חושך, זענען זיי נאָכגעגאַנגען זייער חבר.

אין דער קאָמער איז געווען שטאָק פינצטער. דאָס איינציקע פענצטערל — פאַרהאַקט. האָט מאָטל געמוזט כאַטש אויף אַ רגע אָנצינדן זײַן עלעקטריש לאָמטערנדל, און אַלע האָבן דערזען אַ ביקסן־פּיראַמידע, עטלעכע אויטאָמאַטן, אויפגעהאַנגענע אויף דער וואַנט. אונטער זיי — קעסטלעך מיט קוילן. ניט קיין גרויסער אַרסענאַל, און דאָך אַן עשירות. עפּעס אַ קלייניקייט — ביקסן! וואָפן אונטער דער האַנט!

אַנגעשטאָפּט די זעק מיט געווער, האָט חברה אַוועקגעאײַלט צום מויערל, וואָס איבערן קבר. זכריה און דניאל האָבן געשלעפּט צו זעקס ביקסן. מאָטל האָט אונטערן אָרעם געטראָגן צוויי אויטאָמאַטן און אין דער רעכטער האַנט געהאַלטן גרייט דעם טויט פאַר איטלעכן, וואָס וועט זיי דעם וועג פאַרשטעלן. אַלע דרײַ האָבן זיך געבראָכן אונטער דער משׂא. אָבער נאָכן אויסליידיקן די זעק איז אויסגעקומען, אַז צו ווייניק האָבן זיי געהאַט פאַרכאַפּט.

— איצט וועלן מיר גיין נאָך קוילן, — האָט מאָטל פאַרסאָפּעט אַרויס־געשעפּטשעט. — וואָסער ווערט האָבן ביקסן אָן קוילן?

זיי האָבן ווידער געפּויזעט צום ציל. דער וועג איז געווען פרײַ. אַרום און אַרום — שאַ־שטיל, קיין סימן פון אַ לעבעדיקן נפש. און אָט זענען זיי ווידער אין דער געווער־קאַמער.

אַרויסגייענדיק פון דאָרטן מיט אַ פולן זאַק, האָט זכריה באַמערקט דאָס ליכט אַרום דער טיר און דערהערט דאָס ברוסטיקע געלעכטער פונעם הויפּט־פעלדפעבל, די קוויטשיקע שטים פון דער מרשעת, דער אייבער־שטורעמער. אַ קלאָרע טויט־סכּנה איז דערנעבן. נאָר באַלד, באַלד וועט אַלץ זיך פאַרענדיקן.

ס׳האָט זיך טאַקע אַלץ בשלום פאַרענדיקט. זיי זענען ווידער אין דעם קאַלטן טונקלעניש פון מויערל איבערן משפּחה־קבר. דאַכט זיך, ביז לאַנג האָט אַלץ געדויערט, און שוין אַרויסגעשלאָגן זיך פון די כּוחות.

— ס׳איז גוט! — האָט זכריה מער ניט געקאָנט אײַנהאַלטן אין זיך די אויפגעשפּרודלטע פרייד.

— אַוודאי איז גוט, — האָט דאַניע צופרידן צוגעשטימט.

מאָטל האָט געשוויגן. געוויס האָבן זיי הײַנט שוין אַ סך אויפגעטאָן. ער האָט אַפילו געמאַכט דעם חשבון: אַ טוץ ביקסן, צוויי אויטאָמאַטן, אַ היפּש ביסל קוילן. דאָס איז עפּעס ווערט! אָבער וויפל חברה רײַסן זיך צום וואָפן! אָן אים, איז אָנגעזאָגט, אין וואַלד ניט צו קומען. מאָטל האָט זיך אָפּגעקערט אין אַ ווינקל און מיטן לאַמטערנדל באַלויכטן זײַן זייגער. ס׳איז געווען אַרום איינס. ביז ס׳וועט אָנפאָרן די מאַשין נאָך דער „סחורה”, קאָן מען באַוויזן אַ דריט מאָל צוגיין אַהין...

— יאָטן, — האָט ער זיך אָנגערופן, — נאָך איין מאָל מיר זאָלן זיך דורכשפּאַצירן, לאָזן מיר איבער אַ ריינעם סקלאַד...

— מען טאָר ניט! — האָט אים זכריה איבערגעשלאָגן. — דער הויפּט־פּעלדפעבל איז וואַך און מיר'ן אַרײַנפאַלן.

— ס'איז בעסער, וואָס ער איז וואַך. ער שיכּורט, הוליעט מיט אַ ווײַבספּאַרשוין. פרעגט אים בחרם, וואָס עס טוט זיך אַרום אים.

— איך גיי ניט! — האָט זכריה קאַטעגאָריש מודיע געווען. — כ'ווייס דאָ אַלץ בעסער פון אײַךביידן.

— זיך דערשראָקן? — האָט מאָטל אים ווי אַ שטאָך געטאָן.

— איך האָב אויך אַ דעה! — איז זכריה אויפגעשפּרונגען. — יואל אַליין האָט געזאָגט... און דו, דאַניע, וואָס זאָגסטו?

אויפן ענטפער איז אויסגעקומען צו וואַרטן. ענדלעך האָט דאַניע אַ מרוקע געטאָן:

— כ'ווייס ניט. ביקסן זענען אונדז זייער נייטיק. וועל איך גיין.

דערווײַלע האָט זיך געענדערט דער וועטער. די לופט איז פול געוואָרן מיט ברייט פליגלדיקע שנייעלעך, וואָס האָבן לכתחילה פויל געשוועבט אינעם טונקעלן חלל און באַלד אָבער איינס אויפן אַנדערן גענומען פאַלן צו דער ערד.

מאָטל און דאַניע זענען בשלום אָנגעקומען צו דער געוועהר־קאַמער, אַרײַנגעלייגט אין די מיטגעבראַכטע זעק די געבליבענע ביקסן, פאַרכאַפּט דעם לעצטן אויטאָמאַט און פּלוצעם דערהערט אַ שטיל סקריפּען פון טריט אינעם שניי.

בײַם אַרײַנגאַנג אין שטיבל האָבן די טריט זיך פאַרהאַלטן. אפשר זכריה? פאַר וואָס קומט ער ניט אַרײַן?

די טיר פון דער געוועהר־קאַמער איז געבליבן אָפן. איצט וועסטו זי ניט פאַרמאַכן. האָט מאָטל אַרויסגענומען זײַן אָנגעלאָדענעם רעוואָלווער און געוואַרט אָנגעשפּאַנט. ביידע יאַטן האָבן אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם. נאָר אָט איז צוריק שטיל געוואָרן, גאָר שטיל. אפשר איז מען בלויז פאַרבײַגעגאַנגען? די דאָזיקע האָפענונג איז באַלד צערונען געוואָרן — בײַם אַרײַנגאַנג האָט עמעצער פון העלער הויט גענומען אויספײַפן אַ מעלאָדיע, צוטופּענדיק צום טאַקט מיטן פוס.

„מען האָט אונדז באַמערקט און אַרײַנגעכאַפּט אין פאַסטקע!" — האָט

מאָטל באַשלאָסן. ער האָט זיך דערפילט שולדיק. גערעכט ז׳געווען זכריה, מען האָט טאַקע מער ניט געטאָרט ריזיקירן. איצט בלײַבט איינס: וואַרטן, אַ נס זאָל געשען. וואַרטן? און ווען מען זאָל אין דער שטיל אָפּראַמען דעם דאָזיקן פּײַפּער, אויב ס׳וועט אים ניט נימאס ווערן דאָ צו שטיין? אַ פּינישן מעסער האָט ער, מאָטל, בײַ זיך. געוויס, ס׳קאָן ווערן אַ גערודער. דער פעלדפעבל... דײַטשן וועלן זיך צונויפלויפן... צי איז טאַקע אַלץ פאַרלוירן?

מאָדנע רויק איז געבליבן דאַניע. ער האָט אַפילו ניט איבערגעטראַכט. אַז עפּעס ניט־גוטס קאָן מיט זיי געשען, און בלויז געוואַרט אויף מאָטלס אַ שטומען ווונק עפּעס צו טאָן.

און דער וואָס איז געבליבן בײַם אַרײַנגאַנג, האָט אַלץ זיך געטאָפּטשעט אויף אַן אָרט און, ווי ס׳האָט אויסגעזען, ניט געטראַכט אַוועקצוגיין. פון העלער הויט האָט ער זיך גאָר צעזונגען אויף דײַטש: „נאָך אָסטען, נאָך אָסטען! דאָרט ליגט, יאָ, אונדזער גליק!״

איצט איז שוין קיין ספק ניט געבליבן: ס׳איז דער וואַכמאַן וואָס דיזשו־רירט אויפן הויף. פאַר אים האָט יואל געהייסן זיך באַזונדערש היטן. ווען מאָטל איז באַשטאַנען מען זאָל גיין אַ דריט מאָל, איז דער אַ דײַטש אַרויס־געפאַלן בײַ אים פון חשבון. און אָט איז דער סך־הכּל... אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד! אַזאַ געראָטענער אָנהייב געווען. זכריה, דער שרעקעווודיקער, וועט אפשר אַנטרונען ווערן... נאָך אַ גליק וואָס יואל איז ניט מיט זיי. ער וועט ניט אָנווערן דעם מוט. וועט פּרוּוון אַנדערש ווו. מען וועט פאַרט אַרײַנקריגן געווער און זיך לאָזן אין וואַלד אַרײַן... מילא ער, מאָטל... אים האָט באַנג געטאָן דניאל, באַנג געטאָן דאָס אַרויסגעטראָגענע געווער, וואָס וועט אַרײַנ־פאַלן צוריק די דײַטשן אין די הענט. די שפּורן אינעם שניי וועלן דאָך דערפירן צום מויערל... אַזאַ פאַרדראָס, אַזאַ האַרצווייטיק, אַזאַ ביטערניש אויף דער נשמה... מאָטלס האַנט האָט זיך אַ ציִ געטאָן צום גראַנאַט — צום לעצטן מיטל.

דער וואַכמאַן האָט זיך נאָך אַלץ אַרומגעדרייט בײַם אַרײַנגאַנג, מיט הנאה געזונגען אויפן האַלב־קול דאָס לידל וועגן גליק, וואָס דערוואַרט אים אין מיזרח...

אין דער זעלבער צײַט איז זכריה שיִער ניט אַראָפּ פון זינען: ס׳קערן זיך ניט אום די חברים! אַוודאי אַ צרה. זעט איר, ער האָט געוואָרנט! און

אַט האָבן זיי פֿאַרקאַכט אַ קאַשע. ווו זאָל ער זיך אַהינטאָן? ווען וועט יואל זיך באַוויַיזן? ער דאַרף עס קומען נאָכן געווער. וואָס זאַמט ער זיך, בעת יעדע רגע איז טײַער? יואל וואָלט אים געהאָלפֿן אַרויסצובאַקומען זיך פֿון דאַנען. ס'איז געווען אָפּגעמאַכט אין אַ באַשטימטער שעה אָפּוואַרטן יואלן בײַ דער הינטערשטער קאַליטקע פֿונעם צווינטער. האָט ער ניט, זכריה, קיין זייגער. ווייסט ניט, ווי שפּעט ס'איז... דער מאַמען האָט ער געזאָגט, אַז ער גייט צו נאַכטאַרבעט. וואַרט זי אויף זײַן קומען און ווייסט ניט. אין וואָס פֿאַר אַ צרה איר זון איז אַרײַנגעפֿאַלן. אויב מען כאַפּט אים, דערשיסט מען אויך זײַן אָרעמע, אומשולדיקע מאַמע... האָט זיך אים באַלד אויסגעדאַכט, אַז אַ פֿאַרשטיקטע יללה וואָגלט איבער די קברים... דער מאַמעס געוויין, וואָס באַקלאָגט זיך און דעם זון, נאָך ניט קיין באַגראָבענעם...

ווי ראַטעווענדיק זיך פֿון די האַרצקלעמענדיקע פֿאַרגעפֿילן, איז זכריה אַרויסגעקראָכן פֿונעם מויערל און גענומען שאַרן זיך אַרום אים, אײַנזינקענדיק אינעם הויך אָנגעשאָטענעם שניי. דער געדיכט פֿאַלנדיקער שניי האָט אים פֿאַרליאַפּעט דאָס פּנים, פֿאַרקלעפּט די אויגן. און ער האָט שוין גאָרנישט ניט געזען פֿאַר זיך.

פּלוצעם האָט זיך צו אים דערטראָגן אַ שטילער פֿײַף. זכריה איז דערשראָקן צוגעפֿאַלן צו דער הינטערשטער וואַנט פֿונעם מויערל. עמעצער איז דערווײַלע פֿלינק אַרײַן אינעווייניק.

— חברה! — האָט דער מענטש געזאָגט איבערטרעטנדיק די שוועל.

זכריה האָט זיך אַ ריס געטאָן צו אים:

— חבר יואל!

— דאַכט זיך, זכריה, אַ? אַליין?

— איך... איך האָב געוואָרנט מער ניט צו גיין... ניט געפֿאָלגט און אַוועק צום דריטן מאָל, און ניטאָ.

— שטיל אַרום?

— דאַכט זיך, שטיל.

— איז גענומען וואָס פֿאַראָן! — האָט באַפֿוילן יואל, אַ נעם טוענדיק צווי אָנגעלאָדענע זעק.

שווײַגנדיק האָבן ביידע דערטראָגן אַלע זעק צום לאַסטאויטאָ, וואָס האָט מיט פֿאַרלאָשענע ליכטער געוואַרט אינעם אויסגעשטאָרבענעם געסל בײַם

הינטערשטן פּאַרקן פונעם צווינטער. יואל האָט געגעבן אַ ווונק זכריהן, ער זאָל אַרײַנקריכן צום שאָפער אין קאַבינע:

— האָב ניט מורא. פאַראַן אַ דערלויבעניש צו פאָרן בײַ נאַכט. אַ געמלאָכהטער, אָבער פאַרט אַ שטיקל דאָקומענט. און איך וועל אַ זוך טאָן די יאַטן.

אין דעם, אַז ס'איז אַ פאַרדרייעניש מיטן דיזשורנעם פּאָסטן, האָט יואל זיך איבערצײַגט, דערהערנדיק דאָס לידל „נאָך אָסטען!", דאָס לידל וואָס האָט מאָטלען שיִער ניט אַראָפּגעפירט פון זינען און איז אויך דאַניען אַזוי דערווידער געוואָרן, אַז ער איז גרייט געווען צו וואַרפן זיך אויפן זינגענדיקן נפש און אים דערווערגן.

נאָר דאָ האָבן ביידע, מאָטל און דאַניע, דערהערט אַ שטאַרקן קלאַפּ אין צווייטן עק הויף. אויך דער וואַכמאַן האָט, אַפּנים, זיך אָנגעשפּיצט, ווײַל דאָס געזאַנג איז דערשטיקט געוואָרן אין זײַן קעל. אונטערקרעכצנדיק האָט ער זיך אַוועקגעשאַרט אַהין, פון וואַנען ס'האָט אָנגעטראָגן דעם חשודיקן קלאַפּ. און ווען זײַנע שווערע טריט האָט אײַנגעשלונגען די אַרומיקע שטיל-קייט, האָט מאָטל אַ שעפּטשע געטאָן צום חבר:

— געגאַנגען!

מיטן שווערן זאַק אויף דער פּלייצע האָט דאַניע פאַמעלעך פאַרמאַכט די טיר פון דער אויסגעליידיקטער קאַמער און אַוועקגעטראַמפּלט הינטער מאָטלען.

אין מויערל האָבן זיי ניט געפונען ניט זכריהן, ניט די פריִער געבראַכטע פולע זעק. קלאָר — אַרויסגעטראָגן זיי, אַוועקגעפירט, ווי ס'איז געווען אָפּגערעדט, און זיי זענען געבליבן אויף גאָטס באַראָט...

אויסגעשעפּטע האָבן זיי זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער באַנק, ניט וויסנדיק וואָס ווײַטער צו טאָן. נאָר דאָ האָט אַ שטים זיי ווי אויפגעוועקט פון דער צעטומלעניש:

— אַהער מיט דער סחורה!

ס'איז געווען יואל. די יאַטן זענען אויפגעשפּרונגען, און מאָטל האָט אַרויסגעפּלאַצט:

— זכריה און דאָס געווער...

— זענען שוין אינעם לאַסטאויטאָ, — האָט פאַרענדיקט יואל.

די לעצטע צוויי זעק זענען פאַרשווונדן אונטער דער ברעזענטענער הויב פונעם אין דער פינצטער וואַרטנדיקן אויטאָ. פון דער קאַבינע איז אַראָפּ־געשפּרונגען זכריה. יואל האָט אָפּגעגעבן די לעצטע אָנווײַזונגען צו די דרײַ יאָטן, וואָס זענען געשטאַנען לעבן אויטאָ, אַרומגעהילטע פון אַרומיקן סודות־פולן חושך:

— באַהאַלט זיך, פאַרשטעקט זיך. ניט לאַנג געבליבן צו דער פּאָליציי־שעה. און דעמאָלט — הײַדאַ, צוריק אין געטאָ! יאָ, אָט איז ברויט. צעטיילט זיך. בײַסט צו. טאָמער פאַלט עמעצער דורך, אין שטאָט צי בײַם צוים, איז פאַראַן איין טענה: געגאַנגען בעטלען אַכילה... און די רעוואָלווערן — אַהער. אַן געווער אַז מען פאַלט אַרײַן, איז גלײַכער...

ס'איז נאָך אַלץ געפאַלן דער זעלבער געדיכטער, סודותפול שטילער שניי און אײַנגעקוטעט די וועלט, עס זאָלן איר בנעימותדיק זײַן די לעצטע שעהען שלאָף. חברה האָט פאַרשטאַנען: דער וואַכמאַן האָט זיך געשיצט פונעם שניי אונטערן דעכל בײַם אַרײַנגאַנג אין שטיבל. דער הײַנטיקער שניי האָט זיי געקאָנט טײַער קאָסטן.

צו ביסלעך האָט עס אויפגעהערט שנייען. ווו ניט ווו האָבן נאָך אַרומ־געשוועבט אין דער טונקעלער לופט פאַרוואַרלאָזטע שנייעלעך, ווי זוכנדיק אַן אָרט אַראָפּצונידערן. דער פרימאָרגן האָט באַטאַפּט דעם הימלזוים און גענומען זיך פאַרמעסטן אויפן חושך פון דער וועלט.

מען האָט שוין געמעגט זיך באַוועגן אין שטאָט. איבער כמעט ליידיקע גאַסן האָבן געשפּאַנט מאָטל, זכריה, דאַניע. אָפּשטייענדיק איינער פון אַנדערן האָבן זיי געאײַלט אין געטאָ אַרײַן. געוואָלט וואָס גיכער זיך דערוויסן, צי אַלץ איז ביזן סוף אַדורך בשלום, צי דאָס געווער איז באַשטאָט אין אַ זיכער אָרט. ס'האָט זיך זיי געגלוסט אַראָפּצוריידן פון האַרץ, זיך טיילן מיט די איבערלעבונגען פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט. מאָטלען האָט גענאָגט דער נײַגער: ווי אַזוי האָט זיך עס יואלן אײַנגעגעבן אין דער סאַמע לעצטער מינוט זיי אויסצולייזן פונעם קלעם? און דער גורלדיקער קלאַפּ, וואָס האָט פאַרנאַרט דעם וואַכמאַן, אַוודאי יואלס שטיקל אַרבעט...

זכריה און דאַניע האָבן געהאַלטן אין איין איבערטראַכטן: וואָס וועט ווײַטער זײַן? ווען מען וועט מען באַשטימען אַרויסצוגיין אין וואַלד פון די

ערשטע? ווערען ווער באַשערט זײַן נעמען אמת געוואָר אין האַנט? על־פּי יושר קומט זיי... זענען זיי איצט כמעט ווי געלאָפן, ממש געפלויגן אין געטאָ אַרײַן.

אין דער זעלבער טויער־ווערלבונג ווו זיי האָבן זיך באַהאַלטן אַרויס־גייענדיק פון געטאָ, זענען אַלע דרײַ זיך צונויפגעקומען. ווי אויף צו להכעיס איז בײַ דער געהיימער עפענונג זייערער אינעם געטאָצוים געשטאַנען צוגע־וואַקסן דער פּאָסטן — אַ סטראַשידלע אין גרויסע שטרויענע שטעקשיך, וואָס האָבן געזאָלט שיצן פון קעלט; דאָס פּנים אַרומגעבונדן מיט אַ טוך.

מאָטל איז שוין גרייט געווען זיך צו פאַרנעמען אין אַן אַנדער אָרט, ווו מען וואָלט אפשר געקאָנט אַדורכקריכן אונטערן דראָט. נאָר דער דײַטש האָט זיך מיט אַ מאָל אַ צאַפּל געטאָן, געכאַפּט זיך צו דער ביקס; לענג־אויס דעם צוים גענומען לויפן און שיסן אין אַ שוואַרצן שפּרינגענדיקן קנויל, שרײַענדיק אָן אויפהער:

— הערגאָט, סאַקראַמענט, פערדאַמט, פערפלוכט, צום דאָנערוועטער נאָך אײנמאָל!

דער דײַטש האָט געצילט אין אַ שוואַרצער קאַץ און אַלץ ניט געטראָפן. די קאַץ האָט געהיפּערט אינעם שניי, זיך באַוויזן און ווידער פאַרזונקען אין דער פוכיקער ווײַסקייט. דער וואַכמאַן — אַ צערייצטער און מטורפער — איז איר אומגעלומפּערט נאָכגעלאָפן, געשאָסן און געשאָלטן. ס'איז געווען באַפוילן צו פאַרטיליקן קעץ און הינט, עפּידעמיע־פאַרשפּרייטערס.

מאָטל האָט אַ ווונק געטאָן צו די חברים. אין אַ רגע איז ער מיט זכריהן געווען אויף יענער זײַט שטעכלדראָט און פאַרשוווּנדן הינטערן הילצערנעם פּאַרקן. און דאַניע? דער שטענדיק רויִקער, זיכערער אין זיך דאַניע? אין דער לופט האָבן געזעצט ביקסנשאָסן.

— פאַרזאַמט! — האָט מאָטל זיך אַזש געכאַפּט פאַרן קאָפּ.

נאָר דאָ האָט דער פּאַרקן אַ קרעכץ געטאָן. ס'האָט זיך אָפּגעבראָכן אַ שטאַכעט. אויסגעקאַטשעט אינעם שניי, איז דורך דער לאָך דורכגעקראָכן דאַניע. מאָטל און זכריה האָבן אים אונטערגעכאַפּט און אַוועקגעשלעפּט פון דאַנען, וואָס ווײַטער פון דאַנען.

— כ'בין געטראָפן, — האָט געקרעכצט דאַניע. — דער פּאָסטן...

אויסגעמיטן די געסלעך, איבער וועלכע מען האָט אינעם פרימאָרגן־

חושך געטריבן געטאָ־אסירים צו דער צוואַנגאַרבעט, ווידער דורך היטער־הויפן און שפּאַרונעס אין פלויטן האָבן מאָטל און זכריה, אונטערהאַלטנדיק דעם פאַרוואונדיקטן, דומפּ קרעכצנדיקן חבר, דורכגעמאַכט דעם וועג צו יואלן.

אין זעלבן צימער מיט די פאַרמאַכטע לאַדנס, ביים זעלבן קאַנעצל האָט ער שוין געוואַרט אויף זיי.

— געקומען! אויסגעצייכנט! — איז ער אויפגעשטאַנען ווי נאָר זיי האָבן אַריבערגעטראָטן די שוועל. — און דאָס וואָס איז?

מען האָט אַוועקגעלייגט דאַניען אויף אַ הילצערנעם טאַפּטשאַן, אַ פאַר־רוקטן אין אַ ווינקל. ער איז געבליבן ליגן מיטן פּנים אַרויף, די נאָז אויס־געצויגן, די באַקן איינגעפאַלן, און שווער געאָטעמט.

— נו, נו, דאַניע, — האָט יואל אים אַ מונטער געטאָן. — נעם זיך אַקאָרשט צונויף. און איר, חברה, לעבעדיקער, טוט אים אויס.

דאַניעס זאַכן זענען געווען דורכגעווייקט אין בלוט.

יואל האָט צוגעטראָגן דאָס ברענענדיקע קאַנעצל צום פאַרוואונדיקטן, באַטראַכט די אין בלוט אָפּגעגאָסענע ערטער אויף זיין לייב:

— יאָ, אין צוויי... אין ווייכע ערטער... ווי איך פאַרשטיי, האָסטו מזל, ברודערקע. ניט מסוכן, די קוילן האָבן דיר פאַרביי פליִענדיק אָפּגעביסן פלייש... אויך אין דער איקרע פון פוס... ניט מסוכן. מיר'ן אַרויסרופן אַן אייגענעם דאָקטער.

ער האָט אַ ווונק געטאָן מאָטלען און יענער איז האַסטיק אַרויס פון שטוב. אַליין איז יואל אַריין אין אַ שכנותדיקן צימער און אומגעקערט זיך מיט וואַטע, מאַרליע, פלאַסטער, אַ פּאָר פלעשלעך רפואות, און גענומען זיך עסקן אַרום די ווונדן. זכריהן האָט ער געהייסן אים צולייכטן מיטן קאַנעצל.

— דער חבר יואל איז געראָטענער פון אונדז, — האָט זכריה זיך ווי פאַרענטפערט.

— מיט מיר קאָנט איר זיך ניט פאַרגלייכן. כ'בין דאָך געפאָרן אין אַן אויטאָ... און וואָס שייך קריכן דורכן צוים, בין איך אַ גאַנצער פּראָפעסאָר מיט אַ פּראַקטיק, — האָט יואל, נאָך אַלץ טוענדיק אַרום די ווונדן, געפּרוווט אַ שפּאַס טאָן. — פאַרשטייט זיך, ניט קיין מעדיצין־פּראָפעסאָר. עד יאַטן, באַטראַכט זיך, וואָס איר האָט אויפגעטאָן!

— היינט, חבר יואל, אין דער סאַמע לעצטער מינוט, קאָן מען זאָגן,

האָט אונדז אַרויסגעהאָלפן אַ קאַץ, אַ שוואַרצע קאַץ... מײַן מאַמע וואָלט עס אָנגענומען פֿאַר אַ שלעכטן סימן, — איז זכריה געוואָרן באַריידעוודיק.

— און פֿאַר מיר, — האָט דאַניע בייזלעך אַרויסגעמורמלט, — פֿאַר מיר איז עס טאַקע אַ שלעכטער סימן... אוי, ס'טוט ווײ!

— גאָרניט, גאָרניט, אַלץ וועט גוט זײַן, — האָט אים יואל געטרייסט.

— מישטיינס געזאָגט, וווּנדן! האָסט גוט אָפּגעשניטן.

— ניט וועגן דעם, — האָט דאַניע אַ קרעכץ געטאָן. — מיט די ערשטע וועל איך שוין ניט קאָנען... ניט קאָנען מיטגיין, כאָטש מיר וואָלט'ס געקומט. פֿאַרשטייט, פֿון אונדזער משפּחה בין איך איינער געבליבן... און אויב ניט איך... פֿאַר טאַטע־מאַמע און דעם ברודער און אַלע אַנדערע, ווער וועט, ווי ס'רעדט זיך, נקמה נעמען... אויב ניט איך...

— וואָס הייסט, ניט דו? — האָט אים יואל איבערגעהאַקט און זײַן שטים האָט באַקומען דעם קלאַנג פֿון מעטאַל. — האָסט שוין אָנגעהויבן נקמה נעמען. וואָס איר האָט אויפֿגעטאָן, חברה, פֿאַר איין נאַכט! מיר האָבן שוין ביקסן! די ערשטע ביקסן זענען באַהאַלטן און וואַרטן. יעדער שאָס זייערער וועט זײַן דײַן שאָס, דאַניע. כ'איבערטרײַב ניט. מיר'ן זיי שלאָגן, די בעסטיעס, און אָפּמעקן דעם זכר זייערן פֿון דער ערד... איך איבערטרײַב ניט!

— האָט ניט קיין פֿאַראיבל, ס'טוט שטאַרק ווײ, — האָט זיך דאַניע באַקלאָגט. ער האָט זיך געקאָרטשעט און ניט געקאָנט באַהערשן דעם ציטער, וואָס האָט אים אין גאַנצן אַרומגעכאַפּט.

— לײַד אַ קאַפּעלע, באַלד וועט קומען אַ דאָקטער.

און ווי וועלנדיק אַרײַנגעבן אין איר כּוח, האָט יואל געדריקט אין זײַן דלאָניע אַ צוקנדיקע האַנט פֿונעם פֿאַרוווּנדיקטן.

קאָוונע, 1945.

## קינדער, קינדערלעך...

אָפּגערוקט אין אַ זײַט דעם טשוגונגענעם דעק פון דער פּליטע, אַרויסגעצויגן ווי אַ שופלאָד דעם בראָטקאַסטן, און דורך דער לאָך וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט אונטער אים, האָבן זיי איינער נאָכן אַגדערן געגומען זיך אַראָפּלאָזן. זיי איז נאָך אויסגעקומען דורך אַן ענגן קאַנאַל צו פויזען אויף אַלע פיר ביז צו דער באַהעלטעניש גופא.

דער לעצטער פון די וואָס האָבן געזוכט אַן אויסבאַהאַלט, איז געבליבן שטיין אין דער לאָך. מיט אויפגעהויבענע הענט האָט ער אַרויפגעלייגט צוריק אויף אַן אָרט דעם דעק פון דער פּליטע, אַרײַנגעשטופּט דעם בראָטקאַסטן און ערשט דעמאָלט אַראָפּגעקראָכן צו אַלע איבעריקע אין דער נאָרע, וואָס איז געווען אויסגעגראָבן אונטערן דיל פונעם שטיבל.

ס׳באַהעלטעניש — מאַלינע, אינעם געטאָ־לשון, וועלכע ס׳האָט אַפילו באַלויכטן אַ לעמפּל, געהיים צוגעשלאָסן צו דער עלעקטריע־נעץ, האָט אויס־געזען צו זײַן אַ זיכערער מקום־מיקלט. דאָ האָט מען געקאָנט איבערוואַרטן פאַרשיידענע בהלות און אַבלאַוועס.

ווי ס׳האָט אויסגעזען, האָבן די דײַטשן געפירט דאָס מאָל אַ געיעג אויף אַרבעט־פעיִקע, געלאָדן זיי אין לאַסטאויטאָס און ערגעץ פאַרשלעפּט. שוין ניט דאָס ערשטע מאָל, ווי סע פּאַסירט אַזוינס אין געטאָ. נאָר ווו די פאַר־שלעפּטע קומען אַהין, ווייסט קיינער ניט. אַ שוידער נעמט אַרום, ווען מען הערט זיך צו צו די קלאַנגען וועגן זייער גורל.

דאָס מאָל זענען אַראָפּ אינעם באַהעלטעניש אַלע אײַנוווינערס פונעם שטיבל, אויסער דער באָבען און אירע צוויי אייניקלעך. דער פאָטער פון די קינדער איז אַרײַנגעפאַלן אין איינער אַ כאַפּעניש פון מענער און ווי אין וואַסער אַרײַן. די מוטער האָט זיך איצט אויסגעבאַהאַלטן.

ניט לײַכט איז איר געווען לאָזן דאָס דרײַיאָריקע ייִנגעלע און דאָס קוים א יאָר אַלט מיידעלע. זיצנדיק אונטן, אין דער קונציק פֿאַרמאַסקירטער באַהעלטעניש, האָט די מוטער זיך געפֿילט באַוואָרנט פֿון דער סכּנה. דאָס דאָזיקע געפֿיל האָט נאָך ווייטיקדיקער דערמאָנט אין אירע צוויי ברעקלעך קינדער, געבליבענע דאָרטן אויבן.

נײן, זי קאָן דאָ מער ניט בלײַבן, זי וועט אויפֿשטיין, דורכשפּאַרן זיך דורך די ענג צונויפֿגעדריקטע שכנים, אַרויסרײַסן זיך פֿון דער דושנער אונטערערד. זי מוז דאָך עפּעס טאָן פֿאַר אירע קינדער. פֿון וואָס זאָל זי אָבער אָנהייבן, אַז איצט גילט דאָ איין געבאָט: שווײַגן! דער מינדסטער שאָרך הילכט אָפּ אין דער אָנגעשפּאַנטער אַרומיקער שטילקייט ווי אַן אויפֿרײַס. דאָ מוז יעדער איינער פֿאַרבײַסן די ליפּן און ניט טאָן זיך קיין באַוועג. אָבער פֿריִער, אויבן... דאָרטן האָט זי זיך געוועדט, געאָמפּערט זיך מיטן מענטש, וואָס האָט דאָס באַהעלטעניש געבויט און איז בײַ זיי אין שטיבל דער גאַנצער בעל־דעה. ער האָט זיך אײַנגעעקשנט אויף דאָס זײַניקע:

— אַרײַננעמען אין דער מאַלינע פּיצלעך קינדער, בעת קיין סכּנה דראָט זיי ניט, איז אַ משוגעת.

— אויב זיי וועלן שרײַען, וועל איך זיי דערשטיקן, — האָט די מוטער אַ פֿאַרצווייפֿלטע אים געפּרוווט פֿאַרזיכערן.

אַליין אַ פֿאָטער פֿון קינדער, האָט דער מענטש געוויס איר מיטגעפֿילט. ס'איז אים אָבער אָנגעגאַנגען צו איבערצײַגן די מוטער, אַז זי איז אומגערעכט:

— וואָס הייסט — דערשטיקן? ס'רעדט זיך נאָר אַזוי. און אויב איר'ט עס אַפֿילו טאָן, ווען די בעסטיעס וועלן אַרײַן אין שטוב, וועט סײַ ווי זײַן צו שפּעט. דורך דער האַלץ־פּאַדלאָגע... איין פּיפּס, און מיר זענען אויסגע־שפּילט! מעג מען ריזיקירן מיטן לעבן פֿון פֿרעמדע מענטשן? אַז כאַפּן כאַפּט מען היינט נאָר דערוואַקסענע, אַרבעט־פֿעיִקע... מיר דאַכט, אַז אײַער לעבן איז אויך עפּעס ווערט. אײַערע קינדער דאַרפֿן נאָך אַ מאַמע...

ס'איז געווען שווער אים איבערצושפּאַרן. ס'איז דאָך געגנוג לײַטיש פֿון זײַן זײַט, וואָס ער האָט זי מיט אירע קינדער און שוויגער, פֿאַר אים ווילד פֿרעמדע מענטשן, אַרײַנגענומען אין שטיבל. האָט זי דען געקאָנט האָבן צו אים אַ טענה, וואָס ער לאָזט ניט זײַנע קינדער אויבן? זײַנע צוויי ייִנגלעך, זעקס־זיבניאָריקע, האָבן שוין שׂכל...

דער וויכּוח איז פֿאַרגעקומען פֿאַר אַלעמען אין די אויגן. דערשראָקענע, אויפֿגערעגטע, נערוועז אָנגעשפּאַנטע, האָבן די שכנים אומגעדולדיק געוואַרט, מען זאָל וואָס גיכער זיך באַהאַלטן. אין געטאָ האָבן דאָך שוין אַרומגע־נישטערט די ניט־גוטע. אָפּגיסנדיק זיך מיט טרערן, האָט די מוטער ניט געפֿונען מער וואָס צו זאָגן. אָן ווערטער האָט זי ווי געבעטן רחמים...

האָט זיך אַרײַנגעמישט איר שוויגער, די באָבע פֿון די קינדערלעך:

— כ׳בלײַב אויבן מיט די קינדער. אַז ס׳וועלן אַראָפּקומען דײַטשן, וועל איך זאָגן — אַלע זענען אויף דער אַרבעט. וועלן זיי ווייניקער זוכן. מיך, אַן עלטערע פֿרוי, וועט מען ניט טשעפּען.

דערמיט האָט זיך פֿאַרענדיקט דער וויכּוח.

און אַט איז די מוטער אונטן, אָבער איר האַרץ, אַלע אירע חושים זענען דאָרטן אויבן. זי פֿילט, זי הערט, זי זעט ממש, ווי די באָבע עסקט זיך אַרום איר טעכטערל, פּרוּווט עס אײַנוויגן. גוואַלד, וואָס שרײַט עס אַזוי? געוויס האָט קיין בייזס ניט פּאַסירט, ווי באַלד איר יינגל לויפֿט אַרום איבער דער פּלוצעם אויסגעליידיקטער שטוב און שפּילט זיך מיט דער באָבען אין באַ־העלטערלעך: „באָבע, קוקו, קוקו!"

דער הילצערנער דיל לאָזט אַדורך דעם מינדסטן קלאַנג. יעדער שאָרך דערגייט צו דער מוטער.

שווער, פּאַוואָליע, שרעקלעך פּאַוואָליע, פֿון דעסטוועגן רוקט זיך די צײַט. אפֿשר האָבן די גזלנים פֿאַרזען צי גאָר אויסגעמיטן זייער שטיבל, און מען וועט אָפּקומען בלויז מיט שרעק? יאָ, מעגלעך. די טעג זענען קורצע. ס׳איז שוין זיכער צוגעפֿאַלן דער פֿאַרנאַכט, ס׳ווערט טונקל אין דרויסן. ווי לאַנג קאָן אָנהאַלטן די מענטשן־כאַפּעניש? בײַ אַלעמען וואַקסט די האָ־פֿענונג. וואָס אַ רגע ווערט זי שטאַרקער, מכּל־שכּן — בײַ דער מוטער.

דאָס באַהעלטעניש, באַלויכטן פֿון אַ קוים זשיפּענדיק עלעקטריש לעמפּל, דער באַשרענקטער חלל איבער די קעפּ פֿון די צונויפֿגעפּרעסטע, קוים אָטעמענדיקע מענטשן, נעמט אַרומשווימען אין אַ געלבלעכער מוטנעקייט. צו ביסלעך לאָזט די מוטער אַראָפּ דעם קאָפּ, אַלע אירע גלידער ווערן לויז. צעגייען, די אויגן שליסן זיך...

אַ פּלוצעמדיק טופּען פֿון געקאָוועטע שטיוול האָט זי אויפֿגעריסן פֿון דרעמל. דאָס זענען זיי! אויבן זענען זיי!

עטלעכע פּאָר שטיוול האָבן שווער געשפּרײַזט איבערן סקריפּענדיקן דיל, געטראָטן איבער די אויסגעבאַהאַלטענע מענטשן, געדריקט זיי צו דער ערד, געקוועטשט, געשטיקט...

אַ הייזעריקע מענערשטים האָט אויבן אַ ברום געטאָן אין דײַטש:

— ווו האָבן זיך אַלע פאַרשטעקט, אַלטע?

די באָבע האָט זיך ניט פאַרלוירן און קאַלטבלוטיק, מיט דער געהעריקער הכנעה, געענטפערט:

— צו דער אַרבעט אַוועק, גנעדיקער האַרעלע.

— אַלטע העקסע! — האָט איינער פון די אָנגעלאָפענע אַ צישע געטאָן.

אַ צווייטער האָט שטרענג אויסגערופן:

— לײַגסט! זאָג בעסער מיט גוטן!

— אויף דער אַרבעט, כ'זאָל אַזוי לעבן!

דער באָבעס ענטפער איז פאַרלוירן געגאַנגען אינעם האַרמידער פון שווערע טריט, פון אַ קלאַפּן אין די ווענט, אין דיל.

מיטן געהער האָט די מאַמע געזען אַלץ, וואָס אויבן טוט זיך:

אָט רוקן די רוצחים פונאַנדער בעטן. עפענען, פאַרמאַכן מיט אַ קנאַק די טירלעך פון די שאַפקעס. אָט ביִשטערן זיי שוין אַרום אין דער קיך, הייבן אויף דאָס דעקל פונעם קאַרטאָפל-קעלערל, קריכן אַהין אַראָפּ, וואַרפן דאָרטן אַלץ פונאַנדער. אינעם גערודער מישט זיך אַרײַן אַ האַווקעניש פון דײַטשישע זידלווערטער.

און אָט זענען די דײַטשן אַרויסגעקראָכן מיט גאַרנישט פון קעלערל און זיך צונויפגעקומען אין דער שטוב, אויבן...

אַלעמענס פנימער אין דער באַהעלטעניש האָבן ווי אויפגעלויכטן: „זיי וועלן אונדז ניט געפינען!"

דער מאַמען איז עס אָבער וויינדיק, זייער וויינדיק.

ווידער האָט אויבן געגרומען כריפּען די הייזעריקע שטים:

— אַנטלאָפן זענען אַלע הינטישע זין, זיך באַהאַלטן, האַ, אַלטע העקסע? אַלזאָ, קאָנען מיר געברויכן אויך קינדער...

וואָס איז געשען מיט דער מוטער? זי איז אויפגעשפּרונגען, אויסגעשטרעקט די הענט, דאָס מויל אויפגעריסן צום שרײַען... נאָר די וואָרענענדיקע בליקן פון די אַרומיקע מענטשן האָבן זי אָנגעכאַפּט בײַם האַלדז... זי האָט זיך

פאַרשטאָפּט דאָס מויל מיט דער האַנט, אײַנגעביסן זיך מיט די ציין אין איר אייגן פלייש, ביז בלוט, ביז בלוט — דער ווייטיק אין האַנט זאָל איבערשטײַגן אַלע אַנדערע!..

„וואָס טוט מען? — האָבן געפרעגט די מיט פאַרצווייפלונג און גרויל אָנגעלאָפענע אויגן פון דער מוטער. — וואָס טוט מען, מענטשן?!"

„שווײַגן, שווײַגן!" — איז געווען דער שטומער און אומברחמנותדיקער גזר־דין פון אימהפולע בליקן, פאַרקראַמפּטע ליפּן און שטערנס, צעאַקערטע אין קנייטשן.

„וואָס זענען מיר שולדיק? מיר ווילן לעבן!!!" — האָבן אָן ווערטער געשריִען צעקרימטע פּנימער, קעפּ מיט פאַרבראָכענע הענט איבער זיי, קעפּ מיט צוגעפּרעסטע דלאָניעס צו זייערע שלייפן.

די דאָזיקע שטומע תחנונים האָט פּלוצעם איבערגעריסן אַ שנײַדיקער, שוידערלעך קלאָרער אויסרוף, וואָס האָט זיך דערהערט אויבן:

— לאָס, אַלטע! אויך דו גייסט מיט! ניט אונדזער פליכט צו טראָגן דײַנע ווערעם!

די ווערטער האָט באַגלייט אַ זעץ, אַ שטויס אין עפּעס ווייכס, לעבעדיקס. די אַלטע האָט אַ קרעכץ געטאָן, געגומען עפּעס מורמלען, בורטשען. אָבער פאַר וואָס שווײַגן די קינדער? פאַר וואָס הערט מען זיי ניט? ווי נאָר ס'האָט אָנגעטראָגן די בעסטיעס, אַזוי איז קליינוואַרג פאַרשטומט געוואָרן.

— לאָס, שנעלער, שנעלער! — האָבן אונטערגעאײַלט אויסרופן אין דײַטש. — גוט אַזוי, ווי ס'איז.

— זיי קאָנען, גאָט באַהיט, זיך פאַרקילן, — האָט אַ זיפּץ געטאָן די באָבע.

— דאָרטן קילט מען זיך ניט צו. דאָרטן איז גענוג הייס. מען פּרעגלט אויף בראָטפּאַנען!

אויבן האָבן פאַרשײַטע מענערשטימען זיך פאַרקײַכט אין אַ שאָדנפרייַ־דיקן געלעכטער.

ניין, די מוטער האָט עס מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן. זי מוז זײַן מיט אירע קינדער! איז זי אויפגעשפּרונגען, אָנגעשעפּט אַ פולע ברוסט מיט לופט, גרייטנדיק זיך אַרויסצולאָזן דאָס גרעסטע געשריי צו אַלע מענטשן אויף דער ערד און צו אַלע געטער אין די הימלען. די ביז בלוט צעביסענע האַנט — אויסגעשטרעקט צו באַזײַטיקן אַלע שטערונגען אין וועג, האָט זי זיך אַ וואָרף

געטאַן צום קאַנאַל, צו דער שוואַרצער עפּענונג, וואָס קאָן אַרויספירן פון פאַרשאָלטענעם געפּענקעניש.

נאָר דאָ האָט זי זיך אָנגעשטויסן אין די איינס צום אַנדערן צוגעטוליעטע צוויי יינגלעך פונעם באַהעלטעניש־בויער. ס'האָבן אויף איר געקוקט צע־שראָקענע קינדערשע אויגן און אויך געבעטן רחמים. קינדער... קינדערלעך...

אויבן האָט ווידער אָפּגעהילכט אַ דומפּער שטויס. די אַלטע האָט אַ קרעכץ געטאָן... מען טרייבט זיי, מען פירט זיי אַרויס...

דאָרטן אויבן האָט איר יינגעלע אַרויסגעטשוויטשערט:

— באָבע, דאָס זענען גוטע דייטשן, אַז מיר גייען מיט זיי?

מען האָט פאַרהאַקט אויבן די אַרויסגאַנג־טיר. אַ מוראדיקע שטילקייט האָט פאַרשטיקט אַלץ און אַלעמען.

אונטן איז די שטילקייט באַלד אויפגערודערט געוואָרן. פונאַנדערשטופּנ־דיק די מענטשן, פאַרטשעפּענדיק זיך אין זייערע פיס, פאַלנדיק און אויפ־שטייענדיק, האָט די מוטער זיך געריסן צום אַרויסגאַנג.

עמעצער האָט געפּרווּט זי וואָרענען:

— וואַרט כאָטש אַ קאַפּעלע. ס'איז סכנות־נפשות.

וואָס פאַר אַ באַטייט האָבן פאַר דער מוטער געקאָנט איצט האָבן ווערטער? קיין כּוח אין דער וועלט איז ניט געווען אין שטאַנד אָפּהאַלטן, האַמעווען זי.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער קאַלטער אָוונט פון סוף מאַרץ האָט ווי אַ גרויע שטיינערנע מאַסע זיך אַרויפגעוואַלגערט אויף דער געטאָ. אירע געסלעך און הויפן האָט די אימה אויסגעקערט מענטשנריין. אַלע פאַרבליבענע אינעם אָפּצוים האָבן, צוזאַמען מיט זייער בראָך, זיך פאַרשפּאַרט הינטער טיר־און־ריגל.

בלויז די מוטער איז אַרומגעלאָפן איבער דער געטאָ. אַרומגעלאָפן, און ס'האָט זי נאָכגעיאָגט איר אייגן דול געיאָמער:

— אַברהמעלע, שׂרהלע! שׂרהלע, אַברהמעלע, קינדערלעך מיינע!

די נאַציס האָבן אַרויסגעוויזן גרויסמוט: איר ניט געשטערט, כאָטש ס'האָט שוין לאַנג זיך געהאַט אָנגעהויבן די פּאָליציי־שעה, און מען האָט געמעגט שיסן איטלעך איינעם, וואָס ווייזט זיך אין גאַס.

# אַן אָרט פאַרן קינד

דאָס קינד איז געווען נאָך גאָר קליין, קוים אַ יאָר אַלט. ניט דרייסט אָנגעהויבן שטעלן די ערשטע טריטעלעך. ס'איז געווען אַ מיידעלע. העלהאָריק, העל־אויגיק. ס'האָט נאָך קיין ייִדיש ניט גערעדט, בלויז געפּלאַפּלט אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער קינדערשפּראַך: „מאַ", „פּאַ", „דאַ"... קיין איין אויסער־לעכער סימן האָט איר אָפּשטאַם ניט געקאָנט אַרויסגעבן.

קוקנדיק אויפן קינד פלעגן טאַטע־מאַמע שיִער ניט אומקומען פון האַרצווייטיק: זיי וועלן ניט ווערט זײַן דעם נאָמען טאַטע־מאַמע, אויב זיי וועלן ניט פּרווון עס ראַטעווען, ניט געפינען פאַר דעם אַ זיכער אָרט אויסער דער געטאָ, אַן אָרט בײַ גוטע, הילפסגרייטע מענטשן. אַזאַ טײַער בת־יחיד־קעלע — דאָס שענסטע, קליגסטע, געראָטנסטע קינד אויף דער וועלט!

— און אַזוינע וועט מען וואַרפן אין גרוב אַרײַן! — האָט די מוטער, אַן אויפגעשוידערטע, גערעדט צום פאָטער. — וועסטו זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און וואַרטן?

וואָס האָט דער פאָטער געקאָנט טאָן? ער איז ניט געווען קיין פּחדן. ער האָט ניט איין מאָל אײַנגעשטעלט דאָס לעבן בעת דער הונגער האָט בקולי־קולות אַרויסגעשריִען פון זייער קינד, אַראָפּגעקוקט מיט אַ צוגעשטיקטער גרינקייט פון זײַן פּרויס פּנים, און בעת אים אַליין האָט ער, דער הונגער, געזשומעט אין קאָפּ, און זײַנע אינגעווייד האָבן זיך איבערגעקערט. האָט ער עפּעס געטאָן — בלינד, אומבאַטראַכט, געטריבן דורך אַ כּוח וואָס האָט ניט אָנערקענט קיין מורא: גייענדיק צו דער צוואַנגאַרבעט אַרויסגעטראָגן פון געטאָ אַ חפץ — אַן איבערגעבליבענעם האָנטעך, אַ לעצטע ציך פון אַ קישן, אַ לײַלעך צי אַ העמד. אַרויסגעטראָגן עס פאַרשטעקט אונטער די בגדים צי אַרומגעבונדן אַרום לײַב, די וועכטערס בײַם געטאָ־טויער זאָלן עס ניט דערטאַפּן קאָנטראָלירנדיק איטלעך איינעם. אויף דער אַרבעט פלעגט ער

אפוואַרטן אַ גינציקע מינוט און, אומבאַמערקט פון די דײַטשישע פּאָסטנס, פאַרשווינדן אין די קוסטעס און ביימלעך בײַ די זײַטן פון שאָסיי, וועלכן זיי האָבן פאַרריכט. דערנאָך פלעגט ער בגנבה זיך אַרײַנכאַפּן אין איינס פון די צעוואָרפענע לענג־אויס ביידע שאָסייזײַטן דאָרפישע כאַטעס, פאַר־זונקענע אין גרינס, און אומבײַטן דאָרטן בײַ די פויערים דעם מיטגעבראַכטן חפץ אויף ברויט, מעל, אויף אַ שטיקל פעטס.

ווי ס׳איז געשען מיט אַ סך אַנדערע, האָט אויך אים געקאָנט אונטער־קאָסיען אַ קויל בײַם פאַרלאָזן דעם אַרבעטספּלאַץ אָדער בעתן צוריקקער. אין די שטיבלעך האָט ער געקאָנט זיך אָנשטויסן אויף שלעכטע מענטשן. בײַ אים, דעם שקלאַף אָן רעכט פון אַ מענטש, האָבן זיי געמעגט אַלץ צונעמען, און פאַרן איבערגעבן אים דער וואַך — געמעגט פאַרלאַנגען אַ געלטפּרייז פון דער געסטאַפּאָ...

אַרײַנטראָגנדיק אין געטאָ דאָס באַקומענע ביסל שפּײַז האָט ער אײַנ־געשטעלט דאָס לעבן. מען האָט עס דאָך געמוזט באַהאַלטן אונטער די זאַכן, אין פאַרמאַסקירטע קעשענעס צי אין אַ „קאָמפּרעס" אויפן נאַקעטן לײַב. און אַז די דײַטשן דעקן עס אויף... נאָר וואָס מורא ווען מורא, אַז דער הונגער האָט געטריבן!

די פרוי זײַנע פלעגט אַרויסקומען מיט אַ ביטערער טענה:

— ווען דער מאָגן איז פּוסט, געפינט זיך אײַן אי מוט, אי אײַנפאַל. נאָר אַז עס קומט צו ראַטעווען דאָס קינד...

אַלץ אָפטער איז זי אַרויס מיט דער דאָזיקער טענה, ווײַל אַלץ אָפטער האָבן זיך דערטראָגן קלאַנגען וועגן פאַרגעקומענע אין אַנדערע געטאָס „אַקציעס אויף אומפּראָדוקטיווע עלעמענטן". אויך פון זייער געטאָ פלעגט מען פון צײַט צו צײַט „עוואַקויִרן נוצלאָזע עסערס" — עלטערע לײַט, אינ־וואַלידן, קינדער...

— מען טאָר קיין מינוט ניט פאַרלירן, הערסט! — האָט די מוטער געוואָרנט און געמאָנט: — דו טרעפסט דאָך מענטשן אויף יענער זײַט. צי דען וועלן זיך ניט אײַנגעפינען קיין גוטע מענטשן? אַזאַ טײַער קינד! צי וועט זיך ניט אײַנגעפינען פאַר אים אַן אָרט, אַ זיכער ווינקעלע? אַז ס׳וועט האָבן אַן אָרט, וועלן מיר קענען טראַכטן וועגן זיך... ניט וואַרטן! ס׳קאָן ווערן שפּעט!

וואָס האָט דער פֿאָטער געקאָנט טאָן? ער האָט נאָך מער ריזיקירט, אַרומגעניששטערט אין די שטיבלעך ביַים שאָסיי. נאָר אָנבאָטן עמעצן צוצו־טוליען זייער מיידעלע, האָט ער אַלץ מורא געהאַט — מען קאָן דאָך אַרויספֿאַלן אויף געפֿערלעכע פֿאַרשוינען. זיי וועלן דאָס קינד לפּנים וועגן צונעמען און באַלד זוכן, ווי פֿון דעם פּטור צו ווערן — איבערגעבן עס פּאָליציי און באַקומען די באַלוינונג, וואָס ווערט אין אַזוינע פֿאַלן אויסגעצאָלט. און טאָמער זאָגט מען אים בכלל אָפּ? האָט ער אַרויסגעגעבן פֿרעמדע מענטשן אַזאַ סוד, אַזאַ גרויסן סוד!

די דאָזיקע ספֿקות פֿלעגט צעווייען די האָפֿענונג, אַז דאָ, אין די באַהאַל־טענע כאַטעס צווישן בערגלעך און גרינס וועט זיך איַינגעפֿינען אַ זיכער אָרט פֿאַר זייער קינד. און אויב ניט דאָ און אויב ניט אין די נאָענטסטע טעג...

אָט איז אים ווידער געראָטן אַריַינצושליַיכן זיך אין אַ זיַיטיק אַלט כאַטקעלע הינטער אַ צעקרימטן, אַלטן פּלויט, אויסגעפּלאָכטן פֿון מיט מאָך פֿאַרוואָקסענע צוויַיגן, ניט אַזוי אויסצובײַטן דעם וויַיבס קאָפּטיכל אויף עסנוואַרג, ווי אויסצוקוקן ווער דאָ וווינט.

אַ הויכע, דאַרע פּויערטע מיט אַ ברוין פֿאַרווינטיקט פּנים האָט איבער־געבונדן דעם קאָפּ מיטן טיכל, וואָס ער האָט איר אָנגעבאָטן. אויף מבֿינות האָט זי צוגערופֿן דעם מאַן אירן — אַ נידעריקן, הינקעדיקן, אַ באַשיַימפּער־לעך ייִנגערן פֿון זיך. ביידע האָבן באַטראַכט דאָס טיכל פֿון אַלע זיַיטן, באַטאַפּט עס מיט פֿאַרגרעבטע הענט, זיך לאַנג געיִישובֿט, געפֿרעגט וואָס זיי וועלן דאַרפֿן פֿאַר דעם געבן.

דעם פֿאָטער איז אָנגעגאַנגען עפּעס אַנדערש, ניט דער האַנדל. ער האָט אַ פֿרעג געטאָן, ווי סע לעבט זיך זיי, ווי קומען זיי אויס קריגסציַיט. און דערוווּסט האָט ער זיך, אַז זיי זענען אַליין, האָבן ניט קיין קינדער, לעבן זיך רויִק, מחמת הינקעדיקע מאָביליזירט מען ניט, מען שלעפּט ניט אויף אַרבעט קיין דיַיטשלאַנד. זיי מישן זיך ניט אין פּאָליטיק און וואַרטן אויף בעסערע ציַיטן. זיַין אַריַינקומען האָט אויפֿן פֿאַרפֿאַלק אָנגעוואָרפֿן אַ פּחד און ביידע האָבן עטלעכע מאָל איבערגעפֿרעגט, צי קיינער האָט אים ניט באַמערקט, ניט נאָכגעשפּירט, בעת ער האָט פֿאַרקערעוועט צו זיי. צי האָט טאַקע קיינער זיך ניט אומגעקוקט אויף די געלע לאַטעס, וואָס זענען שטאַרק קענטלעך אויף זיַין ברוסט און רוקן?

ער האָט זיי באַרויִקט. קיינער האָט אים ניט באַמערקט, ניט געטשעפּעט, ניט נאָכגעשפּיאָנירט. אַ סימן — ער שטייט דאָ אומגעשטערט מיט דער לאָפּעטע.

די אַרומיקע גדיכטעניש פון ביימלעך און קוסטעס האָט אים געהאָלפן אומבאַמערקט זיך צוריקצוקערן אויפן אַרבעטספּלאַץ און זיך אויסמישן אין די ייִדן, וואָס האָבן עפּעס געטאָן מיט זייערע לאָפּעטעס און קירקעס. ער האָט ניט געענוי פאַרגעדענקט, מיט וואָס האָט זיך פאַרענדיקט דער ביַיט פונעם טיכל; געשפּירט בלויז אין דער קעשענע אַ שטיַיף פּעקל שפּיַיז און געזען פאַר זיך זיַין מיידעלע אַרומשטיפן אינעם גערטנדל לעבן דער כאַטקע, ווו ער איז נאָר וואָס געווען. אַזוי פיל שיַין, לופט און רחבות איז דאָרטן פאַראַן אין יענעם קליינטשינקן, מיט געלע בלומען אָנגעפּיקעוועטן גערטנדל. אויך אין דער כמורער כאַטקע פונעם אָנקינדערדיקן פּאָרפאָלק וואָלט זיך געפונען פּלאַץ פאַר זיַין טעכטערל. עס וואָלט אַריַינגעבראַכט אַהין ליכט, פרייד. זיַין קינדס ניַיע מאַמע — ניט קיין שיינע, מיט גרויסע ביינערדיקע הענט, וועט גלעטן דאָס פּיצל, כאָוועץ עס, האָוועץ אַרום דעם... וועט זי זיַין גינציק צו אַ פרעמד קינד? עקרות, זאָגט מען, זענען בייז, אומגעדולדיק. און דער ניַיער טאַטע? ס'געפעלט אים דווקא דאָס דאָזיקע זשוואָווע הינקעדיקע פּויערל. אַזוינע צוויי וועלן עס ווערן די אַפּוטרופּסים אויף זיַין קינד ביזן סוף פון דער מלחמה. און אפשר אויף שטענדיק בליַיבן זיַינע עלטערן... דעם דאָזיקן זייער ווייטיקדיקן געדאַנק האָט ער אָפּגעיאָגט, מיט גוואַלד געטריבן פון זיך. זאָל נעמען אַ סוף צו אַלע קווענקלענישן! מען דאַרף זיך אָננעמען מיט מוט און באַשליסן.

אָונט צו קומענדיק פון דער אַרבעט, האָט ער דער אומגעדולדיק וואַרטנדיקער פרוי זיַינער פאַרטרויט דעם באַשלוס. אויף איר פאַרשטיינערט פּנים, אין דעם ניט געוויינטלעכן צוקן פון אירע הענט האָט ער דערפילט אָנסופיקן עגמת־נפש. באַלד האָט זי אים געגומען מאַטערן מיט קשיות, געזוכט באַוואָרענישן.

ענטפערן אויף אַלץ, דערקלערן אַלץ גענוי האָט ער ביַי זיַין בעסטן ווילן ניט געקאָנט. ניין, ער ווייסט ניט, ווער די פּויערים זענען, ווי זיי הייסן. מען וועט עס אפשר שפּעטער דערגיין. ריידנדיק מיט זיי, האָט ער בכיוון וועגן דער עצם זאַך קיין וואָרט ניט געלאָזט פאַלן: ניט געוואָלט ריזיקירן מיטן

לעצטן שאַנס. בלײַבט זייער קינד אין געטאָ, איז זײַן גורל געחתמעט. דאָרטן, בײַ די פּויערים, וועט עס בלײַבן לעבן. זי, זײַן פרוי, האָט דאָך די גאַנצע צײַט געטענהט: „אַן אָרט, אַבי אַן אָרט פאַרן קינד, אַן אָרט אויף יענער זײַט צוים!" און אָט איז דער לעצטער, דער איינציקער אויסוועג.

— אוי־ווי, — האָט געקרעכצט די מוטער, — אַ קעצל און דאָס וואַרפט מען ניט אַוועק אויף הפקר.

האָט דער פאָטער געפּרוווט דערווײַזן, אַז ס'איז ניט אין גאַנצן אויף הפקר. וואָס זאָל מען טאָן, ער קאָן זיך קיין אַנדער עצה ניט געבן. און אין געטאָ ווייסט מען שוין, אַז דײַטשן האָבן זיך געריכט אין דער קאַרטאָטעק, גענומען אויפן אויג די „אומפּראָדוקטיווע עלעמענטן". דאָס אומגליק קאָן אַ ליאַדן טאָג געשען — מאָרגן, איבער מאָרגן.

— און ווי וועט זײַן, אויב כאָטשבי איינער פון אונדז בלײַבט לעבן? ווי אַזוי וועלן מיר דערווײַזן, אַז ס'איז אונדזער קינד? — האָט די פרוי, ווי מסכּים זײַענדיק מיטן מאַנס פאַרטראַכט, אַוועקגעקוקט אַ ביסל ווײַטער. — אמת, דער שוואַרצער געבוירן־צייכן אויף אונדזער טעכטערלס לינקער פּלייצע איז אַ גוטער סימן. כ'פּלעג מיך אין די געדאַנקען קלעמען: דער פּלעק, גרויס ווי אַ פלוים, וועט זיך אַרויסזען פון דעקאָלטע... נאָר דערווײַלע, ווי דו זאָגסט, אַבי אַרויס פון געטאָ! ווי ס'זאָל ניט זײַן, דאָס קינד זאָל לעבן בלײַבן...

שפּעט אין אָוונט האָבן טאַטע־מאַמע אײַנגעפּאַקט אין אַ זאַק זייער קליינס, וואָס אַ באַקאַנטע קראַנקן־שוועסטער האָט עס אײַנגעשלעפּערט מיט אַן אײַנ־שפּריצונג. מיטן טײַערן פּעקל אין אַ גרויסן קויש האָבןביידע געטשאַטשעוועט בײַם געטאָצוים. געוואַרט, אַז דער פּאָסטן וואָס שפּאַנט איבער זײַן וואַכ־אָפּשניט פון דער אַנדערער זײַט שטעכלדראָט, זאָל זיך דערווײַטערן אָדער גאָר זיך ערגעץ פאַרהאַלטן.

דער וועטער איז געווען גינציק: כמורנע, פאַרוואָלקנט. אַ רעגנדל האָט געשפּריצט. ס'איז פּרי טונקל געוואָרן. אין דרויסן האָט מען כּמעט ניט געזען קיין מענטשן. וויניקער פאַרבײַגייערס, וויניקער נײַגעריקע אויגן, וויניקער סכּנות באַמערקט צו ווערן.

טאַטע־מאַמע האָט עס דערווײַל אָפּגעגליקט. אין גיכן איז דער פאָטער מיטן קויש שוין געווען אויף יענער זײַט צוים און זיך אַלץ האַסטיקער און

האַסטיקער דערוויַיטערט פֿון געטאָ. פֿאַרשטייט זיך, איז ער געווען אַן די געלע לאַטעס, בכּיוון — אויך אַן אַ היטל, ווי וועלנדיק מיטן אָפּגעדעקטן קאָפּ און מיט זײַנע העלע האָר צוויי מאָל אונטערשטרײַכן, אַז ער איז ניט קיין ייִד. ייִדן איז דאָך פֿאַרווערט צו ווײַזן זיך אין דרויסן אַן אַ קאַפּצודעק. ייִדן, ווייסן אַלע, זענען טונקלהאָריק... אינעם אָפּגעטראָגענעם הילוך, מיטן קויש אויפֿן אָרעם האָט ער אויסגעזען ווי אַן אמתער דאָרפֿמענטש.

ער איז געגאַנגען אין דער גוט באַקאַנטער ריכטונג, אָבער איבער זײַטיקע שטעגלעך, איבער פֿעלדער מיט אויפֿגעשטעלטע סנאָפּעס צום טריקענען, איבער בערגלעך, באַוואַקסענע מיט קוסטעס. דער אימפּעט האָט אים געטראָגן צו דער כאַטקע, צו יענעם פֿאַרפֿאַלק...

דעם האַלבן צענדליק קילאָמעטערס האָט ער דורכגעשפּרײַזט אין איין אָטעם. אָט טרעט ער אַריבער דעם גראָבן, הינטער וועלכן עס דאַרף זײַן דער אַלטער געפֿלאָכטענער פּלויט. אַ הינטיש געביל האָט פּלוצעם אַרויס־געריסן זיך פֿון דער נאַכטשטילקייט און ווי פֿאַרשטעלט דעם וועג.

אין גאַנצן אויסגעשעפּט איז דער פֿאָטער אַרויפֿגעפֿאַלן אויפֿן פּלויט. אַלץ איז פֿאַרלוירן! דער הונט וועט אַלעמען אויפֿוועקן, אויפֿשטעלן אויף די פֿיס!

דער הונט האָט געריסן דעם האַלדז, געריסן זיך פֿון דער קייט, און די כאַטקע איז ווי ביז איצט געבליבן פֿאַרזונקען אין פֿינצטערניש און אין אַ פֿאַרטײַעטער שטילקייט: קיין פֿענצטער האָט ניט אויפֿגעלויכטן, קיין טיר ניט געטאָן קיין סקריפּ.

דער פֿאָטער האָט דערטאַפּט אינעם פּלויט די קאַליטקע, זי האַסטיק אַ שטופּ געטאָן, אַרויף אויפֿן גאַנעק, אַוועקגעלייגט זײַן טײַער פּעקל בײַ דער אַרײַנגאַנגס־טיר, אָפּגעקאַשערט די ראַנדן פֿונעם זאַק — דעם קינדס קעפּל זאָל זיך גוט אַרויסזען, ס׳זאָל דעם לײַכטער זײַן צו אָטעמען, און אַנטלאָפֿן מיטן ליידיקן קויש, מורא האָבנדיק עמעצער זאָל פֿון דער כאַטע ניט אַרויס.

דער הונט האָט געבולן און געבולן, מסתּמא צוליבן פֿרעמדן נפֿשל, וואָס איז געבליבן אויפֿן גאַנעק. דער הונט וועט אַוודאי ניט אַנשטומט ווערן, ביז מען וועט ניט אַרײַננעמען אין שטוב דאָס אונטערגעוואָרפֿענע קינד. דער פֿאָטער איז געבליבן שטיין, וועלנדיק כאַטש פֿון דער ווײַטן דערפֿילן די דאָזיקע רגע. נאָר באַלד האָט ער זיך געריִרט פֿון אָרט: וואָס ווײַטער

אַוועק פֿון דאַנען! אַוועקנעמען פֿון דאַנען דעם יעניקן, וואָס קאָן אַרויפֿ־ברענגען אויף זײַן קינד חשדים, סכּנות און אומקום. אין אײַלעניש האָט ער פֿאַרגעסן אַ קוש טאָן דאָס טעכטערל. מעגלעך, די לעצטע געלעגנהייט... זיך ניט געזעגנט און אַנטלאָפֿן.

און אָט זענען שוין די ערשטע פֿאַרשטאָט־הײַזער. ווי שפּעט קאָן עס זײַן? זײַן זייגער האָט ער שוין לאַנג אויסגעביטן אויף מילך פֿאַרן קינד. און איצט, געוויס טאָר מען זיך שוין ניט באַווײַזן אין די גאַסן. דאַרף מען ערגעץ ווו — אין אַ הויף צי הינטער אַ פֿאַרקן, אין אַן אָפֿן שטעלכל צי גאָר אין אַ מיסט־קאַסטן — זיך באַהאַלטן און וואַרטן ביזן סוף צו דער פּאָליציי־שעה, ביז ס׳וועט נעמען טאָגן.

ער האָט ניט געוויס פֿאַרגעדענקט, ווי אַזוי ער איז איבערגעקומען די נאַכט, ווי אַזוי אים האָט זיך אײַנגעגעבן אַרײַנצוקריכן צוריק אין געטאָ. באַוויזן איבערצוגעבן דעם ווײַב, אַז אַלץ איז פֿאַרבײַ בשורה. פֿאַרנייט אויף זײַנע בגדים די גוואַלדריסן, וואָס ער האָט זיך אָנגעמאַכט פֿויזענדיק אונטערן שטעכלדראָט, און שוין געדאַרפֿט זיך קלײַבן צו דער אַרבעט. פֿאַרן אַרויסגיין האָט ער פֿאַרכאַפּט און באַהאַלטן אונטער די מלבושים זײַן מיידעלעס אַ קליידל.

אויפֿן אויסגעפּרוווטן אופֿן איז ער ווידער פֿאַרשוווּנדן פֿון אַרבעטספּלאַץ און זיך דערקליבן צו דער כאַטע, וואָס בײַ איר שוועל האָט ער איבערגעלאָזט זײַן קינד.

די פּויערטע, אַ מאָדנע אויפֿגערעגטע און אומגעדולדיקע, האָט אים בייזלעך געוואָרנט, זיך ניט צו דערוועגן מער אַהערצוקומען און אַרויפֿ־ברענגען אַן אומגליק אויף זיי דאָ.

האָט ער זי פֿאַרזיכערט, אַז, חלילה, אויך ער וויל זיי ניט שלעכטס טאָן. גוט, מער וועט ער דאָ זיך ניט באַווײַזן.

ווו איז זײַן מיידעלע? וואָלט זיך כאָטש דערהערט פֿון הינטערן ווענטל דעם קינדס אַ קלאַנג, אַ געשריי, אַ געוויין. איז שטיל הינטערן ווענטל, זייער שטיל. שוין צו שטיל. שלאָפֿט עס נאָך? אפֿשר ווירקט נאָך די שטאַרקע מעדיצין?

ער האָט ווידער הייליק צוגעזאָגט דער פּויערטע, וואָס האָט אים ממש געיאָגט פֿון שטוב, מער אַהער צו ניט קומען, נישט שטערן זייער רו. בלויז

הײַנט, צום לעצטן מאָל וויל ער אויסבײַטן אַ קלייניקייט. ער וועט אָפּגעבן פֿאַר אַ שיבוש אַ כּמעט נײַ קינדערש קליידעלע.

ס'האָבן געציטערט דער פּויערטעס קנאָכיקע פֿינגער, באַטאַפּנדיק דאָס קליידעלע, אויפֿהייבנדיק עס פֿאַר די פּלייצקעס.

— ווער ווייסט, צי ס'וועט פּאַסן? — האָט זי אַ פֿרעג געטאָן דעם מאַן, וואָס איז צוגעהונקען צו איר.

דער פֿאָטער האָט שיִער ניט אויסגערופֿן, אַז ס'וועט באַשטימט פּאַסן. נאָר אַנשטאָט אים האָט געפּסקנט דער הינקעדיקער פּויער:

— ס'טפּאַסן. נעם'ס!

...אין קעשענע האָט דער פֿאָטער געשפּירט עפּעס האַרטס. ס'איז אַ פּעקעלע שפּײַז וואָס ער האָט באַקומען פֿאַר זײַן קינדס קליידעלע. געשיצט פֿון די געטרײַע, געדיכטע צעבלעטערטע ביימלעך און קוסטעס, האָט ער מיט דער לאָפּעטע אין האַנט זיך אַרײַנגעגנבעט אין זײַן אַרבעט־גרופּע און מיט אַ ווילדן אימפּעט גענומען גראָבן, וואַרפֿן אין אַ זײַט שופֿלען זאַמד.

## און לעב, טעכטערל...

דערוויַילע האָט עס טאַקע אויסגעזען פּונקט אַזוי, ווי מען האָט דערציילט. דעמאָלט, ווען זיי האָבן דערוועגן געהערט דערציילן, האָט קיינער אין דעם גלייבן ניט געוואָלט. איצט געפינען זיי זיך אויפן וועג מיט די טאָפּעלע שטעכלדראָט־צוימען פון ביידע זײַטן. בײַם סוף וועג זעט זיך די ניט הויכע, סודותפולע באָד מיטן פּירקאַנטיקן קוימען פון רויטע פאַרסאַזשעטע ציגל, וואָס זעצט אין הימל געדיכטע קנוילן ברוינעם רויך. פאַרביסן שוויַיגנדיקע, שוואַרץ אוניפאָרמירטע וואַכלײַט מיט אויטאָמאַטן און וואַרטשענדיקע הינט אויף צײַמלעך באַגלייטן זיי אין באָד אַרײַן. זיי, די פרויען, זענען אויסגעטאָן מוטער נאַקעט, כאָטש ס׳איז קאַלטלעך אין דרויסן. די קעפּ האָט מען זיי אָקערשט גלאַט אָפּגעשוירן און ס׳דאַכט זיך, אַז די האָר זענען מוראדיק שווער, רײַסן די הויט פון שאַרבן...

אַלץ ווי מען האָט דערציילט. נאָר זיי האָט מען דאָך יעדער איינער געגעבן אַ האַנטעכל מיט אַ שטיקל זייף. הייסט עס, אַז זיי גייען זיך וואַשן.

דער וועג איז אויסגעשאָטן מיט שאַרף־שפּיציקע שטיינדלעך, וואָס שטעכן די פיס ווי מיט נאָדלען, שנײַדן ווי מיט מעסערס. מען דאַרף קיינעם ניט אונטערטרײַבן. יעדע איינע וויל אַליין וואָס גיכער איבערקומען דעם שרעקלעך ווייטיקדיקן וועגאָפּשניט און וואָס גיכער דערפילן אויף זיך דעם דערבאַרעמדיקן גאָס פון וואַרעם וואַסער. בלויז פאַרן אַרײַנגאַנג אינעם איינ־שטאָקיקן, רויט־ציגלנעם מויער מיט דער גרויסער אויפשריפט אין דײַטש „באַדעאַנשטאַלט” נעמען די וואַכלײַט אונטערטרײַבן די פרויען. אַ ברייטע, מיט אײַזן פאַרפאַנצערטע טיר פראַלט אויף. די פאַרביסן שוויַיגעוודיקע וואַכלײַט באַקומען לשון און באַפעלן שטרענג:

— וואַרפן די האַנטעכער! די זייף!

פֿאַר וואָס עפּעס וואַרפֿן ? ווער גייט עס אין באָד אָן זייף, אָן אַ האַנטעך ?

די, וואָס פירן באָלד ניט אויס דעם באַפֿעל, ווערן געשלאָגן מכּות־רצח. עס באַפֿאַלן זיי הינט, אָפּגעלאָזטע פון ציימלעך. ביים אַריינגאַנג אין דעם „באָדעאַנשטאַלט" שטייט אַ יללה, וואָס ווערט לסוף פֿאַרשלונגען פון דער „באָד" און דערשטיקט אין איר מיטן פֿאַרמאַכן די ברייטע אייזערנע טיר.

זי איז געווען פון די לעצטע. די אייזערנע טיר האָט ווי מיט אַ גרויסער קאַלטער דלאָניע אַריינגעשפּאַרט זי אינעווייניק און צוגעפּרעסט צו די נאַקעטע אייז קאַלטע, ציטערנדיקע פרויענלייבער.

די דרויסנדיקע טירריגלען האָבן זיך פֿאַרקלאַפּט, איבערהאַקנדיק די לעצטע פֿעדעם פון די פרויען מיטן אַרומיקן לעבן. אַלעמענס בליקן זענען איצט געווען צוגעזאָטן צום סופיט, אויף וועלכן ס'האָבן געברענט עטלעכע בלוט־רויטע עלעקטרישע לעמפלעך. אויפן סופיט — אויך אַ רער מיט קיילעכיקע דושקעפּלעך. ווען וועט נעמען טריפן פון זיי וואַסער ? אָבער אַנשטאָט עס זאָל אַ גאַס טאָן פון אויבן, האָבן גאָר די טירריגלען פון דרויסן גענומען גרילצן. ס'האָט זיך געעפֿנט אַ שפּאַרונע. קאַלטע טאָגליכט האָט אַנגעוויעט די פרייד: „מען האָט אונדז נאָר געוואָלט אָנשרעקן !"

— מילמאָן ! ליאַ מילמאָן ! — האָט אַ דייטש אומגעדולדיק אַריינגעשריען אין דער שפּאַרונע, — אַהער קום !

צווישן די צונויפגעפּרעסטע נאַקעטע פרויען איז דורכגעלאָפֿן אַ גע־מורמל : „מילמאָן ! לאה מילמאָן !"

דאָס מיידל וואָס איז אַריינגעשטופּט געוואָרן פון די לעצטע און געשטאַ־נען ביי דער סאַמע עפֿענונג, האָט געשטוינט : „פֿאַר וואָס רופֿט זי זיך ניט אָפּ, די דאָזיקע לאה מילמאָן ?" ס'האָט זי אַ צופּ געטאָן ביים האַרץ : „פֿאַר וואָס איז זי ניט לאה מילמאָן ? אָ, ווען זי וואָלט עס געווען !"

פון דרויסן האָט מען ווידער אַריינגעשריען „ליאַ מילמאָן !" און די ליכטיקע שפּאַרונע האָט פּאַמעלעך גענומען זיך איינשרומפּן. די טיר האָט זיך אָט־אָט צוגעמאַכט.

זי איז ניט לאה מילמאָן, נאָר זי וויל ניט, וויל ניט די טיר זאָל זיך אַרויפוואַלגערן אויף איר ווי אַ מוראדיקער, אַ שוואַרצער פעלדז און זי אומברחמנותדיק צעקוועטשן.

— איך ! — האָט זי מיט אַ קוויטש אויסגעשריען, אַרויסרייסנדיק זיך

פון אונטער דער דריקנדיקער מאַסע, און געבליבן שטעקן אין דער העלער שפּאַרונע.

אַן עסעסניק האָט מיטן אויסגעבויגענעם הענטל פון זײַן סטעק זי אָנגעכאַפּט פאַרן האַלדז, אַ שלעפּ און אַ שלײַדער געטאָן צו אַ הויכן, ברייט־פּלייציקן מאַנצביל אין געשטרייפטע אַרעסטאַנטן־קליידער און מיט אַ רונד מיצל פון זעלבן שטאָף.

— ס'איז ניט מײַן טאָכטער, — האָט דער מאַנצביל אַרויסגעפּרײַכט, אָפּטרעטנדיק אין שרעק אויף הינטערווײַלעכץ. זײַן פאַרגרעבט פּנים איז פאַרשטאַרט געוואָרן אין אַ גרימאַסע, ווי נאָכן אויסזופן סם.

— איר... דערקענסט מיך ניט, טאַטע? — האָט דאָס מיידל מאָדנע רויִק אַ צוויטשער געטאָן, פאַרלייגנדיק די הענט אויף דער ברוסט אין בושה פאַר אַ מאַנצביל. זי איז דאָך געווען מוטער נאַקעט.

— לאָס, געגאַנגען! — האָט באַפוילן דער עסעסניק, אַ פּאַך טוענדיק מיטן סטעק, און אַוועקגעשפּאַנט צום אַרויסגאַנג פון שטעכלדראָטענעם אַרומצוים.

דער מאַנצביל אין די אַרעסטאַנטן־קליידער און דאָס נאַקעטע מיידל זענען, אַלץ מער אָפּשטייענדיק, אים נאָכגעגאַנגען.

די שטיינדלעך האָבן געשטאָכן, געשניטן די פּיס פונעם מיידל, און זי האָט געוואָלט לויפן, אַנטלויפן פון דעם רויט־ציגלנעם בנין מיטן הויכן קוימען און די רויטע לעמפּלעך, וועלכע זי האָט געפילט נאָכשײַנען איר אויפן רוקן. אָבער דער מאַנצביל, אין שיך מיט האָלצזוילן, האָט זיך שווער באַוועגט, שיִער ניט בײַ איטלעכן טראָט געבליבן שטיין און געקרעכצט, געקרעכצט. פּלוצעם האָט ער גענומען וואַרגן זיך מיט טרערן. אַ צעבראָקלט געקלאָג האָט זיך ווײַלעוויײַז אַרויסגעשפּאַרט דורך זײַנע פאַרפּרעסטע ליפּן.

אָפּטרעטנדיק אין אַ זײַט האָט דאָס מיידל אַ קאָסיע געטאָן צו אים און זיך פונאַנדערגעוויינט. מיט אַ פאַרשטיקט קול גענומען אים בעטן:

— וויינט ניט, פעטער, וויינט ניט!

— ש־ש־ש... — האָט געוואָרנט דער מאַנצביל, ניט אומקוקנדיק זיך אויפן מיידל. — מען וועט דערהערן! — און ווי וועלנדיק דערשטיקן אין זיך דאָס ווילד אויפצאַפּלענדיקע כליפּען, געכאַפּט זיך פאַרן האַלדז.

— כ'בין ניט, בין ניט לאה מילמאַן, — האָט זי שולדיק געשטאַמלט.

— כ׳ווייס, כ׳ווייס... — האָט דער מאַנצביל אַ מרוקע געטאָן.

— זײַט ניט אין כּעס. קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן. און איך האָב אַזוי מורא געהאַט צו בלײַבן דאָרטן.

דער מאַנצביל האָט נאָך אַלץ ניט געקוקט אין איר זײַט, ניט געוואָלט זי, אַ נאַקעטע, מבייש זײַן. און אויב ער האָט גערעדט, האָט ער גערעדט מער צו זיך, ווי צו עמעצן אַ צווייטן:

— און טאָמער וועט מײַן לאהלע יאָ אַרײַנפאַלן אין טראַנספּאָרט, האַ? אַ צווייט מאָל וועל איך שוין ניט קאָנען... אוי, מײַן לאהלע!..

אונטערשפּרינגענדיק פון איין פוס אויפן צווייטן, האָט דאָס מיידל געפּרוווט באַרויִקן דעם פרעמדן מענטש:

— איר וועט זי נאָך טרעפן, טרעפן... — און אַליין זיך צעיאָמערט.

— שווײַג! — איז דער מאַנצביל פאַרציטערט געוואָרן, דערזעענדיק, אַז דער עסעסניק איז געבליבן שטיין, געקלאַפּט מיטן סטעק אין דער כאַליעווע פון זײַן שטיוול און געוואַרט, זיי זאָלן אונטערקומען.

ווען זיי האָבן זיך צו אים דערנענטערט, האָט דער דײַטש באַמערקט בײַביידן די פאַרוויינטע אויגן און שעלמיש אַ פרעג געטאָן:

— צו וואָס די טרערן?

— פאַר פרייד, הער שאַרפירער, — האָט דער מאַנצביל אויסגעקרימט דאָס מויל אין אַן אַרויפגעצוווּנגענעם שמייכל, — פאַר פרייד...

איצט, בעת קיינער פון זײַנע וואַכלײַט איז ניט בײַגעווען, האָט דער שאַרפירער געקאָנט ריידן פרײַ, אומגעצוימט:

— אַלזאָ, פאַרגעדענק — אַ גאָלדענעם פאַרטסיגאַר! ס׳טרעפן זיך אַזעלכע מיט בריליאַנטן אויפן דעקל. הײַנט זאָל עס ווערן! טראַנספּאָרטן וועלן נאָך זײַן.

באַפוילן, פּיפּיק זיך אויסגעדרייט און אונטערפּײַפנדיק אָוועקגעשפּאַנט צום אַרויסגאַנג־טויערל. דער מאַנצביל אינעם געשטרייפטן מלבוש און דאָס נאַקעטע מיידל האָבן זיך אויך גערירט פון אָרט.

— פאַרשטייסט, איך אַרבעט אין דער זאָנדער־קאָמאַנדע, — האָט דער מאַנצביל, ווי זיך פאַרענטפערנדיק, אָנגעהויבן. אַ רגע געשוויגן און ווידער גענומען דערקלערן דעם מיידל: — פאַרשטייסט, מיר קלײַבן פונאַנדער ס׳געפּעק פון די, וואָס גייען אין „באַדעאַנשטאַלט״. סאָרטירן די זאַכן, איידער

זיי גייען אַוועק קיין דײַטשלאַנד... פאַר דעם אויסוואָרף „אָרגאַניזירן״ מיר ווערטזאַכן. לײַכט צו זאָגן, „אָרגאַניזירן״. זעסט, ניטאָ קיין קעשענעס אין רעקל, ניטאָ אין די הויזן. מיט אַ כּיוון זיי אויסגעשניטן, פאַרנייט די שפּאַלטן. ניטאָ ווו עפּעס אַהינצוטאָן, און „אָרגאַניזיר״!.. פּשוט, ס׳הייסט — גנבע... טאָמער כאַפּט מען דיך, פירט מען צום זעלבן שאַרפירער, פאַר וועלכן מיר „אָרגאַניזירן״. און ער — ציילט אַרײַן שמיץ און שיקט אין באָד אַרײַן אָפּוואַשן די ווונדן... אָבער דערווײַלע, כּל־זמן אַ מענטש לעבט... אפשר וועט אַ נס געשען... האָסט געהערט, דאָס מאָל פאַרלאַנגט ער אַ גאָלדענעם פּאַרטסי־גאַר מיט בריליאַנטן... דערפאַר איז ער גרייט געווען צו ראַטעווען מײַן לאהלען. אַרויסשלעפּן זי פון באָד און באַשטימען פאַרן אַרבעט־לאַגער. פאַרשטייסט, מיר האָט זיך געדאַכט, אַז כ׳האָב דערזען מײַן לאהלען אין אײַער טראַנספּאָרט. געבראַכט זי פון געטאָ צוזאַמען מיט אײַך... פאַרשטייסט, פאַר לאָהלען, מײַן טאָכטער, וועל איך דאָך אַ צווייט מאָל ניט קאָנען בעטן. און איך, איך דאַרף נאָך הײַנט אויספילן זײַן פאַרלאַנג. טאָמער ניט, קאָן עס שמעקן מיט דער באָד... מיט אַ מענער־פּאַרטיע... אַהין פירן זיי אָפּגע־זונדערט מענער פון פרויען... און הײַנט בין איך דאָך טאַקע דעם שאַרפירער אַ בעל־חוב. לאהלען האָט ער געזאָלט ראַטעווען פון גאַז...

דער ייִד האָט זיך אַראָפּגערעדט פון האַרץ. אָפט געמאַכט הפסקות אָפּצוכאַפּן אָטעם און ווידער גערעדט.

און אָט זענען זיי אָנגעקומען צום סוף פונעם וועג צווישן די טאָפּעלע שטעכלדראָט־צוימען. געווען דאָ אַ טויערל אויף רעכטס — צום מענער־לאַגער, אויף לינקס — צום פרויען־לאַגער. דאָ האָט מען זיך געדאַרפט צעשיידן.

נאָך אַלץ ניט קוקנדיק אויפן מיידל, האָט דער מאַנצביל איר אָנגעזאָגט:

— וועסט גיין אויף לינקס. וועסט באַקומען אַן אַרעסטאַנטסקע קליידל. דערווײַלע וועסטו אַרבעטן... אפשר וועלן מיר אַריבערלעבן...

אַ רגע האָט ער אַן קלאַנג באַוועגט מיט די ליפּן, דערנאָך, אָנטועענדיק זיך אַ כּוח, אַרויסגעבראַכט:

— זאָל דיר וויל גיין... און לעב, טעכטערל...

# דער באַנדאַזש אונטערן קני

די געדערעם האָבן זיך אים איבערגעדרייט, ווען ער האָט דערזען אויפן קאָנווערט, אַז דעם בריוו שיקט אים... האַסטיק אויפגעריסן דעם קאָנווערט, האָט ער מיט זײַנע קורצזעיִקע אויגן הינטער דיקע ברילן־גלעזער זיך אַרויפגעוואָרפן אויפן בלוילעכן בויגן פּאַפּיר מיטן אָפּגעדרוקטן פּאָטערס נאָמען און שטוביקן אַדרעס אויבן אין לינקן ווינקל, אַרויפגעוואָרפן זיך אויף די געדיכט אָנגעפּיקעוועטע מאַשינשריפט־שורות: גיכער, גיכער זיך דערוויסן, וואָס עפּעס פּלוצעם שרײַבט דער הער פּאַפּאַ.

דעם בריוו, אָפּגעקלאַפּט אויף זייער שטוביקער שרײַבמאַשין מיט איר קלאָרן און אים גוט באַקאַנטן גאָטיש סטיליזירטן שריפט, האָט ער געלייענט שטייענדיק: אויס אָפּשײַ און פּחד פאַרן פּאָטער. ער האָט עטלעכע מאָל אָנגעהויבן לייענען פון דאָס נײַ, אויסגעטאָן און אָנגעטאָן די ברילן, אויס־געווישט די ברילן־גלעזער, די אויגן...

און אָט וואָס אין בריוו איז געשטאַנען:

„צו מײַן זון ווילהעלם ערנסט מאַריאַ פאָן קעפּען, יוניאָר, גריס גאָט!

אַלזאָ, ווילי, שוין באַלד דרײַ יאָר ווי דאָס דײַטשישע פאָלק, געפירט פון גאָט און דעם פירער, ראַנגלט זיך אינעם שיקזאַלקאַמף פאַר דער צוקונפט פון דער גערמאַנישער נאַציע און דער אַרישער ראַסע אין דער גאַרער וועלט, און דו, ווילי, ביסט געבליבן דער זעלבער טויגעניכטס, ווי געווען. ניין, ניט קיין טויגעניכטס! זאָל דער הער גאָט אין הימל מיך ניט שטראָפן, אויב איך וועל זיך דערוועגן אָנצורופן דעם אָפּשפּראָץ פון אונדזער אַדעליקן שטאַם — אייזל! יאָ, און טויזנט מאָל יאָ! אַן אייזל ביסטו! וויל איך איין מאָל פאַר אַלע מאָל אַרײַנהאַקן אין דײַן אייזלשן קאָפּ אַ ביסל דענקפעיִקייט און פאַר־שטאַנד. דעריבער האָב איך זיך געזעצט שרײַבן דעם דאָזיקן בריוו, ניט

געקוקט אויף דעם וואָס אַרבעט האָב איך איבערן האַלדז, און דערבײַ האָלט איך, אַז קאָרעספּאָנדירן מיט זייערע קינדער איז אַ געשעפט פאַר ווײַבער, און אין קריגס־באַדינגונגען, אין וועלכע מיר געפינען זיך, איז די קאָרעס־פּאָנדענץ גאָר אַן איבעריקער באַלאַסט פאַר דער פעלדפּאָסט. באַטראַכט זיך, וויפל טײַערע צײַט ווערט זינלאָז פאַרשווענדט אויף שרײַבן פּערזענלעכע בריוו און צושטעלן זיי די אַדרעסאַטן! ווען איר, די ריטער פונעם מאַרש אויף מיזרח, און די מענער פון דער פעלדפּאָסט וואָלטן אויסגעניצט די דאָזיקע צײַט אויף צו שלאָגן די רוסן, וואָלט איר, אַן צווייפל, ניט געשטאַנען אויף דער ביז איצטיקער פראָנטליניע און ניט פאַרנומען זיך מיטן פאַרקירצן און אויסגלײַכן זי. יאָ, איר וואָלט באַזעצט מינדעסטנס דרײַ פערטל סיביר. דאָס האָב איך אויסגערעכנט לויט דער קאַרטע און לויטן פאַרויסמאַרש פון דרײַסיק קילאָמעטער אַ טאָג.

טאָ פאַרשטיי, ווילי, אַז קוים האָב איך זיך געזעצט שרײַבן דעם דאָזיקן בריוו, איז די זאַך געגוג ערנסט און אַזוי אַנגעוויטיקט, אַז איך מוז דיך ווידער אָנרופן: אייזל! ווי קאָן מען אַנדערש קוואַליפיצירן אַ באַשעפעניש, וואָס איז צוליב נאַכלעסיקייט באַגאַנגען אַזאַ אומפאַרגעבלעכע זינד: האָסט פאַר־שאַפט ערגערניש ניט קיין אַנדערן, ווי די צירונג פון אונדזער פאַמיליע־שטאַם, אונדזער הויכגעשעצטן הער עגאָן פאָן קעפּען, וואָס איז איצט שוין אָרטס־גרופּענפירער, דער הויפּט פון אונדזער שטאָטישער אָפּטיילונג פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פאַרטיי! און דו האָסט דאָך געמעגט וויסן, אַז דו דאַרפסט פילן צו אים אומענדלעכע דאַנקשאַפט, וואָס ער האָט דיר, אַזאַ בלינדע באַשעפעניש, געהאָלפן אַרײַנגעצויגן צו ווערן אינעם קאַמף צו געווינען לעבנסרוים פאַר די גערמאַנער, און קאָנסט איצט דינען מיט האַרץ און בלוט דעם גרויס־דײַטשישן דריטן רײַך און דעם פון גאָט אונדז אַראָפּגעשיקטן פירער. מיינסט, אַז אונדזער עגאָן האָט עס געמוזט זאָרגן פאַר דיר? אײַנאָרדענען דיך אינעם עסעסישן „קאָלאָניזירונג־שטאַב"? ס'איז וואָר, אַז דו, אַ זון פונעם איצטיקן אייגנטימער און אין דער צוקונפט — דער איינציקער נאָכפאָלגער פון דער אַכציקיאָריקער פירמע „הויזווירטשאַפט פאָן קעפּען און זון", האָסט די געהעריקע קוואַליפיקאַציעס צו דינען אין דער אָפּטיילונג פאַר הויזווירטשאַפט פונעם שטאַב. זײַ אָבער וויסן, אַז אין דער זעלבער צײַט וואָס אַנדערע פאַרגיסן זייער בלוט אויפן שלאַכטפעלד, רײַבסטו

דײַנע הויזן אויף אַ וואַרעמען פּאָסטן, אויף וועלכן דו וועסט דאַרפֿן בלײַבן ביז איר וועט באַפּעלקערן דעם גאַנצן מיזרח מיט מענטשן פֿון ריינעם גערמאַנישן בלוט.

ס׳איז וויל וואָס דו האָסט אויסגעפּילט די שריפֿטלעכע אָנווײַזונג פֿון דער פֿראַו מאַמאַ און אַרויסגעשיקט דעם אָרטס־גרופּענפֿירער, הער עגאָן פֿאָן קעפּען, אַ קאַסטן געשיר. אָבער, ווילי, צום טײַוול, וואָסער געשיר האָסטו דאָרטן צונויפֿגעקראַצט ?! דער ראַנד פֿון דער מיטל־גרויסער קרישטאָלענער וואַזע האָט אַ דעפֿעקט. גאָלדענע ראַנדן פֿון עטלעכע טעפּלעך פֿון טייסערוויז זענען ערטערווײַז מאַטלעך, ס׳הייסט — אָפּגעניצט. נאָר די הויפּטזאַך: ווי פֿאַרשיידן זענען די סטילן פֿון ביידע סערוויזן! „פּרינציפּלאָזע עקלעקטיק!״ — האָט אומצופֿרידן דערקלערט דער הער אָרטס־גרופּענפֿירער. פֿאַרשטייסטו וואָס דאָס באַטײַט? נאָר איך וואָלט געזאָגט, אַז דו ביסט אַ פּרינציפּלאָזער אייזל, און שוין!

דערצו האָט דער אָרטס־גרופּענפֿירער געפֿרעגט, צו וועלכע אויסצייכענונגען דו האָסט זיך דערדינט. וואָס האָב איך אים געקאָנט ענטפֿערן? כ׳בין רויט געוואָרן פֿאַר שאַנד, און שוין.

אַלזאָ, זײַ וויסן, ווילי, אַז אויף דער וואָגשאָל ליגט די ערע פֿון אונדזער אַדעליק הויז און זײַן אַריסטאָקראַטיש בלוט! אין אָנבליק פֿון דעם אַלעם דאַרפֿסטו דערווײַזן, אַז ניט אומזיסט טראָגסטו דעם טיטל „פֿאָן״ און ניט אומזיסט האָט דער הער אָרטס־גרופּענפֿירער אַרויסגעוויזן צו דיר לײַטזעליקייט. אַלזאָ, וואַרטן מיר אַלע, זאָלסט ווערן אַ העלד, דערדינען זיך עגדלעך אַן אײַזערנעם קרייץ און, ניט געקוקט אויף דײַן שטאַרקער קורצזעיִקייט, זאָלסטו דאָס קומענדיקע מאָל שיקן קוואַליטאַטיווערע געשאַנקען און נעמען שטײַגן אויפֿן דינסטלייטער, הייבנדיק דערבײַ דעם אָנזען פֿון אונדזער רומפֿולער פֿאַמיליע!

מײַן דאָזיקער בריוו זאָל דיר זײַן אַן אָנרעגונג און וואָרענונג!!!

מיט דײַטשישן גרוס — הײַל היטלער!

דײַן פֿאָטער — ווילהעלם ערנסט מאַריִאַ פֿאָן קעפּען, סעניאָר.״

אָרעמער ווילי! דעם פֿאָטערס בריוו האָט לאַנג געציטערט אין זײַנע גרויסע פּוכקע פֿינגער. נאָך דער ביטערער פּיל, וואָס אים איז אויסגעקומען אַראָפּצושלינגען צום סוף פֿונעם אַרבעטסטאָג, איז נאָ דיר, אַ פֿאַרבײַסן —

דער בריוו. און פאַר וואָס גראָד היינט? ביים גיין אַהיים, איז אים קיין שוואַרצע קאַץ דעם וועג ניט פאַרלאָפן, מיט ליידיקע עמערס האָט אים קיינער ניט באַגעגנט, היינט איז ניט פרייטיק און ניט דער דרייצנטער טאָג אין מאָנאַט...

ווילהעלם האָט שווער געאָטעמט, געסאָפּעט, אונטערגעקרעכצט. דער האַרטער קראַגן פונעם מונדיר האָט שטאַרק געקוועטשט דעם פעטן האַלדז זיינעם. די פולע באַקן האָבן געברענט. הינטער די דיקע ברילן־גלעזער האָבן אומרויִק געציטערט רויטלעכע, שטאַרק פאַרקלענערטע און זייער פייכטע אויגן.

אוי, ווי ער האָט געוואָלט אויסוויינען זיך! אָט, ווי אַ מאָל אין דער שול, ווען עמעצער האָט אים באַליידיקט אָדער אָנגעבויקערט די ביינער. נאַר... זייער שעף, דער אונטער־שטורמפירער האָט היינט צום סוף פון אַרבעטסטאָג אַלעמען גוט אויסגעזידלט, געפּאָדערט זיך אונטערצויִען, ווייל ניט געקוקט אויף דעם, וואָס זיי זענען בלויז, אַזוי צו זאָגן, הינטערלאַנד־מייז, ווערן זיי שוין באַטראַכט פאַר ריכטיקע עסעס־לייט — גאָר אין גיכן וועט מען יעדערן אויסשטאַטויִרן אונטער דער לינקער פאַכווע זיין בלוטגרופּע. טאָ ווי קאָן ער, ווילהעלם, שוין באַלד אַן אמתער עסעס־מאַן, וויינען? אין צימער איז אָבער קיינער ניט געווען. קיינער וועט ניט זען זיינע טרערן...

אין דרויסן איז שיין און וואַרעם. הינטערן געעפנטן פענצטער — אַ לויטערער פרילינג־פאַרנאַכט. שטיל וויגן זיך די צווייגן, אָפּגעשאָטענע מיט העל גרינע, פון די קנאָספּן פריש אויסגעשיילטע בלעטלעך. פייגעלעך צוויטשערן...

ווילהעלם האָט זיך אַ צי געטאָן צום פענצטער אָפּצוכאַפּן ס'האַרץ מיט דער מחיהדיקער לופט און זיך גאָר פאַרהאַלטן ביים שרייבטישל. ער האָט ניט וואָס צו זוכן אין דרויסן. צו ערשט מוז ער ענטפערן דעם פאָטער, וואָס האָט ליב פּינקטלעכקייט און דיסציפּלין. ס'איז אים, ווילהעלמען, אָנגעקומען גענוג שווער, ביז ער האָט, קאַליגראַפיש אויסדריידלענדיק די אותיות, ווי מען האָט אים געלערנט אויף די קאָרעספּאָנדענץ־קורסן, צונויפגעשטעלט פאָלגנדיקן בריוו:

„צו מיין הויכגעשעצטן פאָטער, זיין הויכוווילגעבוירן ווילהעלם ערנסט מאַריִאַ פאָן קעפּען, סעניאָר, גריס אים גאָט!

פאַר אײַער הויך געשעצטן און געאַכפּערטן בריוו, וואָס איז געווען פאַר מיר אַ גרויסער האָנאָר און פרייד אים צו דערהאַלטן, און וועלכן איך האָב געלייענט מיט בעסטן ווילן און געוויסן, דאַנק איך, הער פּאַפּאַ, פון טיפן האַרץ.

איך האָב געהאַט די ערע אויסצוהערן אַלע אויפוואָרפן און באַלערונגען, וועלכע איך אַקצעפּטיר און נעם זיי צו קענטעניש, און וועלכע איך וועל אין מעגלעכסט שנעלסטן טערמין ברענגען אין אָרדענונג, ווי עס פּאַסט פאַר אַ טרעגער פונעם טיטל „פּאָן" און פאַרן נאָכפאָלגער פון דער אַכציק־יאָריקער פירמע „פּאָן קעפּען און זון".

איך בעט טויזנט מאָל אַנטשולדיקונג בײַם הער אָרטס־גרופּענפירער, ווײַל איך האָף בײַ דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט אויסצובעסערן מײַן אומדערלאָזלעכן פאַרזע. איך וועל שיקן אַנדערע, בעסערע סערוויזן, אום צו פאַרריכטן מײַן פעלטראָט.

איך וויל אײַך, הער פּאַפּאַ, צו וויסן טאָן, אַז ניט געקוקט וואָס איך מוז זיך אָנערקענען, לויט אײַער לעצטן בריוו, אַלס אייזל, האָב איך, נעמלעך, פיל זאָרג, פיל אַרבעט, שווערע פליכטן און אַבסאָלוט ניט קיין וואָרעם ערטעלע. אונדזער שעף האָט אונדז שטאַרק געטאַדלט, ווי מיר וואָלטן געווען שולדיק, וואָס די אָרטסגעבירטיקע באַפעלקערונג איז אומדיסציפּלינירט, שטעלט ניט צו דעם אָרויפגעלייגטן אויף איר פּראָדוקטן־שטײַער, און ווי מיר וואָלטן געווען שולדיק אין די סטודענטישע אומרוען, צוליב וועלכע מען האָט געמוזט שליסן דעם אוניווערסיטעט. אויסער דעם איז דאָ אין שטאָט געשען אַ ניט קיין דערלאָזלעך געשעעניש. עס זענען, נעמלעך, זיך צעלאָפן די מוידן פונעם... זאָל מיר דער הער פּאַפּאַ אַנטשולדיקן, אויב איך וועל זיך דערלויבן אָנצושרײַבן אַזאַ אומאָנשטענדיק וואָרט, ווי „שאַנדהויז". עס זענען זיך, נעמלעך, צעלאָפן די מוידן פונעם שאַנדהויז פאַרן דײַטשישן מיליטער, און מיר האָבן, אויסער דעם שטרענגן אויסרייד, באַקומען דעם באַפעל צו קאָנטראָלירן די מוידן, מיט וועלכע מיר וועלן האָבן צו טאָן. נעמלעך, קאָנטראָלירן זייערע לינקע אונטערשענקלען נידעריקער פון קני. אויף דער אינעווייניקסטער זײַט דאַרף דאָרטן זײַן אײַנגעטאַטווירט אַ געהעריקער צייכן און נומער. נאָר ווי זאָל איך קאָנטראָלירן? די פראַו מאַמאַ האָט מיר פאַרווערט האָבן צו טאָן מיט פרויען, ביז איך וועל הייראַטן דאָס אומשולדיקע מיידל, וואָס זי וועט מיר צוקלײַבן פון אַן אַדעליק הויז.

און אויסער דעם, קומט אונדז שווער אָן די קאָלאָניזירונג פון די דראָ־בערטע געביטן. דאָס הייסט, אונדז פּערזענלעך גייט עס, אַ דאַנק גאָט און דעם פירער, אַדאָלף היטלער, אויסגעצייכנט. מיר זענען אײַנגעקוואַרטירט אין ערשטקלאַסיקע וווינונגען פון ערגעץ דעפּאָרטירטע ייִדן, לעבן צו צוויי אין אַ צימער. דאָס געזעץ וועגן „איינטאָפּ־עסן"* גילט ניט פאַר אונדז, און מיר באַקומען טעגלעך — זופּ און פליש, מאַרמעלאַד און געלן קעז אין זילבער־פּאַפּיר, וואָס אי ער שטינקט, אי ער איז געשמאַק. נאָר באַזעצן פּאַרשטייערס פון דײַטשישן בלוט אין די היגע געגנטן גייט זיך זאָוויזאָ ניט אײַן. אונדזער שעף האָט וועגן דעם פּאַרווערט צו פּלאַפּלען און באַפוילן בעסער וואַרפן אָן אויג אויף אַלץ, וואָס טוט זיך אַרום אונדז, עס זאָל ענדלעך אײַנגעשטעלט ווערן רו און אָרדענונג.

און וואָס עס קערט זיך אָן די סערוויזן, איז שולדיק העלמוט, מײַן צימער־קאַמעראַד. דאָס איז ער, דער עקלעקטיקער, וואָס האָט מיר זיי אונ־טערגערוקט. ער אַרבעט אין דעם באַקליידונג־אָפּטייל פון אונדזער שטאַב און פאַרשטייט גאָרניט אין דער געשיר־בראַנזשע. דערצו ליגן אים אין קאָפּ די ווערק, וועלכע ער שאַפט. ער וויל, נעמלעך, ווערן אַ שרײַבער, איז נאָר ער טראַכט, נאָר ער שרײַבט. און איך בין דאָך קורצזעיִק, האָב איך, נעמלעך, ניט באַמערקט די דעפעקטן. כ'נעם אָן די רעקלאַמאַציע און בײַ דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט וועט אַלץ אויסגעפּאַרריכט ווערן, ווײַל איצט ווייס איך שוין אַלץ.

און כ'וויל מען זאָל וויסן וועגן די אויסצייכענונגען. מען דאַרף אויספילן אַ וויכטיקע פאַרן פּאָטערלאַנד העלדנטאַט, דעמאָלט קריגט מען זיי. אַזוי האָט געמאָלדן אונדזער שעף. האָב איך איצט די ערע אײַך צו מעלדן, גנעדיקער הער פּאַפּאַ, אַז אַזאַ טאַט וועל איך אומבאַדינגט אויספילן, אַזוי העלפט מיר גאָט און דער פירער.

מיטן היטלער־גרוס און הויכער אַכטונג —

אײַער זון ווילהעלם ערנסט מאַריאַ פאַן קעפּען, יוניאַר."

בכדי דער בריוו זאָל וואָס גיכער אָנקומען צום אַדרעסאַט, איז ווילהעלם אַוועק אים אַראָפּלאָזן אויף דער צענטראַלער פּאָסט. ווען ער האָט זיך אומגעקערט, איז אין צימער שוין געווען העלמוט. אַ קליינער, נאָך קלענער

* עסן איין געריכט צום מיטאָג.

ווי שטענדיק, איז ער געזעסן פאַררוקט אין אַ ווינקל לעבן זײַן בעטשאַפקע און בײַ דער שײַן פונעם נאַכטלעמפּל עפּעס געשריבן אין אַ דיקן העפט.

ווילהעלם איז אים באַפאַלן, גענידלט פאַר דעם, וואָס ער האָט אים אונטערגערוקט דאָס שלימזלדיקע געשיר.

— קאָנסט זײַן אַזוי פרײַנדלעך און מיר ניט שטערן? — האָט העלמוט קאַלטבלוטיק געפרעגט און אַפילו ניט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, ניט אָפּגעריסן זיך פון העפט און אַלץ ווײַטער געשריבן, געשריבן.

באַמיִענדיק זיך אײַנצוהאַלטן די טרערן, אַנגעקוואָלענע פון פאַרדראָס, האָט ווילהעלם נאָך מער זיך אויפגעקאָכט, נאָך שטאַרקער געשטויסן זידל־ווערטער און געפאָכעט מיט געבײַלטע פויסטן.

העלמוט איז אויפגעשפּרונגען אַ טויט בלאַסער, אויפגערעגטער, אַרײַנגעוואָרפן דעם העפט אין שופלאַד פון זײַן שאַפקע און אַרויסגעלאָפן פון צימער, ווי אַנטרינענדיק פון עפּעס ניט־גוטס.

ווען ס׳גיט זיך אים אײַן, וואָלט ווילהעלם מיט איין זעץ נאָקאָוטירט דעם דאָזיקן גאָרנישט! זײַן גליק, וואָס ער, העלמוט, איז אָפּגעצויגן אָן אַ וואָרט צו ענטפערן, אַנטלאָפן ניט פאַרלעשנדיק דאָס טישלעמפּל; געלאָזט אַפילו שטעקן דעם שליסל אינעם שופלאַד. געוויינטלעך פאַרשליסט ער אים, באַהאַלט זאָרגעוודיק דעם שליסל אין קעשענע און קיין מאָל דערלויבט ער ניט אַ קוק טאָן, וואָס ער שרײַבט דאָרטן.

אויף די שפּיץ פינגער איז איצט ווילהעלם צוגעגאַנגען צו דער טיר און זי פאַרשלאָסן. צוגעלאָפן צו העלמוטס שאַפקע, אַרויסגענומען דעם העפט. אויף זײַן הילע איז מיט אַ האַסטיקן און נאַכלעסיקן כּתב געווען אָנגעשריבן: „טאָגבוך". ווילהעלם האָט אַ מיש געטאָן די בלעטלעך און זיך פאַרהאַלטן אויף דער לעצטער פאַרנאָטירונג, אָפּגעמערקט מיט דער הײַנטיקער דאַטע. אָ, גאָט, וואָס דאָ טוט זיך!

ווילהעלם האָט זיך אָנגעשפּיצט. ער האָט אָנגעצונדן זײַן העלן טישלאָמפּ, זאָרגעוודיק אויסגעווישט די ברילן־גלעזער, און נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל איבערגעלייענט די שרעקלעכע שורות, וואָס האָבן אים אין גאַנצן צערודערט. ניין, די אויגן פאַרפירן אים ניט... אַ כאַפּ געטאָן אַ ריין בייגעלע פּאַפּיר, האָט ער, ניט טראַכטנדיק וועגן קאַליגראַפיע, גענומען שרײַבן:

„געערטער הער פּאַפּאַ!

נאָר וואָס האָב איך אַראָפּגעלאָזן אַ בריוו צו אײַער היכוווילגעבוירן און כ׳מוז שוין שרײַבן אַ נײַעם בריוו. איך האָב דאָרטן, געמלעך, דערמאָנט מײַן צימער־קאַמעראַד העלמוט, וואָס איז שולדיק אין די ניט־געראָטענע סערוויזן און וואָס פאַרשמירט מיט זײַן שרײַבעכץ, דערצו נאָך מיט זײַער אַ שלעכטער האַנטשריפט, גאַנצענע העפטן. פון דאָרטן וועל איך עפּעס איבערשרײַבן. אום צו ווײַזן, וואָס ער שרײַבט. כ׳וואָרן אָבער, אַז קיינער זאָל, גאָט באַהיט, זיך ניט דערוועגן צו דענקען, אַז דאָס זענען מײַנע ווערטער. אַלץ איז העלמוטס און איך טו זיי אַרײַננעמען אין קלאַמערן פון אָנהייב ביז צום ענד. און אָט וואָס ער שרײַבט:

(הײַנט האָב איך זיך איבערצײַגט, אַז ס׳איז ניטאָ קיין גאָט. ווען ער וואָלט יאָ עקסיסטירט, וואָלט ער ניט דערלאָזט ס׳זאָל געשען דאָס, וואָס איך האָב הײַנט געזען מיט די אייגענע אויגן. מײַן נשמה, אויב אַזאַ איז פאַראַן, האָט ניט מער קיין רו און וועט ניט האָבן! ניט וויסנדיק וואָס אַנדערש צו טאָן, בין איך אַוועק צום פּאַסטאָר פון דער היגער עוואַנגעלישער קירך. כ׳האָב אים דערציילט, אַז אין די ראַמען פון מײַן אַרבעט אינעם קליידער־אָפּטייל פונעם קאָלאָניזירונג־שטאַב בין איך הײַנט בײַגעווען... אין אונדזער טערמינאָלאָגיע ווערט עס אָנגערופן „אַקציע צו שאַפן לעבנסרוים פאַר דער דײַטשישער נאַציע". כ׳האָב אָבער געזען אַזוינס, וואָס איך האָב גאָר מורא צו שילדערן, ווײַל כ׳וועל איינפאַך פון זינען אַראָפּגיין, אויף ס׳נײַ אויפשטעלנדיק אין מײַנע געדאַנקען דאָס גרוילבילד. דער פּאַסטאָר האָט מיך געדולדיק אויסגעהערט און געפּרוּווט באַרויִקן מיט אַזעלכע רייד: „אַן בלוט־פאַרגיסונג קאָן ניט זײַן קיין פאַרגעבונג. דאָס איז דער פינגער פון אַלמעכטיקן, גאָטס שטראָף פאַר זינד, וואָס אַלע מיר באַגייען..." כ׳בין פון אים אַרויס... ניין, כ׳בין געלאָפן, פילנדיק ווי עמעצער האַקט מיך איבערן קאָפּ און טרײַבט, טרײַבט... כ׳פאַרשטיי ניט, פאַר וואָס שטראָפט גאָט פאַר אונדזערע זינד אין גאַנצן פרעמדע מענטשן, מעגן זיי זײַן ייִדן. איך פרעג: מיט וואָס האָבן זיך פאַרזינדיקט זויגקינדער, וועלכע מען האָט — נאַקעטע, שרײַענדיקע, לעבעדיקע און אויף באַגנעטן אַרויפגעכאַפּטע — געשלײַדערט אין גריבער און פאַרוואַלגערט מיט די נאַקעטע קערפּערס פון זייערע צעשאָסענע עלטערן? און מיר, ווי שאַקאַלן, זענען געווען אָנגעפּאַרן צו לאָדן אין מאַשינען די קליידער און דעם שוכוואַרג פון די אומגעבראַכטע... ניין, ניטאָ קיין גאָט!)

דאָס אַלץ, ליבער הער פּאַפּאַ, האָב איך וואָרט אין וואָרט, זאָרגעוודיק און פּינקטלעך איבערגעשריבן פון העלמוטס דיקן העפט, וואָס ער רופט אָן „טאָגבוך", אַזוי העלפט מיר גאָט. איך מיין, אַז אַזעלכע ווי העלמוט זענען שולדיק אין אַלע אונדזערע שוועריקייטן. זיי האָבן קיין רעכט ניט צו געהערן צום קאָלאָניזירונג־שטאָב. מאָרגן גאַנץ פרי וועל איך וועגן זיין שרייבעכץ מאַכן די געהעריקע מעלדונג אונדזער שעף.

מיט דייטשישן גרוס — הייל היטלער!

אייער זון ווילהעלם ערנסט מאַריאַ פאָן קעפּען, יוניאַר."

געענדיקט שרייבן און איבערשרייבן, אַוועקגעלייגט העלמוטס העפט אויף זיין אָרט, האָט ווילהעלם זיך דערפילט מיד, שטאַרק מיד. נאָר אָפּרוען זיך איז ניט געווען קיין צייט. ער האָט אַוועקגעאײַלט מיטן בריוו צו דער צענטראַלער פּאָסט.

אויפן צוריקוועג איז ער געגאַנגען איבער דער גאַס מיט אַ שטאָלץ פאַרריסענעם קאָפּ און ניט געזען קיין גלייכן צו זיך. דער פאָטער וועט אים מער ניט רופן „אייזל" אָדער „בלינדע באַשעפעניש"! און דער שעף... ווילהעלם האָט אַ הירזשע געטאָן פון הנאה. זיינע אויגן זענען אָנגעקוואָלן מיט טרערן. דאָס מאָל אָבער — פון פרייד.

הייבנדיק זיך איבער די טרעפּ אין זייער הויז, האָט ער דערזען פאַר אים גיין די יונגע פרוי צי פריילין, וועלכע ער טרעפט דאָ שוין צום ווייפלטן מאָל. מאָדנע באַשעפענישן די אָרטיקע איינוווינערס, ווייסן ניט, אַז ווען קולטורעלע מענטשן באַגעגענען זיך אויף טרעפּ, באַגריסן זיי זיך, מעגן זיי אַפילו ניט זיין באַקאַנט. פאַר דייטשן איז דאָס באַגריסן זיך אַ זעלבסט־פאַרשטענדלעכ־קייט, אָבער ניט פאַר דער דאָזיקער פרוי צי פריילין, וואָס הייבט זיך אויף די טרעפּ פאַר אים. איצט האָט זיין בליק זיך געגליטשט פון איר רוקן און טאַליע אַראָפּ צו די פיס. ער האָט באַמערקט... ניט געקוקט אויף זיין קורצ־זעיִקייט האָט ער קלאָר געזען: דורכן זיידענעם זאָק לייכט זיך דורך אַ באַנדאַזש. אַ באַנדאַזש אויף דעם לינקן פוס אַ ביסל נידעריקער פון קני, דאָרטן, וווּ ס'ווערן באַצייכנט יענע מוידן, וואָס שטילן די גלוסטונג פון דייטשישע מיליטער־לייט. געוויס איז די דאָזיקע איינע פון די, וואָס זענען זיך צעלאָפן פון יענעם אַנשטאַלט, אויסגעברענט די טאַטוירונג, אַרומגעבונדן די וווּנד...

מוראדיק שטאַרק האָט געגומען פויקן ווילהעלמס האַרץ. ס׳האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז די וואָס גייט פאַר אים, הערט די פויקערײַ און דעריבער האָט זי פאַרגיכערט אירע טריט. אָט איז שוין דער אַרײַנגאַנג אין זײַן קוואַר־טיר. איז ער געבליבן שטיין. כּלומרשט זיך אַ פּאָרע געטאָן מיטן שליסל און האַסטיק אַראָפּגעצויגן די שטיוול. די סקריפּענדיקע זוילן, באַשלאָגן מיט אײַזערנע קעפּלעך, וועלן איצט אים ניט קאָנען אַרויסגעבן. אין די סקאַרפּעטן, מיט די שטיוול אין די הענט, איז ער אַרויפגעלאָפן ביזן לעצטן שטאָק, ווו ס׳איז פאַרשווונדן די פרוי אָדער פרײַלין מיטן באַנדאַזש אונטערן קני. ווו איז זי אַרײַן? אויפן לעצטן טרעפּן־אָפּזאַץ זענען געווען דרײַ טירן. גאָט צו דאַנקען: ס׳האָט אַ קלימפּער געטאָן דער פאַררוקער אויף איינער פון זיי. ווילהעלם האָט אײַנגעקריצט זיך אין זכּרון: וווינונג נומער 12.

אַרײַנגעפאַלן אין זײַן צימער, נאָך אַלץ אין די סקאַרפּעטן, האָט וויל־העלם זיך באַלד געזעצט שרײַבן דעם פאָטער אַ נײַעם בריוו.

„הער פּאַפּאַ!

אַנטשולדיקט מיר, וואָס איך האָב געגומען ווידער שרײַבן אײַך אַ בריוו, ווײַלכן איך וועל זאָפאָרט אָפּשיקן. איך בעט אַלע מײַנע בריוו לייענען לויט דער ריי, נעמלעך, לויטן פאַרלויף פון די געשעענישן. דאָס וועט זײַן בריוו נומער 3.

איך האָב די ערע מיטצוטיילן, אַז הײַנט האָב איך גליק. איך דערוויס זיך איין וויכטיקע זאַך נאָך דער אַנדערער. מאָרגן פרי וועל איך וועגן אַלץ מעלדן אונדזער שעף און איך גלייב, אַז מען קאָן שוין איבערגעבן דעם געערטן הער אָרטס־גרופּענפירער, אַז איך דין לויטן בעסטן וויסן און געוויסן אונדזער טויזנטיאָריקן דריטן רײַך און זײַן פירער, וואָס גאָט האָט אונדז אַראָפּגעשיקט. פאַר מײַנע דינסטן וועל איך, אָן צווייפל, באַלוינט ווערן. איך וועל אויספירן אַ זייער וויכטיקע פּאַטריאָטישע טאַט. דאָס איז דערווײַלע אַ געהיימניש. אָבער אין גיכן וועט עס ווערן אויס געהיימניש. און געגוג מיך רופן „אייזל״!

איך קוש דעם הער פּאַפּאַ און פראַו מאַמאַ.

מיט דײַטשישן גרוס „הייל היטלער!״ און הויכער אַכטונג —

אײַער זון ווילהעלם ערנסט מאַריאַ פאָן קעפּפּען, יוניאָר.״

און ווידער איז ער געלאָפן מיטן בריוו אויף דער צענטראַלער פּאָסט.

צוריקגעקערט זיך אַהיים, האָט ער אין צימער שוין געטראָפן העלמוטן. אין דעם אָנטאָן, אין די שטיוול איז ער געלעגן אויף זײַן ניט אויסגעבעטן געלעגער, צונויפגעדרייט אין אַ קנויל, און שווער געשנאָרכט. אַוודאי זיך אָנגעטרונקען. גוט, זייער גוט, וואָס ער פּאָפּט.

אויסגעשעפּט פון די אַלע איבערלעבונגען און מיד פון שרײַבן בריוו, אָבער צופרידן, שטאַרק צופרידן פון הײַנטיקן טאָג מיט אַלע זײַנע פּאַסי־רונגען, האָט ווילהעלם גענומען זיך אויסטאָן. ער איז געגאַנגען שלאָפן אַ גליקלעכער. קענטיק, אַז ס׳איז טאַקע אַזוי: אויב קיין שוואַרצע קאַץ לויפט דיר דעם וועג ניט אַריבער און מיט ליידיקע עמערס באַגעגנט דיך קיינער ניט, אויב ס׳איז ניט פרײַטיק און ניט דער דרײַצנטער טאָג אין מאָנאַט, איז דער טאָג אומבאַדינגט אַ מזלדיקער.

אויף מאָרגן איז ער זייער פרי אַוועק צום שעף. דער אונטער־שטורמ־פירער האָט אים אויסגעהערט און... ניט קיין לויבווערטער, נאָר שטראָפרייד און זידלערײַען האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אויף ווילהעלמען. פאַר וואָס איז ער, אַזאַ אידיאָט, אַזאַ קרעטין, אַזאַ טויגעניכטס, אַזאַ שלימזל באַלד ניט געקומען מעלדן אַזעלכע וויכטיקע ידיעות?! דער אונטער־שטורמפירער האָט זיך אַפילו ניט געשטערט אים אָנצורופן „אייזל״... טרערן האָבן אַ שפּאַר געטאָן ווילהעלמען פון די אויגן. אים איז באַפוילן געוואָרן אָפּצוטראָגן זיך, און ער איז געווען זיכער, אַז זײַן פאַרשאָלטענע נאַטור צו וויינען האָט אַלץ קאַליע געמאַכט.

אויסגעלאָזט האָט זיך אָבער... סוף טאָג האָט דער אונטער־שטורמפירער געלאָזט רופן ווילהעלמען צו זיך און שוין גאָר אַנדערש גערעדט מיט אים. העפלעך האָט ער געזאָגט, אַז אויך אויף ווײַטער זאָל ער האָבן אַזאַ שאַרפן בליק, ווײַל אַזעלכע אויגן, ווי זײַנע, זענען זייער נייטיק דעם קאָלאָניזירונג־שטאָב און דריטן רײַך. לאַנג האָט אים דער שעף פאַרהאַלטן און אַלץ אויפ־געקלערט.

נאָך דער אַרבעט איז ווילהעלם אַפילו ניט געגאַנגען עסן. ער האָט זיך פאַרשפּאַרט אין צימער, אַרײַנגעלאָזט דורכן פענצטער די מחיהדיק אָפּפרישנ־דיקע פרילינגלופט און געשריבן דעם פאָטער אַ נײַעם בריוו:

„פּאַפּאַ!

איך קאָן דיר צו וויסן טאָן, אַז דײַן זון איז, נעמלעך, גאָר קיין אייזל ניט,

ווי דו האָסט אים אָנגערופן און קוואַליפיצירט. און אויך ניט קיין בלינד באַשעפעניש! און גענוג מיך אַזוי צו באַטיטלען! לויט די ווערטער פון מײַן שעף, זענען אַזעלכע אויגן ווי מײַנע, זייער בײַטיק דעם דריטן רײַך! מען האָט נעמלעך, געמאַכט אַן אונטערזוכונג אין העלמוטס שאַפּקע און געפונען! אויסער דעם אָרט וועלכן איך האָב וואָרט אין וואָרט איבערגעשריבן, האָט מען אין זײַנע שריפטן געפונען נאָך און נאָך אַנדערע הויך־פאַררעטערישע ערטער, און דער פאַררעטער העלמוט געפינט זיך שוין אין אַרעסט.

בײַ דער פרוי צי פרײַלין פון דער וווינונג נומער 12 האָט מען ניט געפונען קיין וווּנד אויף דעם אָרט, ווו ס׳וווערן געצייכנט יענע מוידן, וואָס מיט זייער נאָמען וויל איך ניט פאַרשוועכן מײַן בריוו. דערפאַר האָט מען בײַ איר יאָ געפונען אַ ניט רעגיסטרירט פּיריאָריק מיידעלע, וואָס רעדט יידיש. געוויס פון דער היגער געטאָ אַרויסגעשמוגלט. די פרוי און דאָס מיידעלע האָט צוגענומען געסטאַפּאָ. און אונדזער שעף, דער הער אונטער־שטורמפירער, האָט געזאָגט, אַז מען וועט, נעמלעך, קאָנען ריידן וועגן באַלוי־נען מיך מיט אַן א.ק.־2.

הײַל דעם פירער! הײַל היטלער!

דײַן זון ווילהעלם ערנסט מאַריאַ פאָן קעפּען, יוניאָר.״

דעם הײַנטיקן לייענער בלײַבט נאָר צו דערקלערן, אַז א.ק.־2 איז אַן אויסצייכענונג פאַר קריגספאַרדינסטן — „אײַזערנער קרייץ פון צווייטן קלאַס״.

# שטאַבס־פעלדפעבל האַנס פפאַנקוך

**אַ צערודערונג**

דעם שטאַבס־פעלדפעבל האַנס פפאַנקוכס פליישיקע נאַז האָט דערשנאַפּט אין די קאַרטאָפל־קעלערן עפּעס זייער פאַרדעכטיקס, עפּעס זייער ניט־גוטס, מען קאָן אַפילו זאָגן — געפערלעכס.

ניט איין קעלער און ניט צוויי. אַ גאַנצע סיסטעם אונטערערדישע מאַגאַזינען איז עס געווען, אַ טייל פון אַ קאָמפּלעקס מיליטערישע אינטענדאַנטור־בנינים, וואָס געבויט האָט מען זיי אַ מאָל, אין די צאַרישע צײַטן. איצט האָט דאָ געוועלטיקט אַ צענדליק „דעראָבערער פונעם אָסטראָום", ס'הייסט, היטלערס זעלנער, מיט אַ לייטענאַנט אין דער שפּיץ. פול אָנגעשאָטן די קעלערן מיט קאַרטאָפל, האָט דער שטאַבס־פעלדפעבל צופרידן זיך געריבן די הענט:

— ניכטס צו מאַכן, אויך אין ליטע איז מען פלײַסיק געווען, מען האָט גוט געזייט. אָבער מיר, דעם פירערס סאָלדאַטן, און נאָר מיר געניסן פון דער גערעטעניש. זאָ, זאָ, דאָס, פאַרשטייט איך, איז אַ ראַציאָנעלע אַרבעט־פאַרטיילונג! אַנדערע זייען — מיר שנײַדן!

פפאַנקוך האָט געקוואָלן פון זײַנע שאַרפזיניקע רייד. נאָר איצט, אַז דער ווינטער האָט אַ בושעווע געטאָן מיט שניי און פרעסט, איז — נאַ דיר אַ געשיכטע! נאָר... גאָרניט! קיינער וועט ניט אָפּנאַרן זײַן חוש־הריח! קיין זאַך וועט זיך ניט אויסבאַהאַלטן פון זײַן וואַכיקן און שאַרפן בליק. ער וועט, ער וועט!

קאָמפּגרייט געשטימט, האָט דער שטאַבס־פעלדפעבל אַריבערגעטראָטן די שוועל פון זײַן שעפס קאַבינעט. אַרויסגעוואָרפן אין דער הייך די רעכטע האַנט צום „דײַטשישן גרוס", וויפל די כּוחות האָבן דערלויבט — אויסגעצויגן זײַן נידעריק געפּאַקט גופל, אַ קלאַפּ טוענדיק דערבײַ מיט די אָפּצאַסן פון די ביז שפּיגלגלאַנץ אָפּגעפּוצטע שטיוול, האָט פפאַנקוך אָפּגעראַפּאָרטירט:

— הײַל היטלער! די קאַרטאָפל פוילן, הער לייטענאַנט!

דער יונגיטשקער, אויסגעכאָליעטער, בלייכהויטיקער לייטענאַנט וואָס איז געזעסן בײַם שרײַבטיש, האָט גלײַכגילטיק אַ בורטשע געטאָן „הײַל" און זיך ניט מטריח געווען אַ ריר צו טאָן פון אָרט. זײַן קאָפּ מיט די העל בלאָנדע האָר, אָנגעשמירטע מיט ברילִיאַנטין און מיט אַ שרונט אין סאַמע מיט, האָט אויסגעזען ווי צוגעקלעפּט צום גוף. פון צײַט צו צײַט פלעגט בלויז אַ צוק טאָן זײַן לינקע, אין שראַמען צעפּאַסעוועטע באַק, וואָס האָט געטראָגן אויף זיך די שפּורן פון שטורמישע סטודענטישע הוליאַנקעס און בלוטיקע דועלן.

— די קאַרטאָפל פוילן? נאָך אַ נײַעס! — האָט ענדלעך אומצופרידן אַרויסגעמרוקעט דער לייטענאַנט, אויסשטשירענדיק צוויי גרויסע אַרויס־סטאַרטשענדיקע פאַדערשטע ציין.

— יאַוואָל! אַזוי איז'ס, הער לייטענאַנט! — האָט אונטערטעניק דער־קלערט פּפאַנקוך און ווידער אַ קנאַק געטאָן מיט די אָפּצאַסן און אַזוי הילכיק, ווי צוויי בירבאָקאַלן וואָלטן זיך צונויפגעשטויסן: „פּראָזיט!". יאָ, ווייניק ווער ס'האָט זיך געקאָנט מיט אים פאַרגלײַכן אין אָפּגעבן מיליטערישן רעספּעקט העכער־ראַנגיקע.

אָבער ווי נאָר דער לייטענאַנט האָט אַ הייב געטאָן דעם קאָפּ און מיט זײַנע גרינע אויגן זיך אײַנגעדרעלעוועט אין פּפאַנקוכן, איז דעם שטאַבס־פעלדפעבלס האָפערדיקייט אויסגעוועפּט געוואָרן.

די ברוסט אויסגעשטעלט, די הענט צוגעדריקט צו די היפטן, איז פּפאַנ־קוך געשטאַנען פאַר זײַן שעף, ניט טוענדיק קיין ריר מיט אַן אָבר, קיין פינטל מיט אַן אויג. אָבער אינעווייניק האָט עס אין אים געוויירט: וואָס קוקט אויף אים אַזוי דער לייטענאַנט? אפשר געפעלט ניט דעם דאָזיקן זויגלינג זײַן, פּפאַנקוכס, ניט הויכער וווּקס, דער צו שטײַף אָנגעצויגענער רימען אַרום זײַנע פולבלעכע לענדן? צי די אויפשריפט „גאָט מיט אונדז" אויפן שנאָל פונעם רימען שאָקירט אים? אמת, פּפאַנקוכס אויסזען איז ניט גרויסאַרטיק. דאָס אָנערקענט ער אַליין. אָבער דער שעף זײַנער ווייסט דאָך, אַז ניט דאָס אויסערלעכע אויסזען, נײַערט די עכטע סאָלדאַטישע האַלטונג, די ברוסט — פאַרויס, דער בויך — אויף צוריק, איז דעצידירנדיק. ס'איז דער ערשטער מערקמאָל פון אַ פאַרשטייער פון דער אַרישער ראַסע. דערצו

ווייסט דאָך אויסגעצייכנט דער לייטענאַנט, אַז ער, פפאַנקוך, האָט צוגעשטעלט זײַן „שטאַמבאַום״, דעם דאָקומענטאַלן באַווײַז פונעם נאָרדישן גערמאַנען־בלוט, וואָס פליסט אין זײַנע אָדערן. דעם אַרישן אָפּשטאַם זײַנעם באַשטעטיקט אויך דאָס געלבלעכע בערדל, דאָס בערדל וואָס ער האָט בכוונה זיך פאַרלאָזט. עס דאַרף דינען ווי אַ קעגנוואָג צו די טונקעלע אויגן, טונקעלע ברעמען און דעם קרענצל טונקעלע האָר, וואָס באַזוימט זײַן פליך...

— וואָרום דאָס זינלאָזע שטאָרן אויף אַן אָרט ? — האָט דער לייטענאַנט געמאַכט אַ סוף צו פפאַנקוכס איבערטראַכטענישן.

דער שטאַבס־פעלדפעבל האָט ווידער אַ קנאַק געטאָן מיט די אָפּצאַסן און, ווי געוויינטלעך, בעת ער האָט ניט וואָס צו זאָגן קאָנקרעטס, אויסגערופן :

— יאַוואָל, הער לייטענאַנט !

— וואָס הייסט, יאַוואָל ?

— יאַוואָל, אַזוי איז׳ס, זיי פוילן !

— וואָס הייסט, זיי פוילן ? ! — די קאַטעגאָרישקייט מיט וועלכער דער לייטענאַנט האָט געשטעלט די פראַגע, האָט מען געקאָנט טײַטשן אַזוי : „וואָס פאַר אַ רעכט האָבן די קאַרטאָפל צו פוילן ? ווער האָט זיי דערלויבט ? נאָר דײַטשן דערלויבן און פאַרווערן !״

אַבסאָלוט אײַנשטימענדיק דערמיט, אַז די קאַרטאָפל האָבן ניט געטאָרט אָנהייבן פוילן אָן דער דערלויבעניש פון די דײַטשישע מאַכטהאָבערס, האָט פפאַנקוך זיך געגעבן אַ צי אויס און אויסגלאָצנדיק די אויגן, דערקלערט :

— מען דאַרף זיי איבערקלײַבן, הער לייטענאַנט !

דעם לייטענאַנט האָט עס אַ וואָרף געטאָן אויף צוריק, ווי די רער פון אַ האַרמאַט נאָכן אויסשיסן. זײַן בליק, ווי דער אַרויסגעשאָסענער שראַפּנעל, האָט ענדגילטיק פריטשמעליעט דעם צעטומלטן שטאַבס־פעלדפעבל.

אַוועק אַ שיינע רגע, ביז פפאַנקוך האָט באַנומען זײַן שולד. ווי האָט ער זיך דערוועגט ? ווי האָט ער פאַרגעסן, אַז אַן אונטערגעאָרדנטער דאַרף נאָר אויספילן באַפעלן און ניט רוקן דעם שנאָבל אין זאַכן פון מלוכישער קאָמפּעטענץ, כאָטש, דעם אמת געזאָגט, איז זײַן שנאָבל, דערצו נאָך אונטערן שטאַבס־פעלדפעבלשן קאָזירעק מיט דער זילבערנער אָרומזוימונג, שוין גאָר ניט אַזוי געמיין, פאַרט פון אַ ראַסנריינעם אַריער און אַ פּראָפעסיאָנעלן מיליטער־מאַן דערצו !

פלוצעם האָט דער לייטענאַנט זיך אויפגעשטעלט און אונטערשטרײַכנדיק יעדן טראַף, באַוויליקט צו באַפעלן:

— די קאַרטאָפל דאַרף מען איבערקלײַבן! פאַרשטאַנען?!

— יאַוואָל, הער לייטענאַנט, איבערקלײַבן! — האָט פּפּאַנקוך אויסגעשריִען מיט אַ געפיל פון פאַרלײַכטערונג און שוין געהאַט אויפגעהויבן די האַנט צום געזעגענונג־גרוס.

נאָר דאָ האָט דער לייטענאַנט אַ פרעג געטאָן:

— וואָס פאַר אַ שיינהייט האָט איר זיך אײַנגעשאַפט, הער שטאַבס־פעלדפעבל?

ווי עס פּאַסט פאַר אַן אונטערגעאָרדנטן, האָט פּפּאַנקוך, ניט פאַרלירנדיק קיין מינוט, אָפּגעראַפּאָרטירט:

— זי צירעוועט שטרימפּפּע, זאָקן, הער לייטענאַנט!

— ווי אײַער דירעקטער שעף איז מײַן פליכט אײַך צו וואָרענען, — האָט דער לייטענאַנט באַלערעוודיק אויסגעצויגן, גלײַך אַ פּאַסטאָר בעתן פריידיקן אין דער קירך, — איך וויל אײַך וואָרענען, אַז די „ראַסן־שאַנדע־געזעצן" זענען אַקטועל. געזעצן בלײַבן געזעצן! אויף אײַנצושפּאָרן פּאַפּיר אויף אַנטשולדיקונג־דעקלאַראַציעס און באַדויערונג־דערקלערונגען וויל איך, אויסדריקלעך באַטאָנענדיק די ערנסטקייט פון דער זאַך, אַן איבעריק מאָל אײַך אָפיציעל פאַרשלאָגן די דינסטן פונעם ראַסיש־קאָנטראָלירטן באָרדעל פאַר אונטער־אָפיצירן, וואָס איז געעפנט אין שטאָט. פאַרגעסט ניט, אַז ראַסן־שאַנדע... בײַ דער געלעגנהייט, ווי אַלט איז דאָס מיידל?

— זיבעצן!

פּפּאַנקוכס שלאַבעריק אַראָפּגעהאַנגענע באַקן האָבן געפלאַמט. משמעות צוליבן אָפּבראָקן אַ באַשײַמפערלעכן ליגן — דערלייגט דעם מיידל אַ פּאָר יאָרעלעך.

— זיבעצן? — האָט איבערגעפרעגט דער לייטענאַנט. — דעמאָלט, אַלזאָ, געדולד. געדולד, הער שטאַבס־פעלדפעבל! אין יאָר אַפּוואַרטן און די קאַרש וועט צײַטיק ווערן לויטן געזעץ.

— דאָס מיידל צירעוועט זאָקן, פּרעסט אויס אַ העמד, הייצט דעם אויוון. נו, און באַדינט דאָנאַרן, ס'הייסט מײַן הונט. אויך מײַנער אַ דערצויגלינג. אויסער דעם, כ'וויל קיין זאַך ניט פאַרהוילן, אויסער דעם דינט זי מיר פאַר

אַ מאַדעל, ווען איך גיב מיך אָפּ דער קונסט! — האָט, שוין זאָגנדיק אַן אמת, מיט אַ געוויסן שטאָלץ פאַרענדיקט פפאַנקוך.

— אַ מאַדעל? געוויס פאַר ספינקסן... — האָט אַ שמייכל געטאָן דער לייטענאַנט צום ערשטן מאָל אין משך פון זייער דיאַלאָג. — איר קאָנט גיין צו אײַערע ספינקסן, הער שטאַבס־פעלדפעבל!

— יאַוואָל, הער לייטענאַנט! הײַל היטלער! — פפאַנקוך האָט אַרויס־געוואָרפן זײַן רעכטע האַנט אין דער הייך און זיך אויסגעקערעוועט מיט אַזאַ קוראַזש, אַז דער געפּלאַכטענער, איבער זײַן ברוסט אַריבערגעהאַנגענער זילבערנער שטאַבס־פעלדפעבל־שנור האָט זיך הויך אַ הייב געטאָן אין דער לופט.

פונעם לייטענאַנטס קאַבינעט איז פפאַנקוך אַרויס אַן אויסגעפּאַרעטער. אָפּגעלאָזט דעם רימען, וואָס האָט אומברחמנותדיק צונויפגעקוועטשט דעם בויך, אַרויפגערוקט דאָס שטײַפע פאַראַד־היטל מיטן גרויסן גלאַנציקן דאַשעק אויפן קאָפּ און מיט אַ טאַשן־טיכל גוט אָפּגעריבן דער פאַרשוויצטן שטערן, האָט ער שווערלעך אַוועקגעשפּרײַזט צו זיך אין קוואַרטיר.

פון אַלע אומאָנגענעמע רייד וועלכע ס׳איז אים אויסגעקומען אָקערשט אויסצוהערן, זענען אים באַזונדערש ניט געפעלן די לעצטע ווערטער פונעם שעף. וואָס איז יענער אויסן געווען מיט די ספינקסן? וואָס אַזוינס אויב ער, פפאַנקוך, האָט נעכטן אויסגעקנאַטן פון פרישן שניי אַ זיצנדיק געשטאַלט — האַלב לייב, האַלב פרוי מיט אַנטבלויזטע בריסט? בײַ זיך אין דיסעלדאָרף, נאָך יענעם וועלטקריג, פלעגט ער קלעפּן אַ סך גרעסערע אַזוינע פיגורן און פלעגט נאָך אָנהענגען אויף זיי די אויפשריפט: „דײַטשלאַנדס האָסער פּואַנקאַרע, זאָלסט צעגיין ווי אָט דער שנעע״.

וואָס פאַר אַ שײַכות דער דעמאָלט באַרימטער פראַנצייזישער פּאָליטיקער האָט געהאַט צו זײַנע שנייפיגורן, האָט פפאַנקוך ניט געפּרוווט זיך דערקלערן. נאָר דער שניי איז טאָקע צעגאַנגען, פונעם באַרימטן פּאָליטיקער איז קיין זכר ניט געבליבן, און פראַנקרײַך — אַ געשענדטע ווײַבספּאַרשוין אין אַ צעריסן העמד — ליגט שוין פאַר דײַטשלאַנד אויף די קני... באַלד וועט אויך דערגיין די ריי פון רוסלאַנד. דאָס וועט געשען, ווי אין ערשטן פאַל — בליצשנעל, אומפאַרמײַדלעך און מיטן דירעקטן אַקטיוון אָנטייל פון אים, דעם פאַרדינסטפולן שטאַבס־פעלדפעבל האַנס פפאַנקוך.

**פאַר וואָס פוילן די קאַרטאָפל?**

ווי שטענדיק, אַזוי אויך נאָך דער פריער איבערגעלעבטער צערודערונג, האָט פּפאַנקוך געפונען אין זײַן קוואַרטיר — דעם אָפּגעזונדערטן איינצימער־דיקן מויערל — אַן אָפּרו־ און שוץ־אָרט פון באַדרענגעניש.

דאָס מויערל מיט די פון אויסן אָפּגעקרישלטע ציגלווענט, באַדעקטע מיט גרויע פלעקן, ווי מיט לישײַעס, איז געשטאַנען אין אַ העק פון דעם אַרומגעצוימטן מיליטערישן ראַיאָן. צו וואָס האָבן די צאַרישע בוימײַסטערס מיט יאָרצענדליקער צוריק אויפגעשטעלט דאָס דאָזיקע הײַזל, איז שווער צו זאָגן. פּפאַנקוכן איז אויסגעקומען, אַז שוין דעמאָלט האָט די געטלעכע השגחה — די פאָרזעונג, ווערדליק דעם פירערס באַצייכענונג — געטראַכט וועגן זײַן, דעם שטאַבס־פעלדפעבלס זיכערע אײַנקוואַרטירונג צווישן פײַנד אויף פרעמדער ערד. פון דרויסן וועט קיינעם ניט אײַנפאַלן, אַז דאָ וווינט עמעצער. אינעווייניק, אונטערן נידעריק אַראָפּגעלאָזטן, קרייצפאָרמיק גע־וועלבטן סופיט, הינטער דער שווערער פאַנצערטיר, הינטער די עטלעכע שמאָלע, מיט אײַזערנע פּרענטן פאַרקראַטעוועטע פענצטערלעך האָט ער זיך געפילט באַשיצט, און זײַנע נערוון פלעגן זיך באַפרײַען פון געשפּאַנטקייט. דאָ איז צו יעדער צײַט מיט אים דער געטרײַער דאָנאַר, זײַן אויסגעהאָדע־וועטער, געפּעסטעטער און אויסגעדרעסירטער וואָלפהונט.

אין דער שטענדיקער סומנעקייט פון זײַן קוואַרטיר פלעגט פּפאַנקוכן אַרומכאַפּן אַ גרויס געפיל: ער זינקט אַראָפּ אין די טיפענישן פונעם אַמאָל, אין די סודותפולע לאַבירינטן פון די פאַרגאַנגענע יאָרהונדערטער, ווו ער דערפילט דעם אָטעם פון זײַנע ריינראַסיקע אוראורעלטערן. דאָ פלעגט נאָך מער זיך שטאַרקן זײַן איבערצײַגונג, אַז ער הערט די שטים פון זײַן אַריש בלוט, און אַז יעדער קלאַפּ פון זײַן פולס ווערט געבענטשט דורכן אומברח־מנותדיקן דײַטשישן גאָט, וואָס קיין קראַפט אין דער וועלט קאָן זיך אים ניט אַנטקעגנשטעלן. דאָ פלעגט ער, מער ווי ווו ניט איז אַנדערש, דערשפּירן אין זיך דעם איבערמענטש...

פּפאַנקוך איז געווען איבערצײַגט, אַז אונטער אַזעלכע געוועלבן ווי אין זײַן מויערל, האָבן אַ מאָל געלעבט די גערמאַנישע ריטערס, וואָס האָבן אָנגעהויבן דורכלייגן פאַר דער דײַטשישער נאַציע איר גורל־וועג קיין מיזרח. אין ענלעכע ציטאַדעלן האָבן זיי געהאַלטן פאַרקאָוועטע אין אומשולד־

גאַרטלען זייערע ווײַבער און געהיימע האַרצדאַמען. אויך ער האָט דאָס יונגע מיידל געהאַלטן אונטער שלאָס־און־ריגל.

— איי, דו! דער טײַוול ווייסט, ווי מען האָט דיך דאָרטן אָנגערופן בײַם קריסטיקן! — האָט פפאַנקוך זיך צעהאַלדערט אַרײַנקומענדיק צו זיך אין שטיבל.

דאַנאַר איז לויט דער געוווינטשאַפט געלאָפן אים אַנטקעגן, האַסטיק פאָכענדיק מיט אַ פאַרשטײַפטן עק, ווי אַ פּאַמפּעדיקל. זיך געשטעלט אויף די הינטערשטע לאַפּעס, די פאָדערשטע אַרויפגעלייגט אויף די אַקסלען פונעם בעל־הבית, האָט דער הונט שוין געוואָלט אַ לעק טאָן דעם שטאַבס־פעלד־פעבלס בערדל. דאָס מאָל האָט אים פפאַנקוך בייז אָוועקגעטריבן. אַ באַליי־דיקטער, מיטן עק אונטער זיך איז דער הונט פאַרשוווּנדן אין זײַן ווינקל.

פון איר אָפּגעצוימטן ווינקל האָט זיך באַוויזן אַ פלאַקסהאָריק אויסגע־צערט מיידל אין אַ געל קאָפּטל איבער אַ לאַנג בלוי קלייד.

— פון איצט אָן וועט מען דיך רופן — גרעטכען! דאָס, פאַרשטייִ איך, ז'אַ נאָמען! — האָט אויסגערופן פפאַנקוך, אַ שלײַדער טוענדיק אויף זײַן סאָפע דאָס פאַראַד־היטל. אויסגעטאָן דעם ענגן מונדיר, אַראָפּגעלאָזט די הויזן־שלייקעס, האָט ער שטרענג אָנגעזאָגט דעם מיידל: — אַלזאָ גרעטכען, פון איצט אָן שטענדיק האָב גרייט זאָקן, מײַנע וואָלענע זאָקן, פאַרשטאַנען? ווי נאָר דעם לייטענאַנט, דערזעסט, דערהערסט אים פאַרבײַגיין, גלײַך כאַפּ צירעווען זאָקן. פאַרשטאַנען?

דאָס מיידל האָט, ווי געוויינטלעך, ניט רעאַגירט אויף זײַנע רייד, כאָטש ער האָט מיט פּלערליי זשעסטן געפּרוּווט איר דערקלערן, וואָס ער מיינט. ווער ווייסט, צי זי וועט ווען ניט איז אים ריכטיק פאַרשטיין. איז פפאַנקוך אַראָפּגעזונקען אין נידעריקן, מיט לעדער באַדעקטן זייער ווייכן פאָטעל בײַ אַ טישל און אַנטשוויגן געוואָרן. ניט געשוויגן האָבן די מחשבות אין זײַן מוח...

קיינער האָט אים ניט געכאַפּט פאַר דער האַנט און קיינער האָט ניט קיין רעכט אים אויפצוואַרפן, אַז ער פאַראומריינִיקט דײַטשיש בלוט. דאָס מיידל איז צו יונג, עס זאָל איבער הויפּט אויפקומען אַ חשד... האָט עס אים פאַרט אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ: דעם אומשולד־צייכן האָט ער דאָך פון איר אָוועקגענומען! דערמיט אָוועקגענומען זײַן אומשולד־אַליבי. בלײַבט פעסט־צושטעלן, צי מען קאָן אים באַשולדיקן אין ראַסן־שאַנדע. אָט אין וואָס עס גייט!

ווער איז דאָס מיידל ? ווי הייסט זי אין דער אמתן ? ווער האָט זי פּראָ־דוצירט ? ווען ער האָט בײַ נאַכט, אינעם ברענענדיקן דאָרף זי דערזען אַרומ־לויפן אין איין העמד, באָרוועס, מיט צעשויבערטע האָר, איז קיין צײַט ניט געווען צו דערגיין, ווער זי איז און ווער זענען אירע פּראָדוצירערס. ער, אַ צער־בעלי־חיימניק פון פאַרן קריג, אַן אַקטיווער מיטגליד פונעם „טירשוץ־פאַראיין, אָפּטיילונג הינט", האָט דאָס מיידל אַרײַנגענומען אין מאַשין, ווו מען האָט געלאָדן די געקוילעטע חזירים, דעם געררייכערטן און געזאַלצענעם שפּעק, די הינער, אייער און געגנדז... דאָס איז געשען ערגעץ אין „אָסטלאַנד", בײַ עפּעס אַ מאַלאַדעטשנאַ... ווער לעבט דאָרטן ? ווײַסרוסן, רוטענער, ליט־ווינער ? ע, סיוזי מיסט... איין זאַך איז קלאָר : זײַן טראָפּיי, גרעטכען, איז בלאָנד, האָט גלײַכע פלאַקסהאָר און אַ פאַרריסן נעזל — אַ ריין נאָרדישער טיפּ. און שוין דאָס, וואָס זײַן, פפאַנקוכס, אַריש בלוט גלוסט דאָס מיידל, איז דער בעסטער באַווײַז, אַז ס'פאַרמאָגט איבער געגוג ראַסן־ריינקייט.

כּדי ענדגילטיק זיך צו איבערצײַגן, אַז ער ווערט ניט פאַרפירט פון קיין בייזווייליקע כּוחות, ווי אויך ווערלנדיק האָבן אַ וויסנשאַפטלעכן באַווײַז פאַר דער פולווערטיקייט פונעם מיידל, האָט ער באַשלאָסן אָפּצוקאָנטראָלירן די וויכטיקע ראַסן־קריטעריע — איר אויער־נאָז־ליניע. באַפוילן איר זיך צוצושפּאַרן מיטן רוקן צו דער וואַנט און בלײַבן אַזוי שטיין, דעם בליק פאַרויס, שטרענג געצילט אין איין פּינטל, האָריזאָנטאַל מיט די אויגן.

ערנסט און קאָנצענטרירט, ווי דורכפירנדיק אַ באַטײַטיקן ריטואַל, האָט פפאַנקוך דורכגעצויגן אַ שנירל קווער דעם מיידלס פּנים — פון איין אונטערשטן אויער־לעפּל ביזן צווייטן. דאָס שנירל איז דורכגעגאַנגען העכער פאַרן נידעריקסטן פּונקט פון דער נאָז. זייער גוט, פּרעכטיק — עכט אַריש !

בלײַבט די פראַגע פון איר עלטער. ווען מען קאָן עס אָנגיין, וואָס דאָס מיידל איז, לאָמיר זאָגן, צו יונג ? ווער, צום דאָנערוועטער, קאָן פאַרווערן ? פאַר אַן ערלעכן דײַטש גילט איין געבאָט — דעם פירערס ווילן ! און דער פירער, צי ליגן אים אין קאָפּ אַזוינע נאַרישקייטן, ווי דעם לייטענאַנטל, ווען מען גײַסטיקע ראַסן־ריינקייט וואָלט מען גאָר געדאַרפט אַ קאָנטראָליר טאָן ?! ווען מען האָלט אונטער דאָס דאָזיקע אָפּיצירל ? און דער פיזישער ווילשטאַנד פון דעם פירערס סאָלדאַטן גייט אים גאָר ניט אָן ? דער לייטע־נאַנט איז פּשוט מקנא, וואָס אים, דעם שטאַבס־פעלדפעבל, פאַרבײַט דאָס

מאכלדיקע העלהאָריקע פלאָטערל זײַן ווײַב — די פעטלײַביק־צעפלאָסענע ליזעלאָטע, וואָס פילט אים אָן אַ פולע בעט מיט פאַרזײַערט פלייש. און אַז ער האָט דאָס מיידל בײַ דער זײַט, דאַרף מען זיך ניט אַרומשלעפּן, ווי דער לייטענאַנט שלאָגט פאָר, איבער שאַנדהײַזער. אויך אָן דעם האָט ער, פפאַנקוך, גענוג דינסטלעכע זאָרג. פאַרלירט ער ניט אומזיסט קיין צײַט און אַלע זײַנע כּוחות קאָן ער אָפּגעבן דעם זיג פונעם דײַטשישן פאָלק און זײַן וואָפן!

ניין, דער לייטענאַנט באַגרײַפט ניט דעם פּאַטריאָטישן זינען פון פפאַנקוכס אויפפירונג, זוכט אַ דאָרן אין יענעמס אויג און זינדיקט אַליין טאָג־טעגלעך קעגן דעם נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם, אַוועקלאָזנדיק מיטן ווינט דאָס, וואָס איז נייטיק פאַר דער אייביקייט פון דער גערמאַנישער ראַסע. אָט... פון די אָנגעוואָרפענע ביכער אויפן שרײַבטיש האָט דער שטאַבס־פעלדפעבל אַרויסגעשלעפּט דעם נײַעם „סאָלדאַטן־קאַלענדאַר״ און נאָך אַ מאָל אויפ־געמישט דעם פירערס הייליקעווענדונג צום פאָלק: „דער נייטיקער טויט פון די בעסטע מענער אויפן שלאַכטפעלד איז פאַרן דײַטשישן פאָלק נאָך ניט דאָס ערגסטע. ערגער איז דאָס אויספעלן פון קינדער, וואָס וועלן אין גאַנג פון קריג דורך די לעבעדיקע און נאָכן קריג דורך די טויטע ניט פּראָ־דוצירט ווערן. די אַלטע קלוגשאַפט, אַז שטאַרבן רויִק קאָן נאָר דער, וואָס האָט געבראַכט קינדער אויף דער וועלט, דאַרף הײַנט ווערן אַ געבאָט פאַר אַלע מענער אין דײַטשלאַנד, באַזונדערש פאַר די סאָלדאַטן. ווער עס לאָזט ניט קיין קינדער נאָך זיך, איז אַ דעזערטיר פונעם פאָלקישן פראָנט!״

אָט, וואָס דער פירער זאָגט! ער, פפאַנקוך, האָט ערלעך אויסגעפילט דעם חוב פאַרן פאָטערלאַנד, באַרײַכערנדיק עס מיט גאַנצע פינף ראַסן־ריינע נפשות. אמת, ניט מיט קיין סאָלדאַטן, נאָר מיט מיידלעך... און דער לייטע־נאַנט? דער דאָזיקער דעזערטיר פונעם פאָלקישן פראָנט דערוועגט זיך קומען מיט באַשולדיקונגען... רעדט עפּעס וועגן ספינקסן...

פפאַנקוך האָט איצט אַ כאַפּ געטאָן דעם „סאָלדאַטן־ווערטערבוך״. אים געגומען מישן, אונטערברומענדיק דעם מאַרש „הײַנט געהערט אונדז דײַטש־לאַנד מאָרגן — די גאַנצע וועלט!״. נאָר באַלד איז אַ טאַקט פון דער האָפער־דיקער מעלאָדיע געבליבן אים שטעקן אין האַלדז. ער האָט געלייענט, אַז אַ ספינקס, ספינקס... לויטן גריכישן מיטאָס — אַ געשפּענסט, וואָס מאָרדע־וועט מענטשן, אַ טויטדעמאָן...

דער שטאַבס-פעלפעבל האָט אָוועקגעשלײַדערט דאָס בוך, איז אויפגעשפּרונגען און אויפן קול גענומען זידלען דעם לייטענאַנט:

— זויגלינג! מילכשנאָבל! ביסט אַליין אַ ספינקס, אַ טויטדעמאָן! אין איצטיקן קריג האָב איך נאָך קיין מענטש ניט געטייט! די אינטענדאַנטור, די ווירטשאַפט, די באַזע פאַרן זיג פון דײַטשישן וואָפן איז מײַן ספּערע... טייטן איז אײַער פאַך, הער שעף, און פון דער געסטאַפּאָ...

אַרויסברענגענדיק דאָס לעצטע וואָרט, איז פפאַנקוך פאַרציטערט געוואָרן, אויטאָמאַטיש זיך אויסגעצויגן, די הענט צוגעפּלעטשט צו די היפטן, און אין צימער האָט בראַוו אויפגעקלונגען דער קנאַק פון זײַנע אָפּצאַסן...

„פאַר וואָס פוילן אָבער די קאַרטאָפל?״ — די דאָזיקע פראַגע האָט איצט אַריבערגעשריִען אַלץ אויף דער וועלט. איז שולדיק דער ווינטער? די קעלט? זענען אַליין די קאַרטאָפל שולדיק? אָדער אַזוי וויל דער גורל, וואָס האָט באַגליקט דאָס דײַטשישע פאָלק מיטן אַראָפּשיקן אים דעם פירער, אַדאָלף היטלער, און געטראָגן זײַנע דײַטשישע אַרמייען פאָרויס און צײַטווײַליק זיי פאַרהאַלטן...

אַזוי איז עס און ניט אַנדערש! ער, דער שטאַבס-פעלדפעבל האַנס פפאַנקוך, האָט דאָ די קלענסטע שולד. ער, אַ פּראָפעסיאָנעלער מיליטער-מאַן, האָט שטענדיק געטרײַ געדינט יעדערער פון גאָט אַראָפּגעשיקטער מאַכט. ער איז געהאָרכיק, ווייסט און דערפילט זײַנע פליכטן מיט פאָרכט און אַבסאָלוטן אָפּגעבן זיך דער זאַך.

פון דעסטוועגן האָט ער זיך דערפילט ניט מיט אַלעמען.

— גרעטכען! — האָט ער אומגעדולדיק אויסגעשריִען. — קאַווע!

ביז וואָס ווען איז ער צוגעגאַנגען צום געטראַנקען-אַלמערל און געגעבן עטלעכע הילכיקע זופּן קאָניאַק דירעקט פון דער פלאַש. דערפילט אַן אָנגענעם ברענעניש אין ברוסט, האָט ער באַשלאָסן מער זיך ניט צו גריבלען. סײַ ווי טראַכט דער פירער פאַר אַלעמען. ער, פפאַנקוך, וועט ליבערשט אויספילן באַפעלן.

„מען דאַרף די קאַרטאָפל איבערקלײַבן!״ — האָט אָפּגעהילכט דער באַפעל, אַן אַראָפּגענידערטער פון העכערע ספערעס.

יאַוואָל, ער נעמט זיך דערצו!

## אַן אויסוועג

מיט אַ גרילץ האָבן זיך אויפגעשלאָסן די לאַנג ניט געריריטע שלעסער. שווער האָבן זיך אונטערגעגעבן די פאַרזשאַווערטע ריגלען. נאָך שווערער האָבן זיך געריריט פון אָרט די קעלערטירן גופא. ס'האָט אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן זיך געשטעלט אַנטקעגן די יעניקע, וואָס קלײַבן זיך אַרײַנדרינגען אין די אונטער־ערדישע באַהעלטענישן און אויפדעקן די דאָרטן פאַרבאָרגענע סודות.

פּפאַנקוכס ווײַטערדיקע שריט האָבן עדות געזאָגט וועגן זײַן פונדאַ־מענטאַלער אויסגערעכנטקייט. מיט אַן עלעקטרישן פּראָזשעקטאָר האָט ער לאַנג אַרומגענישטערט אין די קעלערן, ביז ער האָט זיך איבערצײַגט: די קאַרטאָפל זענען פאַראומרייניקט. פול מיט שמוץ. און פוילן...

צום שלאַקס־דאָנערוועטער! ער האָט זיך דערמאָנט, ווי די פּויערים און זיי צו הילף — די קריגס־געפאַנגענע, האָבן אויסגעלאָדן די קאַרטאָפל. כלומרשט געסטאַרעט זיך אויפצוקלײַבן פון דער ערד דאָס לעצטע קאַרטאָ־פעלע, און פאַקטיש אַנגעשלײַדערט בלאָטע אין די קעלערן, ווײַל גערעגנט האָט עס. דערצו האָט עמעצער פאַרשטאָפּט מיט שטרוי די ווענטילאַציע־קאַנאַלן!

דער שטאַבס־פעלדפעבל איז אַזוי צעקאָכט געוואָרן, אַז ער האָט זיך געכאַפּט צו זײַן פאַראַבעלום. ער שווערט בײַם פירער, אַז ניט געקוקט אויף דעם, וואָס ער, פּפאַנקוך, איז געווען אַ מיטגליד פונעם „טירשוץ־פאַראיין", וואָלט ער איצט אַן צערעמאָניעס דעם ערשטן אָרטסגעבירטיקן און קריגס־געפאַנגענעם, וואָס וועלן אים קומען פאַר די אויגן, אַרײַנגעזעצט אַ קויל אין נאַקן. אָן מיטלייד! ער איז ניט קיין אידיאָט און פאַרשטייט, אַז מען קאָן אים צושטעקן: „בראַווע דײַטשישע סאָלדאַטן האָבן זייער בלוט פאַרגאָסן, לענדער אײַנגענומען, און איר, שטאַבס־פעלדפעבל, האָט דערלאָזט די קאַרטאָפל זאָלן אונטערגיין!" מען קאָן אים אויך אויפוואַרפן, אַז אַנשטאָט געטרײַ צו דערפילן דינסטפליכטן, עסקט ער זיך מיט הינט און מינעריאַריקע, ראַסיש אומקלאָרע הווהס טעכטער.

ניט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות, האָט ער אַליין גענומען אַרויסשלעפּן דעם שטרוי פון די ווענטילאַציע־קאַנאַלן. יעדן טאָג צו ביסלעך, וועט ער זיי אויסרייניקן. אָבער וואָס וועט זײַן מיט די פאַרפוילטע קאַרטאָפל? ער טאַפּט אָן איינע, אַ צווייטע — ווייך, אַ קאַשע... ווו נעמט מען מענטשן זיי אפּצוקלײַבן און אַרויסוואַרפן? מענטשן!

פפּאַנקוך פלעגט זיך אַן עצה געבן אין די שווערסטע סיטואַציעס. אויך דאָס מאָל איז אים איינגעפאַלן אַ דערלייזערישער געדאַנק: ייִדן! ייִדן פון געטאָ — אומזיסטע אַרבעטקראַפט! באַוואַכטע מיט געווער וועלן זיי אָפּטאָן, וואָס נייטיק.

געווען איז בלויז איין חסרון: מען האָט ווידער געדאַרפט אָנקומען צום לייטענאַנט. נאָר פפּאַנקוכן, קאָן מען זאָגן, איז געגאַנגען מיט דער פּוטער אַרויף. צופעליק האָט ער געטראָפן זיין שעף, בעת יענער האָט וויזיטירט דעם ראַיאָן פון די שפּייז־מאַגאַזינען.

יאָ, ס'מזל האָט צוגעשפּילט אונדזער שטאַבס־פעלדפעבל. צערעמאָניעל באַגריסט זיין שעף, האָט ער אָנגעהויבן:

— ניט מיינענדיק פון פּאַרויס צו באַווירקן די הויכע מיינונג און די צו דערוואַרטנדיקע באַפעלן פון דעם הער לייטענאַנט, דערוועג איך זיך פאָרצושלאָגן, דער הער לייטענאַנט זאָל באַוויליקן צו דערלויבן נעמען ייִדן אויף איבערצוקלייבן די קאַרטאָפל.

דעם לייטענאַנטס גרינע אויגן האָבן פון אונטער דעם אַראָפּגערוקטן דאַשעק אַריינגעשאָסן אין פפּאַנקוכן צוויי שטאָלענע פיילן:

— ייִדן?!

— יאַוואָל, הער לייטענאַנט! אומזיסטע אַרבעטקראַפט! ביי די קריגס־געפאַנגענע הערשט טיפוס. געפערלעך זיי צוצולאָזן צו שפּייז!

דער לייטענאַנט האָט זיך אַ רגע פאַרטראַכט. דאָס איז געווען אַ סימן, אַז ער האָט ניט וואָס צו דערווידערן. פפּאַנקוך האָט שוין טריומפירט. נאָר אומגעריכט האָט זיין שעף אַ פרעג געטאָן:

— איז דעם הער שטאַבס־פעלדפעבל ניט באַוווסט, אַז ייִדן פאַרפּעסטיקן די לופט שוין אַליין מיט זייער אָטעם? און דערפאַר מוזן מיר אָפּראַמען די וועלט פון זיי! — אָפּגעוואַרט אַ ווייל̈ע האָט ער באַטייטפול אויפגעהויבן דעם ווייזפינגער: — לאַטיין — פּאָעטאַר יודאַיקוס! ייִדיש גערוך!

פפּאַנקוך איז געווען פאַרטשמעליעט. צום טייוול! ווי אַזוי האָט ער עס ניט געוווסט? ווייל ס'איז לאַטיין? קענטיק, אַז די ראַסן־לערע זיצט נאָך ניט גענוג פעסט אין זיין מוח. פון דעסטוועגן איז ער באַלד געקומען צו זיך און סודותפול אָנגעהויבן:

— ייִדן באַווירקן מיינסטנס דעם גייסט. אים קאָנען זיי טאָקע פאַר־

פעסטיקן מיט זייער אָטעם. אָבער שפּעט זענען זיי ניט אין שטאַנד אָנצושטעקן.

דער לייטענאַנט האָט אויפגעהערט דיסקוטירן און זיך פאַרטראַכט. שעף און אונטערגעאָרדנטער האָבן שווײַגנדיק געמאַכט עטלעכע טריט. פּלוצעם איז דער לייטענאַנט ווידער אַרויס מיטן לשון:

— און ווער איז אייגנטלעך שולדיק?

דער שמועס האָט אָנגענומען אַ נײַע, פאַר פפאַנקוכן געפערלעכע ווענ־דונג. האָט ער געענטפערט, ווי סע פּאַסט פאַר אַ דורכגעדרונגענעם מיטן נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישן גײַסט:

— די פּאַרזענונג.

— איר זענט גאָטספאַרכטיק, הער שטאַבס־פעלדפעבל?

— אַלץ ליגט בײַ גאָט אין די הענט.

— בײַם קאַטוילישן?

— אויך אונדזער פירער איז פון געבורט קאַטויליש. מײַן גלויבן איז דער גערמאַנישער גאָט און זײַן געזאַלבטער — אונדזער פירער, הײַל!

דער לייטענאַנט האָט מיט קענטיקער גרינגשעצונג געהערט דעם שטאַבס־פעלדפעבל. אויפגעהויבן דעם קאָפּ, האָט ער מאַיעסטעטיש געשפּרײַזט, ווי באַגליקנדיק די ערד וואָס איז זוכה פון אים געטראָטן צו ווערן.

ווי אַ מיליטער־מאַן פון אַ נידעריקערן ראַנג, האָט פפאַנקוך אַרויסגעוויזן זײַן שעף די נייטיקע אַכפּערונג — געשפּרײַזט פון דער לינקער זײַט, האַלטנ־דיק זיך אויף אַ געהעריקן אָפּשטאַנד. צײַטנווײַז פלעגט ער אומרויִק אַ שיקל טאָן צום לייטענאַנט, אויף יענעמס אין שראַמען צעפּאַסעוועטער לינקער באַק, וואָס האָט, לויט פפאַנקוכן, צוגעגעבן דעם פּנים ווערדע, אָנזען, מענערשע שיינקייט. אים, דעם שטאַבס־פעלדפעבל, איז שוין ניט באַשערט צו דערגרייכן הויכבילדונג, אָנטיילנעמען אין דועלן און דערדינען זיך געפלאָכטענע זיל־בערנע אַפּיציר־שליפעס.

— די אַרויספאָדערונג אויף יידן וועט זײַן, — האָט אומדערוואַרט אַרויסגעזײַט דער לייטענאַנט, בלײַבנדיק שטיין לעבן אַ שנייספינקס, וואָס פפאַנקוך האָט געהאַט אויסגעקלעפּט אויף אַ קרייצונג פון וועגן. — דאָס איז אײַער קונסט, ניט אַזוי? קענטיק, איר האָט איבעריקע פרײַע צײַט. און פאַר וואָס בייגט דער ספינקס דעם קאָפּ? דערשפּירנדיק זײַן שולד, האָט ער זיך פאַרשעמט, וואָס?

— די זון איז שולדיק, הער לייטענאַנט. זי וואַרעמט.

ווען דעם לייטענאַנטס שטאָלטנע, ריטמיש זיך וויגנדיקע פיגור איז פאַרשוווּנדן, ווי זי וואָלט צעשמאָלצן געוואָרן אינעם שימער פון זוניקן ווינטערטאָג, האָט פפאַנקוך אויסגעלאָזט זײַן ביטער האַרץ צו דער אייגענער שאָפונג — צעבריקעט, צעטראָטן די שנייפיגור, געמאַכט זי מיט דער ערד צו גלײַך.

דערנאָך, אַרײַנפאַלנדיק צו זיך אין קוואַרטיר, האָט ער גענומען רײַסן פון די ווענט זײַנע מאָלערײַען — די בילדער פון נאַקעטע פרויען, וואָס ער האָט געצייכנט פון פאַרשיידענע גרעטעס און גרעטכענס, און די איבער־געקאָפּירטע פון פאַרנאָגראַפּישע קאַרטלעך. צעריסן אַלע צייכענונגען אויף פּיצלעך, אַז קיינער זאָל ניט קאָנען טײַטלען מיטן פינגער — קוקט, מיט וואָס מען פאַרנעמט זיך, אַנשטאָט אַכטונג צו געבן, די קאַרטאָפל זאָלן ניט פוילן.

עלנט איז געבליבן הענגען אויף דער גרויער, אָפּגעקראָכענער וואַנט דער פאָרטרעט פונעם דײַטשישן סאָלדאַט אינעם קיווער — ווי אַן איינציקער עדות פון פפאַנקוכס פאַרנעמען זיך מיט מאָלערײַ. דאָס האָמעטנע פּנים, די אויסגעסטאַרטשעטע אויגן האָבן, לויטן שטאַבס־פעלדפעבל, געדאַרפט אויס־דריקן אומבאַגרענעצטע קרבנותגרייטקייט, העלדישקייט און ליבע צום פאָ־טערלאַנד.

## ווידער פאַרברעכערס

פפאַנקוך האָט ממש געשטראַלט: אָט דאָס באַטײַט אָרדענונג! איטלעכן פּריי־מאָרגן ברענגט זיי אַ באַוואָפנטע וואַך — געבוי אויסגעצייילטע, אויסגעמוש־טירטע צו פיר אין אַ ריי. אויף דער ברוסט און אויפן רוקן איז בײַ יעדערן פון זיי צוגעפעסטיקט אַ גרויסער זעקסעקיקער געלער שטערן, אַ קענטלעכער פון דער ווײַט. בײַ טאָג אַרבעטן זיי, שטרענג באַוואַכטע; בײַ נאַכט פאַרשפאַרט מען זיי ווידער אין דער אָרומגעצוימטער געטאָ.

אַזאַ אָרדענונג געפעלט פפאַנקוכן גרײַלעך. ווען אַלע אײַנוווינערס פון די לענדער, איבער וועלכע ס׳פלאַטערט שוין די האַקנקרייץ־פאָן, ווערן אַזוי אַרײַנגענומען אין די הענט, וואָלט געוויס ניט פּאַסירט דאָס וואָס האָט פּאַסירט מיט די קאַרטאָפל. פאַר וואָס באַפעלט ניט דער פירער אַרײַנצוטרײַבן די אָרטסגעבירטיקע הינטערן שטעכלדראָט, אַלע ביז איינעם? נאָר פפאַנקוך

כאַפּט זיך: דאָס וואָלט געפּאָדערט צו פיל דײַטשישע קאָנוואָיִרן און וואַכלײַט. געדולד! נאָכן קריג, אַז דעם פירערס אַרמייען וועלן קומען פון פראָנט, וועט מען שוין וויסן וואָס צו טאָן!

און דערווײַלע האָבן די ייִדן איבערגעקליבן קאַרטאָפל. אַרויסגעטראָגן פון די קעלערן די איבערגעפירטע און צונויפגעוואָרפן זיי אין קופּעס. פּפאַנקוך פלעגט ניט זײַן פויל אַ קאָנטראָליר צו טאָן לויטן זייגער וויפל ס׳גע־דויערט, אַז אַ טרעגערפּאָר זאָל אַראָפּגיין אין קעלער מיט ליידיקן און אויפ־הייבן זיך מיט פולן. די פּאַרשפּעטיקטע האָט ער מכבד געווען מיט זײַן שפּיצרוט. ער פלעגט אויך אַראָפּטרײַבן די וואַכלײַט צו כאַפּן אַ קוק, וואָס עס טוט זיך דאָרטן אונטן. אַליין האָט ער עס ניט געטאָן. מעגלעך, אַז פון דעם וואָס די ייִדן אָטעמען אַרויס, פון דעם לאַטײַנישן פּאַעטאַר יודאַיִקוס, און פון דעם געררוך פון די פוילנדיקע קאַרטאָפל זאָל זיך שאַפן אין דער לופט אַ סובסטאַנץ, וואָס קאָן פאַרדאַרבעריש ווירקן אויף ראַסנריין בלוט...

די אַלץ וואַקסנדיקע הויפנס צעפוילטע קאַרטאָפל, אָנגעוואָרפענע אויפן שניי, האָבן גענומען שרעקן דעם שטאַבס־פעלדפעבל. וואָס וועט בלײַבן אין די קעלערן? ווו וועט ער נעמען קאַרטאָפל פאַר די מיליטערישע קיכן? די קאַזאַרמעס אַרום זענען אָנגעפּראָפּט. פון פראָנט ברענגט מען און מען ברענגט אין די שטאָטישע לאַזאַרעטן פאַרוווּנדיקטע. און ווו זענען די גע־ליטענע פון די רוסישע פרעסט? אויך דעם דאָזיקן אומנייטיקן סקאַרב שלעפּט מען אַהער. פאַרן פאַטערלאַנד איז עס אַן אַבסאָלוט איבעריקער באַלאַסט, און ער, פּפאַנקוך, דאַרף אַלעמען שפּײַזן, בעת די קאַרטאָפל־רעזערוון צעגייען ווי שניי אין דער וואַרעם. און דאָ ווי קאָן געמאָלט זײַן אַ דײַטשישער מעניו אָן קאַרטאָפל?

ניט אַנדערש, אַז אַליין די געטלעכע פּאַרזעונג האָט אַ שטופּ געטאָן פּפאַנ־קוכס האַנט אַ רודער צו טאָן מיט דער שפּיצרוט אין די הויפנס קאַרטאָפל־אָפּפאַל. דער פריִער פאַרבאָרגענער אומרו איז איצט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גרימצאָרן: אָ, שלאַקס־דאָנערוועטער, נאָך אַ מאָל! גוטע קאַרטאָפל זענען צונויפגעוואָלגערט אינעם אָפּפאַל! עך, די פאַרשאָלטענע ייִדישע אונטער־מענטשן!

פון אַלע קעלערן האָט ער געלאָזט צונויפטרײַבן די ייִדן, אויסגעשטעלט זיי אין אַ שערענגע. די וואַך, מיט די ביקסן אין שלאַכטגרייטקייט, האָט אויף

זײַן באַפעל פאַרנומען פּאָזיציעס אַרום זיי. ער אַליין, אין נאַפּאָלעאָנס פּאָזע — די פיס פונאַנדערגעשפּרייט, די רעכטע האַנט אַרײַנגעשטעקט אין לאַץ — האָט זיי אָנגעקוקט מיט אַ פינצטערן בליק פון אונטער האַריקע ברעמען. אָט זענען זיי, די וועלט־פאַרברעכערס! זיי שטייען מיט אָנטבלויזטע קעפּ, די היטלען אין די הענט. אַ פאַרשיידנפאַרביק געזעמל — צעפליקטע מאַנטלען, אָפּגעטראָגענע קורטקעס, שמוציקע רעקלעך, מיט שטריק אַרומגעגאַרטלטע שמאַטעס. די פּנימער — אָן אַ טראָפּן בלוט, ווי בײַ מתים. נאָר די אויגן ברענען פאַררעטעריש. געוויס מיניען זיך אין זיי פונקען פונעם טײַוולס פײַער. אָבער פּפאַנקוך איז דעם פירערס אַ זעלנער, וועלכן עס שרעקט ניט אַפּ דער טײַוול אַליין. איז ער אויפגעשפּרונגען און, ווי לאָזנדיק זיך אין אַטאַק, גענומען לויפן הין און צוריק לענג־אויס דער שערענגע, שפּריצנדיק און שלײַדערנדיק פלאַם־פײַער:

— און איר דערוועגט זיך נאָך! איר, וואָס איר זענט שוין, וועדליק דעם פירער, ניט מער ווי אַ מוזעאַלע זעלטנהייט! איר, וועמענס אָרט ס'איז בײַם אורפאָטער אַבראַהאַם! און די מערהייט פון אײַך איז שוין בײַ אים... יאָ, יאָ! פרייט זיך, אַז מען לאָזט אײַך פויזען אויף דער ערד. פאַרן דאָזיקן גנאָד דאַרפט איר אָפּדאַנקען מיט ערלעכער, מיט איבערגעגעבענער אַרבעט. און איר האָט...

דאָ האָט פּפאַנקוך זיך פאַרהאַקט. אַרום זענען געשטאַנען די וואַכלײַט, נאָך אַלץ מיט גרייטע ביקסן און געוואַרט אויפן באַפעל. דער שטאַבס־פעלדפעבל האָט זיך פאַרהאַקט? ס'הייבט זיך ניט אָן! פּפאַנקוך ווייסט, ווען צו שטעלן אַ פּונקט. ער זאָל אויספּלאַפּלען וואָס די יידן האָבן אָפּגעטאָן, וועט עס דערגיין העכער, צום לייטענאַנט. יענער וועט זיך פרייען, וואָס עס פאַלט אַזוי שענדלעך דורך די אַקציע צו ראַטעווען די קאַרטאָפל, פּפאַנ־קוכס פאַרגעשלאָגענע אַקציע, צו וועלכער דער שעף האָט צוגעשטימט.. די צונויפגעטריבענע יידן האָט דער שטאַבס־פעלדפעבל געדאַרפט זאָגן עפּעס זייער שטרענגס און אַזוינס וואָס זאָל זיי אָנשרעקן:

— וואַנצן זענט איר! צעקוועטשן דאַרף מען אײַך, קיין שפּור זאָל פון אײַער שטינקעדיק געביין ניט בלײַבן! כ'טראַכט אָבער ניט צו פאַרשמוצן מײַנע הענט מיט קרעציקע לומפּן! דער געסטאַפּאָ וועל איך אײַך איבערגעבן! דאָרטן וועט מען אײַך אויסלערנען אַרבעטן! אויף יענער־וועלט!..

— פון אײַלעניש קומט קיין גוטס ניט אַרויס! — האָט עמעצער פון דער שערענגע אַ זאָג געטאָן אין אַ גוטן דײַטש, הילכיק און דרייסט.

לויט זײַן אויפגעהויבענעם קאָפּ און צוקנדיקע קינבאַקן איז ניט שווער געווען צו דערקענען, ווער ס'האָט גערעדט. פּפאַנקוך איז געווען איבער גליקלעך, וואָס ער האָט אַ גוטע געלעגנהייט צו פאַרענדיקן די אָקערשט דורכגעפירטע דעמאָנסטראַטיווע לעקציע.

— דרײַ טריט פאָרויס, מאַרש! — האָט ער, אָנווײַזנדיק מיטן פינגער אויף דעם וואָס איז העזהדיק געווען, געגעבן אַ קאָמאַנדע. — דו וועסט גיין מיט מיר! און אַלע איר — צו דער אַרבעט! איך וואָרן! יאָ, איצט ווייסט איר שוין, ווי צו אַרבעטן, ווי... איבערצוקלײַבן קאַרטאָפל! אָרדענונג זאָל מיר זײַן בײַם קאַרטאָפל־סאָרטירן!

געשטויסן פון די ביקסן־קאָלבעס, זענען די ייִדן אַראָפּ אין די קעלערן. דעם פאַרזינדיקטן האָט דער שטאַבס־פעלדפעבל אַוועקגעפירט מיט זיך.

**דער פאַרהער**

ניין, ניט זײַן בעל־הבית האָט עס דאָנאַר אַזוי שטורעמדיק באַגעגנט. אַן אָפּגעפּיטערטער, ווי אַ קאַלב די גרייס, איז דער הונט טשירענדיק די ציין, מיט אַ בייז געברום אַרויסגעשפּרונגען פון זײַן אָפּגעצוימטע ווינקל און זיך געוואָרפן אויפן פרעמדן. אָט־אָט וועט ער אים איבערבײַסן דעם גאַרגל. אין דער לעצטער רגע האָט פּפאַנקוך באַפוילן:

— דאָנאַר, האַלט!

אויפגעריסן די געמבע, איז דער הונט געבליבן שטיין אויף די הינטער־שטע לאַפּעס, דערנאָך אויף אַלע פיר געגומען זיך דרייען אַרום דעם פרעמדן און מיט אַ געוווי באַקלאָגט דעם פעטן ביסן, וואָס איז אַרויסגעריסן געוואָרן פון זײַן מויל.

פּפאַנקוך האָט געקוואַלן: אָט דאָס הייסט דרעסור, מושטראַ! עקסטראַ קלאַסיש! זײַן מי איז ניט געגאַנגען אין ניוועץ!

דער אַרײַנגעקומענער איז געשטאַנען מיט אַן אַנטבלויזטן קאָפּ, ווי אַן אָפּגעמישפּטער. די געלע שטערן אויף זײַן ברוסט און רוקן האָבן ווי אָפּגע־שטעמפּלט דעם גזר־דין, וואָס איז שוין אויף אים אַרויסגעטראָגן געוואָרן.

דער הונט זאָל זיך ניט פּלאָנטערן אונטער די פיס, האָט אים פּפאַנקוך

מיט איין ווונק אַרײַנגעטריבן אין זײַן ווינקל. אַליין האָט ער זיך אַ וואָלגער געטאָן אויף דער ברייטער, זייער ווייכער, מיט גרינע פּרענדזלעך אַרומגעהאַנגענער פּליושענער סאָפע און צוגעטראָטן צום פּאַרהער:

— שפּרעכסטו דויטש?

— יאָ.

דאָס איז פּאַר פּפאַנקוכן ניט געווען קיין איבערראַשונג. ווענדליק דער העזהדיקער פּראַזע, וואָס דער דאַזיקער טיפּ האָט זיך דערוועגט אַרויסצוברענגען, האָט מען עס געקאָנט דערוואַרטן. דערצו מאַכט דער דאָזיקער קאַרטאָפל־סאָרטירער אַן אײַנדרוק פון אַ גאַנץ אינטעליגענטן מענטש. כאָטש זײַנע קליידער זענען אָפּגעטראָגן, דאָס פּנים — פאַרווינטיקט, פאַרגרעבט. ניין, ער זעט ניט אויס ווי קיין גאָרנישט, דער דאָזיקער ווועקסיקער, גוט געבויטער יונגער־מאַן מיטן הויכן שטערן, מיט דער שמאָלער גראָדליניקער נאָז, מיט די גרויע אויגן און אַש בלאָנדע האָר.

— און דו ווייסט אויף געוויס, אַז ביסט אַ ייִד? — האָט פּפאַנקוך זיך פאַרוווּנדערט. — האָסט אַ „שטאַמבאַום”, גענעאַלאָגישע דאָקומענטן? ביסטו זיכער, אַז דיך האָבן פּראָדוצירט דײַנע ייִדישע עלטערן? דו זעסט מיר אויס פאַרדעכטיק. ווי אַן אַריער... דערצו, זע איך, ביסטו דרייסט. ווי קומט צו וואַנצן דרייסטקייט?

דער יונגער־מאַן האָט גלײַכגילטיק געשוויגן.

— קום נעענטער. נעם דעם שטול. זעץ זיך! — אָפּגעבנדיק דעם דאָזיקן באַפעל איז פּפאַנקוך מיט קוראַזש אויפגעשטאַנען פון דער סאָפע.

דער יונגער־מאַן האָט געפאָלגט. זיך אַנידערגעזעצט.

— און איצט שטיי אויף!

ניט אָן אַ גרונט איז דער שטאַבס־פעלדפעבל מבולבל געוואָרן. וואָס טוט זיך דאָ? דער קערפּער פון דאָזיקן סעמיט איז ניט אַזוי געבויט ווי די ראַסן־טעאָריע לערנט. לאַנגע פיס, אַ גראָדער רוקן...

— נו, דריי זיך אַקאָרש אויס! — איז שוין פּפאַנקוך געוואָרן אומגעדולדיק. — ווײַז דײַנע אָפּצאָסן. המ... אָפּגעטראָטן פונקט אין דער מיט. ייִדן דאַרפן אָפּטרעטן די אָפּצאַסן אויף אויסן צו...

פּפאַנקוך האָט געוואָלט זיך איבערצײַגן, צי בײַם געפאָרשטן אָביעקט זענען די נעגל פּירקאַנטיק, די אויערן — אָפּגעשטאַנען. אַזוי דאַרף עס

טעאָרעטיש זײַן בײַ ייִדן. ער האָט געקאָנצענטרירט די „ויערן־נאָז־ליניע”. נאָר אויך זי האָט קיין דײַטלעכן ראַסן־באַווײַז ניט געגעבן — ניט אַהער, ניט אַהין.

— דו דאַרפסט... דאַרפסט אויסקלאָרן דײַן אָפּשטאַם, — האָט דער שטאַבס־פעלדפעבל געמורמלט. ס'האָט אים צערודערט דער פאַקט, וואָס אַלע מעטאָדן פעסטצושטעלן די ראַסישע צוגעהעריקייט, גיבן עפּעס ניט קיין ריכטיקן רעזולטאַט אין דעם אָ פאַל. ווו איז דער ראַסן־פאַקטאָר? ווו זענען די ראַסישע מינוס־וואַריאַנטן? דעריבער האָט ער אָ בורטשע געטאָן: — עפּעס איז דאָ ניט גלאַטיק.

פון דעסטוועגן האָט ער זיך געטרייסט: ס'זענען דאָך פאַראַן אויסנאַמען. צום בײַשפּיל, ער אַליין: אָ הונדערט פּראָצענטיקער אַריער און — טונקל־האָריק, נידעריק, מיט פּיס וואָס טרעטן אָפּ די שיך אויף אויסן...

וועלנדיק פאַרטושן די אומאַנגענעמע שפּירונגען, וואָס די איבערטראַכטעניש האָבן בײַ אים אַרויסגערופן, האָט דער שטאַבס־פעלדפעבל אָ קערעווע געטאָן דעם פאַרהער אין אָ נײַער ריכטונג:

— נו, און מיט וואָס האָסטו ביזן קריג געהאַנדלט?

— איך בין אָ קונסט־מאָלער.

— אָ קונסט־מאָלער?! אָ, דאָס איז בײַ אונדז אָ זייער אָנגעזעענער באַרוף. אַדאָלף היטלער איז אויך געווען אָ קונסט־מאָלער. איצט איז ער דער פירער. און איך אַליין דין אויף די מוזעס. כ'קלעפּ שנייפיגורן און האָב זיך געגעבן אָ וואָרט, אַז דעם קומענדיקן שנייספינקס וועל איך אויסקלעפּן אין מאָסקווע אָדער אויפן אוראַל. איך צייכן, איך מאָל. לײדער, איז מיר בלויז דער אָ פאָרטרעט געבליבן, — פפאַנקוך האָט מיט חשיבות אָנגעוויזן אויפן בילד פונעם סאָלדאַט מיט די אויסגעסטאַרטשעטע אויגן. — נו, און איבערצייכענען פאָסטקאַרטלעך אָדער, לאָמיר זאָגן, פּאָטאָס פאַרשטייסטו?

— כ'דענק, אַז יאָ.

האָט אים פפאַנקוך באַלד אונטערגערוקט אָ ריין שטיקל פּאַפּיר, אָ בלײַער, אָ גומי־מעקער. דערלאַנגט אָ פּאָטאָ:

— באַווײַז דײַן קענטשאַפט!

דער מאָלער האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט. מיט קינאה האָט דער שטאַבס־פעלדפעבל נאָכגעפאָלגט די פלינקע באַוועגונגען פונעם בלײַער.

ווי גערֿאָטן עס באַקומט זיך דאָס איבערגעצייכנטע בילד! אים, פּפאַנקוכן, אָפּן און ערלעך געזאָגט, גיט זיך קיין מאָל אַזוי ניט אײַן. ער מוז זיך אָב־שטרענגען, מוז נאָך אַנאַנד מעקן, פֿאַרריכטן. און ווידער מעקן. און דאָ — אַזוי גיך, דעם מעקער קיין מאָל אין האַנט ניט גענומען, און פֿונעם אָריגינאַל קוים צו אונטערשיידן די געמאַכטע צייכענונג. האָט ער ניט אויסגעהאַלטן און באַגײַסטערט אויסגערופֿן:

— דו האָסט טאַלאַנט!

— טאַלאַנט... — האָט ביטער אַ שמייכל געטאָן דער צייכענער. — וואָס איז שוין פֿונעם טאַלאַנט, אַז מען איז פֿאַרשפּאַרט אין געטאָ?

— און פֿון דאָרטן וועסטו קיין מאָל ניט אַרויס! — האָט געפּסקנט פּפאַנקוך.

ניט אומזיסט איז ער אַ פּראָפֿעסיאָנעלער מיליטער־מאַן און אין משך פֿון יאָרן אָנגעפּירט מיט אינטענדאַנטור־איינהייטן. געניט צו ציִען נוצן פֿון אַלץ און פֿון אַלעמען, האָט דער שטאַבס־פֿעלדפֿעבל באַשלאָסן: דער דאָזיקער טיפּ וועט צייכענען בילדער פֿון נאַקעטע פֿרויען אין אינטימע פּאָזעס, וועט פֿאַרגרעסערן פֿאָטאָס און ער, פּפאַנקוך, וועט די דאָזיקע פּראָ־דוקציע אָפּזעצן ווי אייגענע אַרבעט. מען ווייסט דאָך, אַז ער צייכנט. פֿון איין קאַמעראַד וועט ער פֿאַר אַ פֿאַרגרעסערטן פּאָרטרעט זײַנעם באַקומען אַ פֿלאַש קאָניאַק, פֿון אַ צווייטן — אונטערכאַפּן עפּעס פֿון די „אָרגאַניזירטע" ווערטזאַכן. וואָס וועט ניט אָפּגעבן אַ דײַטשישער סאָלדאַט פֿאַר אַ גלוסטעניש וועקנדיק בילד, צי פֿאַר אַן אָנדענק פֿון זײַן אָנטייל אין קריג, וואָס ער וועט שיקן אַהיים?

געבליבן איז צו באַטראַכטן, ווי באַגעגנט מען זיך מיטן מאָלער, עס זאָל קיין חשד ניט אַרויסרופֿן. פּפאַנקוך האָט ווידער געפֿונען, לויט זײַן מיינונג, אַ גרעניאַלן אויסוועג. דעם מאָלער וועט ער באַשטימען פֿאַרן עלטסטן פֿון די קאַרטאָפֿל־סאָרטירערס. יעדן אינדערפֿרי וועט ער דאַרפֿן קומען ראַפּאָרטירן, וויפֿל מענער, וויפֿל פֿרויען זענען אַרויס צו דער אַרבעט. פֿון אָוונט וועט ער מעלדן, וואָס זיי האָבן אויפֿגעטאָן פֿאַרן טאָג. ער, פּפאַנקוך, וועט ניט זײַן אַזוי פֿאַרשקלאָפֿט צו די פֿאַרשאָלטענע קעלערן, אין וועלכע עס געוועלטיקט דער ניט־גוטער. אָן דעם האָט ער איבער גענוג דינסטלעכע זאָרג: מאַגאַזינען, פֿערדשטאַלן און אַנדערע אָנשיקענישן.

— פון אײַלעניש קומט קיין גוטס ניט אַרויס ? ס׳הייסט, מען דאַרף ניט אונטערטרײַבן ? — האָט פּפאַנקוך געטראַכט אויפן קול. בײַ זיך איז ער שוין מסכּים געווען דערמיט, אַז מען דאַרף טאַקע ניט אַרויסיאָגן די נשמה פון די לעבעדיקע מתים, וועט די קאַרטאָפל־סאָרטירונג האָבן מער דערפאָלג. יאָ, ס׳זעט אויס, אַז דעם דאָזיקן מאַנספאַרשוין פעלט ניט קיין פאַרשטאַנד. האָט ער אים געפרעגט: — ווי רופט מען דיך ? — און זיך פאַרכאַפּט: — דײַן נומער ?

— פינף טויזנט נײַן הונדערט צוויי און זעכציק.

שווער צו פאַרגעדענקען, — האָט דער שטאַבס־פעלדפעבל אַ מרוקע געטאָן. — נאָר אייגנטלעך, איז אויך דער נומער ווערט אַ שפּײַ. איך באַשטים דיך פאַרן עלטסטן פון דײַן געזעמל לומפּן, פון דײַן אַרבעט־בריגאַדע און וועל דיך רופן... רופן... בריגאַדע־פירער... פוי, דאָס איז דאָך דער טיטל פון אַן עס־עס־גענעראַל... פון דײַן אַרבעט־קאָלאָנע... קאָלאָנען־פירער ? ניין, ניין ! וואַנצן קאָנען קיין פירערס ניט זײַן ! דיך וועל איך טיטולירן קורץ און שאַרף: מאָלער. זאָל זײַן אַזוי: מאָלער ! — פּפאַנקוך האָט ווי אויסגעפּרוווט דעם קלאַנג פונעם וואָרט „מאָלער”. — אַלזאָ, מאָלער, אויב ס׳וועט ניט ווערן אַן אַבסאָלוטע אָרדענונג מיט די קאַרטאָפל, וועל איך דיך דעם ערשטן באַזאָרגן מיט אַן אומזיסטן פאַרבילעט צו דײַנע אורעלטערן, זאָלסט קאָנען דאָרטן איבערקלײַבן זייערע קאַרטאָפל. פאַרשטאַנען ?! און מאַרש !

נאָך דעם ווי ער האָט אַרויסגעטריבן דעם אָקערשט עולה־לגדולה גע־בראַכטן ייִד, איז פּפאַנקוך צוגעפאַלן צו די פענצטערלעך און זיי אַלע אויפ־געפּראַלט. מען האָט געדאַרפט אויסלופטערן דעם צימער. מיט זײַן אָטעם האָט דער ניט־אַריער געוויס דאָ פאַרפּעסטיקט די לופט. ווי הייסט עס דאָרטן אויף לאַטײַן — פאָעטאָר, פאָעטאָר יודאַיִקוס, ייִדיש גערוך — אויף גע־ווײנטלעכן דײַטש, זעסטו, ווי אָפּגעהיט מוז זײַן אַ רײַנראַסיקער אַריער !

**זאָרג איבער זאָרג**

אויפן ערדקײַלעך זענען גאַנצענע וועלטן אויפגעטרייסלט געוואָרן ביז צום גרונט. ערגעץ ווו האָבן זיך געגאָסן טײַכן בלוט. פון די טיפענישן אַרויסגע־ריסענע זײַלן ערד, שוואַרצע קנוילן רויך, רויטע פלאַמענצינגער פון ברע־נענדיקע ייִשובים האָבן געזעצט אין די הימלען. ס׳האָט געברויזט, געדעוועט

דער מלחמה־שטורעם. אָבער אַלץ — ערגעץ ווו. דאָ, אין שטאָט וואָס איז געבליבן ווײַט הינטערן פראָנט, אין דעם אָפּגעצוימטן ראַיאָן ווו ס׳האָט געוועלטיקט אונדזער שטאָבס־פעלדפעבל, האָט זיך אײַנגעשטעלט רו, כמעט אַן אידילישע שטילקייט.

דער לייטענאַנט איז קענטיק געווען שטאַרק פאַרנומען מיט עסקים, נעענטערע צום האַרץ, און שוין לאַנג ניט געווען אַרויף אויף דער טעריטאָריע פון די קעלערן און מאַגאַזינען. דעריבער האָט פפאַנקוך געהאַט פרײַע הענט צו טאָן אַלץ לויט זײַן אײַנזע. האָבן אַלע געקראָגן פאַר אים נאָך מער אָפּשײַ. בלויז דאָס וואָס דער לייטענאַנט האָט כמעט דעמאָנסטראַטיוו אויפגעהערט זיך מישן אין די לויפנדיקע דינסטלעכע ענינים, האָט גענומען שרעקן דעם שטאָבס־פעלדפעבל. ניטאָ, ווער ס׳זאָל באַפעלן פון העכער! צי לאָקערט ניט אויף אים דאָס דאָזיקע אויסגעכאַליעטע אָפּיצירל ערגעץ פון אַן אויס־באַהאַלט, אַזוי ווי אַ חיה אויף איר קרבן?

—יאָ, יאָ, יאָ! — האָט צוגעשטימט פפאַנקוך. — אַ מענטש אַ מענטשן איז אַ וואָלף. אַזוי ז׳געווען, אַזוי איז עס און אַזוי מוז זײַן!

אויך גרעטכען האָט אים גענומען פאַרשאַפן זאָרג. פאַר דער גאַנצער צײַט האָט זי ניט אויסגערעדט קיין וואָרט. קיין איין מאָל ניט געטאָן קיין לאַך. אַ טויב־שטימע, צי וואָס? הערט זי דאָך, ווען ער באַפעלט ברענגען קאַווע, אויסבאַקן קאַרטאָפל־לאַטקעס, וועלכע ער האָט שטאַרק ליב; זי פאַרשטייט צו צירעווען זאָקן, אויפראַמען די שטוב. טוט עס און שווײַגט, ווי אַ פאַר־שאָלטענע. קאָן, ווײַזט אויס, ניט פאַרגעסן יענע נאַכט, ווען די דײַטשישע שטראָף־קאָמאַנדע האָט אַוועקגעלאָזט מיטן רויך זייער דאָרף. אפשר האָט זי צוגעזען, ווי מען האָט צוזאַמען מיט אַלע אָרטיקע מענער געשאָסן איר פאָטער, געזען, ווי מען האָט איר מוטער צוזאַמען מיט אַנדערע יאָמערנדיקע פרויען און קינדער אויפגעלאָדן אין מאַשינען און אַרויסגעפירט? אָבער אים, איר רעטער און ווילטוער, קאָן זי אין קיין זאַך ניט באַשולדיקן. אין יענער נאַכט האָט ער, ווי שטענדיק, אויסגעפילט בלויז זײַנע אינטענדאַנטאָרישע פליכטן. און זי, גרעטכען, געראַטעוועט פון אומקום. וואָס פעלט איר איצט? אין אַזאַ שווערער צײַט לעבט זי ווי בײַם טאַטן אין ווײַנגאָרטן. האָט זיך גאַנץ פײַן פאַרריכט, צוגענומען אין וואָג, פאַרזוכט בײַ אים דעם טעם פון ליבע־עליקסיר און ווײַבלעכער געוואָרן. בלויז צו בלייך איז זי, און אויפן

דעק פון אירע אויגן, כאָטש העלע זענען זיי, שפּירט ער, קנוילן זיך פינצטערע הינטער־געדאַנקען. ניין, דעם מיידלס שטימונג געפעלט אים ניט. אפשר טראַכט זי צו אַנטלויפן? וועט אַלץ אויספּלאַפּלען? נאַרישקייטן! וועסט ניט אַנטלויפן, ליבכען! דער ראַיאָן איז הויך אַרומגעצוימט. די טויערן — גוט באַוואַכט. און אפשר האָט זי צוגעטראַכט עפּעס שרעקלעכס? וועט אים ביי נאַכט קוילען... וועט ניט קוילען! דאַנאַר, זיין געטרייער היטער, שלאָפט ביי זיין בעט און וועט ניט דערלאָזן, אים זאָל אַ האָר געקרימט ווערן. פון דעסטוועגן האָט פּפאַנקוך קיין רו ניט געהאַט.

און געקאָנט האָט מען זיך פרייען: די הויפנס אַרויסגעוואָרפענע קאַר־טאָפל זענען ווינציקער און קלענער געוואָרן. דער מאָלער, אַ דאַנק גאָט, האָט אים באַפרייט פון דעם קאָפּדרייעניש מיטן איבערקלייבן די קאַרטאָפל און אַפילו שוין געגעבן אַ געלעגנהייט צו פאַרדינען אַ פלאַש פונש און צוויי פאָר זיידענע דאַמענזאָקן. און דער אמתער ביזנעס איז נאָך פאַרגעשטאַנען. אָט, אַ סעריע פראַנצייזישע פּאָטאָס פונעם פּאַריזער נאַכטלעבן... דער מאָלער וועט זיי, פאַרגרעסערטע, איבערצייכענען אין פאַרבן. בעלנים אויף אַזאַ סחורה וועט ניט פעלן. מען קאָן שוין גרייטן פלאַץ פאַר נייע פלעשער געטראַנקען.

יאָ, מיטן מאָלער האָט דער שטאַבס־פעלדפעבל גוט געטראָפן. איטלעכע פרייע מינוט פון זיינע פליכטן, ווי דער עלטסטער פון די קאַרטאָפל־סאָרטי־רערס, מוז דער מאָלער צייכענען. אין אַ קעמערל פון עפּעס אַן אינאַזייטיק שטיבל, אַ פאַרוואַלגערטס מיט אומנייטיקן סקאַרב, וואָס קיינער אין דער וועלט וועט ניט אַנטדעקן, האָט פּפאַנקוך איינגעאָרדנט פאַר אים אַן אַרבעט־פלאַץ. אָפט כאַפּט ער זיך אַריין אין אָט דעם „אַטעליע" קאָנטראָלירן, צי ער זיצט ניט, דער מאָלער, מיט פאַרלייגטע הענט. איין מאָל האָט ער אים אָפּגעשטאָט אַ וויזיט מיט אַ נייער וויכטיקייט.

— אַן צווייפל, — האָט ער אָנגעהויבן, — זענען צווישן אייך פאַראַן יוועלירן, גאָלדשמידן. אַלץ ייִדישע פּראָפעסיעס. אַלזאָ, זאָלן זיי מיר מאַכן אַ צירונגשטיק. מיר'ן זאָגן, אַזאַ אַ...

און ער האָט געוויזן אַ געלינעם ביי אַ קאַמעראַד זילבערנעם רינג מיט אַ גאָלדן פּלאַטקעלע, אויף וועלכן ס'איז געווען אויסגעגראַווירט אַ מאָנאָגראַם.

— דאָ באַקומסטו רוישטאָף, — האָט פּפאַנקוך, ניט וואַרטנדיק אויפן מאָלערס צושטימונג, אַרויסגעקראַצט פון טייסטער אַ זילבערנע מטבע און

באַטאַנט: — זילבער! און ניט ווייניק. דיר וועט נאָך איבערבלײַבן. דערפאַר ווערסטו דערלייגן דאָס נייטיקע גאָלד פאַר דער פּלאַטקע. אַזאַ סוווענירגעפעלט מיר גרײַלעך. און אָט איז זאָגאַר די מאָס פון מײַן פינגער, — ער האָט אויסגעשטרעקט אַן אויסגעבויגן אין אַ רינג שטיקל דראָט.

עס זאָלן ניט בלײַבן קיין שפורן פון דאַזיקן געשעפט, האָט פּפאַנקוך מינדלעך אָנגעזאָגט, וואָס מען דאַרף אויסקריצן אויף דער גאָלדענער פּלאַטקע: דעם אות H, איבערגעפלאָכטן מיט אַ P, ס'הייסט, די איניציאַלן פון זײַן נאָמען און פאַמיליע־נאָמען. אויף דער אינעווייניקסטער זײַט פונעם רינג — אַן O אַן F און די ציפער 42.

עטלעכע מאָל האָט דער שטאַבס־פעלדפעבל איבערגעחזרט זײַנע דאַזיקע אָנווײַזונגען, אויסגעפרווט דעם מאָלער, צי ער פאַרגעדענקט, און זיך צע־שמייכלט: וועט עמעצן אײַנפאַלן, אַז O באַטײַט „אָסטלאַנד", F — „פעברואַר" און 42 — דאָס לויפנדיקע יאָר 1942? ניט יעדערער וועט אויסשיפרירן די דאַזיקע טיפּזיניקע סימבאָלן.

פּפאַנקוך איז געווען אַזוי באַגײַסטערט פון זײַן אײַנפאַל, אַז ערשט נאָך דעם, ווי דער מאָלער האָט אַ נעם געטאָן פון זײַן האַנט די מטבע און דאָס אויסגעבויגענע אין אַ רינג שטיקל דראָט, האָט ער זיך געכאַפּט: די האַנט פון אַ סעמיט האָט זיך צוגערירט צו זײַנער. בעת שטרענג פאַרווערט איז דריקן די האַנט פון אַ ייִדן.

אויף יעדן פאַל האָט ער אַרומגעוואַשן די הענט מיט ספּירט. בעיקר גוט אָפּגעריבן דאָס אָרט, אויף וועלכן ער האָט נאָך אַלץ געפילט די באַרירונג פונעם דורך גאָט פאַרשאָלטענעם ייִד.

מען דאַרף זײַן אָביעקטיוו און אָפּמערקן, אַז פּפאַנקוכן האָבן געקאַראַבעט די געשעפטן מיטן ייִד. אמת, קיינער ווייסט ניט פון זיי. אָבער זײַן גערמאַניש געוויסן! קיין פּולקע באַרעכטיקונג פאַר די עסקים מיט אַ פאַרשטייער פון שונא האָט זײַן געוויסן ניט געפונען. שטענדיק איז שוין אַזוי: ווי נאָר ער האָט אַ שטיקל נוצן פון עפּעס, אַזוי קומען באַלד אויף האַרץ־קלעמענישן. פון דעסטוועגן איז ער ווידער אַוועק צום מאָלער אין „אַטעליע". אַוועק־לייגנדיק פאַר אים אַן אײַנגעוויקלט פּעקל, האָט ער צו וויסן געטאָן:

— דאָ האָסטו ברויט. באַהאַלט'ס! ווייסטו, וואָס ברויט באַטײַט?

— מיר ווייסן דאָס שוין צו גוט, — האָט זיך אָפּגעזיפצט דער מאָלער

און אַרײַנגעשטופּט דאָס פּעקל אין קעשענע. — מיר באַקומען צו הונדערט גראַם אַ טאָג. דאָס ברויט איז מיט פּאַלעווינעס. אויף דײַטש — זעגעמעל.

געזאָגט און ווײַטער געטאָן זײַן אַרבעט.

— זעסטו, — האָט פּפאַנקוך אויפגעלעבט, — און דאָ האָסטו ריכטיק ברויט. טאַקע ניט זייער פריש. דעם שימל קאָן מען אויסשנײַדן. און פון מעדיציניש שטאַנדפּונקט איז פּאַרעלטערט ברויט געזינטער פאַרן מאָגן. מיינסט, אַלע דײַטשן זענען שלעכט? איך, צום בײַשפּיל, האַלט פון פּרינציפּ: ווער ס׳איז ניט קאַפּוט געמאַכט, האָט רעכט צו קריגן זײַן פּרעס־פּאַרציאָן! — געזאָגט עס, איז ער צוגעטראָטן צום עיקר: — זעט דיר ניט אויס, אַז פונעם זילבערנעם געלטשטיק וואָס דו האָסט געקראָגן, קאָן אַרויס נאָך אַ רינג? לאָמיר זאָגן, פאַר מײַן עלטסטער טאָכטער. די מאָס, לאָמיר זאָגן, פון דײַן קלענסטן פינגער...

דער מאָלער האָט צוגעזאָגט: ער וועט זיך מיִען, וועט באַשטעלן אויך אַ צווייטן רינג. איצט האָט ער באַשלאָסן אַליין עפּעס צו בעטן: דערלויבן די ייִדן מיטצונעמען אין געטאָ אַרײַן קאַרטאָפל־אָפּפאַל. זיי וועלן עס פּרוּוון קאָכן.

פּפאַנקוך האָט ניט דערווידערט. זאָלן זיי זיך טראָגן מיטן מיסט! מען וועט ווייניקער דאַרפן אַרויספירן און אײַנשפּאָרן טראַנספּאָרט־הוצאות. וועלנדיק אונטערשטרײַכן זײַן ווילטועריקייט, האָט ער זיך צערעדט:

— אין פאַבריקן וועלטקריג האָט מען אויך געגעסן פאַרפרוירענע קאַרטאָפל. נאָר ניט צו פיל אויף אַ מאָל. אַניט קאָן מען זיך פאַרגיפטיקן. וואָס קאָן מען טאָן, קריג איז קריג. ווער איז אָבער שולדיק, ווער האָט דעם קריג אַרויסגערופן, אים אָנגעהויבן, האַ?

דער מאָלער האָט ניט אויפגעהערט צייכענען און געשוויגן.

— ווייסט ניט, האַ? — האָט פּפאַנקוך צופרידן זיך צעשמייכלט. — אין פּאָליטיק פאַרשטייסטו גאָרניט! איר, ייִדן! אָט ווער ס׳איז שולדיק!

ווי ער איז געזעסן איבערגעבויגן איבער דער צייכענונג, אַזוי איז דער מאָלער פאַרגליווערט געוואָרן. געזען בלויז דעם פאַרשטאַרטן בלײַערשפּיץ.

סודותפול שפּעטשענדיק האָט דער שטאַבס־פעלדפעבל זיך אַוועקגעלאָזט אויפקלערן די סיבה פונעם מלחמה־אויסבראָך. צוויי און זיבעציק ייִדן, די זקני־ציון, די צוויי מאָל זעקס און דרײַסיק אומגעזעענע, וועלכע די ייִדן

רופן „נסתּרים״, פירן עס די וועלט פאַר דער נאָז. איין מאָל אַ יאָר קומען זיי זיך צונויף אין איינער אַ שטאָט און באַשליסן, מיט וועלכע פּלאָגן צו שמײַסן די וועלט אין לויף פון די קומענדיקע צוועלף לבנה־חדשים. דעם פּראָטאָקאָל שרײַבן זיי אונטער מיט אויסגעצאַפּט אַריש בלוט. ווו זיי האַלטן אָפּ די זיצונגען, וועלכע זיי רופן „אַסיפות״, איז שווער צו דערגיין, ווײַל אַלץ ווערט געמאַכט שטרענג קאָנספּיראַטיוו און יעדן מאָל אין אַן אַנדער אָרט. פאַרשיידן מאַסקירטע, דרייען זיך אַרום די זקני־ציון אויף דער וועלט, פאַרשטענדיקן זיך איינער מיטן צווייטן דורך אַ שיפער פון צייכנס און קלאַנגען. מען קאָן אַ מאָל טרעפן אַ בעטלער, אַן אָפּגעריסענעם, אָפּגעשלי־סענעם ייִד, וואָס דערזועקט צו זיך מיטלייד. פאַקטיש איז דאָס אָבער איינער פון יענע וועלט־פאַרברעכערס, וואָס זייער ציל איז דורך פאַרשווערונגען, עפּידעמיעס און קריגס־אַקציעס אומצוברענגען די אַרישע ראַסע. בלײַבט די אַריער איין אויסוועג: אומצוברענגען אַלע ייִדן אַן אויסנעם, עס זאָלן אַזוי אַרום אומקומען די שולדיקע אין אַלע לײַדן און באַדרענגענישן פון דער מענטשהייט...

— איצט פאַרשטייסטו שוין? — האָט פּפאַנקוך פאַרענדיקט ברײַען די תּורה, מיט וועלכער ס'איז געווען אָנגעשטאָפּט זײַן קאָפּ. — אָט ווו עס שטעקט דער שליסל צו פּאָליטיק!

אַרויסגייענדיק האָט ער מיט כּעס צוגעקלאַפּט די טיר פונעם מאָלערס אַרבעט־קעמערל.

דער שטאַבס־פעלדפעבל איז שוין לאַנג געווען אונטערן זיכערן געוועלב פון זײַן קוואַרטיר, ווען ס'האָט אים אַ זעץ געטאָן אין מוח: וואַרט נאַר, וואַרט נאַר, האַנס! דײַן מאָלער מיט די אומקלאָרע ראַסישע אייגנקייטן זאָל אַקאָרשט ניט זײַן איינער פון יענע... פון יענע פאַרשטעלטע...

אוי, וויפל קלעמעניש ס'האָט אויסצושטיין אַ רייניראַסיקער גערמאַנער! ווײַט פון דער היים, אַן דער משפּחה, אָן פרײַנד, אַרומגערינגלט פון אַזעלכע גרויסהאַלטערישע לייטענאַנטן, צעקוואַטשטע גרעטכענס, פאַרדעכטיקע מאָ־לערס — צי קאָן מען רויִק לעבן? נאַר גאָט צו דאַנקען, וואָס אַ געטרײַער פרײַנד איז פאָרט פאַראַן — דאַנאַר! אויפן דאָזיקן וואָלפהונט קאָן מען זיך פאַרלאָזן מער, ווי אויף אַ צענדליק צווייפיסיקע וואַכלײַט מיט וואָפן.

— דאַנאַר, דאַנאַר...

ווי דערפילנדיק די פּאַסקודנע שטימונג פון זײַן בעל־הבית, האָט דער הונט שטיל זיך צוגעשאַרט צו אים, פאַרמאַכט די אויגן און אַרויפגעלייגט דעם גאַווערדיקן שנוק פּפאַנקוכן אויף די קני.

**פלוצעם...**

אַ גרוילעכער, קילבלעכער, עכט ליטווישער מאַרץ־פרימאָרגן איז דורך די שמאָלע פענצטערלעך אַרײַנגעדרונגען צו פּפאַנקוכן אין שטיבל. פּונקט ווי נעכטן, ווי אייערנעכטן, האָט דער שטאָבס־פעלדפעבל אויך הײַנט אָנגעהויבן זײַן טאָג־אָרדענונג מיט גימנאַסטיק אַראָפּצוזעצן דאָס פעטס פון בויך, פונאַנ־דערצוטרײַבן דאָס בלוט אין די אָדערן, זיי זאָלן ניט פאַרקאַלכט ווערן. באַנוצט האָט ער דערבײַ זײַן אייגענעם מעטאָד: אײַנשפּאַרן זיך מיט די הענט אין דיל, אַ וואַרף טאָן די פיס אויף אַרויף און בלײַבן שטיין אויף די הענט. אַזוי זיך האַלטן — קאָפּ־אַראָפּ, פיס־אַרויף, וויפל עס לאָזט זיך.

אין אַזאַ פּאָזע האָט דעם שטאָבס־פעלדפעבל הײַנט געטראָפן דער מאָלער, בעת ער איז געקומען מודיע זײַן וועגן אָנקום פון דער בריגאַדע יידן. פּפאַנקוך האָט זיך פאַרוווּנדערט: צי דען האָט מען געבראַכט די לומפּן פריִער ווי שטענדיק? אָדער ער איז אַזוי געווען פאַרטאָן מיט דער פּראָצעדור און ניט באַמערקט, ווי די צײַט איז אַוועק? אַזוי צי אַנדערש, נאָר ער האָט ניט געטראַכט איבערצורײַסן זײַן טרענירונג. פאַרקערט, געוואָלט איבערראַשן דעם מאָלער. מיט די פיס אַרויף, דאָס פּנים אָנגעגאָסן מיט בלוט, האָט ער אים געגעבן אָנווײַזונגען — וויפל מענטשן זאָלן איבערקלײַבן קאַרטאָפל און וויפל — אַרויסטראָגן דעם אָפּפאַל, וויפל זאָלן זעגן און האַקן האָלץ. (אויך אויף דעם האָט דער פּראַקטישער שטאָבס־פעלדפעבל גענומען אויסניצן אומזיסטע אַרבעטקראַפט.) ער האָט אויך ניט אַדורכגעלאָזט די געלעגנהייט אַ חוזק צו טאָן:

— וואָס איז הײַנט פאַר אַ טאָג?

— מיטוואָך, — האָט, ניט זײַענדיק קיין זאַך חושד, געענטפערט דער מאָלער.

— אייזל! — האָט אַרויסגעפּלאַצט דער שטאָבס־פעלדפעבל. — הײַנט איז פײַערטאָג. הײַנט הענגט מען אויפן מאַרקפּלאַץ פּאַרטיזאַנער. און ווען וועט מען שוין אײַך אַלעמען אויפהענגען?

— דאָס ווייסן מיר ניט.

— יאָוואָל! דאָס באַשטימען מיר, דײַטשן! — פֿאַרלירנדיק פּלוצעם די גלײַכוואָג, האָט פּפאַנקוכס פעטלײַביקער גוף דומפּ אַ זעץ געטאָן אין דיל.

— אַרויס פֿון דאַנען! — האָט ער זיך צעשריִען, שווער אויפֿהייבנדיק זיך.

פּלוצעם... אַזעלכע „פּלוצעמס" פֿאַרפּלאָנטערן אַ געשיכטע, פֿאַרגרעסערן איר שפּאַנונג, גיבן זי אומדערוואַרט אַ קערעווע אין אַ נײַער ריכטונג. אין לעבן קערן זיי אָפּט אַלץ איבער מיט דער פֿוטער אַראָפּ. אַזעלכע „פּלוצעמס" האָט יענער טאָג אָנגעטראָגן פּפאַנקוכן פֿון אַלע זײַטן.

פּטור געוואָרן פֿון פּלוצעם געקומענעם מאַלער, האָט דער שטאַבס־פֿעלד־פֿעבל פּלוצעם באַמערקט, אַז זײַן גרעטכען זעט אים אויס עפּעס... דאָ ניט לאַנג זענען די זאַכן לויז געהאַנגען אויף איר, און הײַנט איז דאָס קלײדל אָנגעצויגן אויפֿן בײַכל. דער ביסן איז פּפאַנקוכן געבליבן שטעקן אין האַלדז און גענומען ווערגן. ניט פֿאַרענדיקט דעם פֿרישטיק, האָט ער מיט איין שלונג אויסגעטרונקען אַ גלאָז אייער־ליקער, כּדי מיט זײַן זיסקייט אויסצוברענגען די ביטערניש, וואָס פֿאַרסמט דאָס לעבן. אויסגעטרונקען און האַסטיק אַרויס.

פּלוצעם האָט ער דערזען פֿון ווײַטן דעם לייטענאַנט. אַהאַ, דער שעף פֿעדערט זיך, נעמט שוין ווידער די לייצעס אין זײַנע הענט אַרײַן. פּפאַנקוך האָט זיך אויסגעדרייט אין דער פֿאַרקערטער ריכטונג.

דאָ איז האַרט פֿאַר זײַן נאָז פּלוצעם אויסגעוואַקסן אַ פּאָסטן און געמאָלדן, אַז דער הער שטאַבס־פֿעלדפֿעבל ווערט העפֿלעכסט דערוואַרט בײַ איינעם פֿון די קעלערן מיט איבערגעסאָרטירטע קאַרטאָפֿל. וואָס פֿאַר אַ סורפּריז דער־וואַרט אים? לאָזט זיך אויס, אַז ווען מען האָט געעפֿנט דעם קעלער, האָט אַ זעץ געטאָן פֿון דאָרטן אַ גערוך ווי פֿון אַ גאַזקאַמער. אַנשטאָט קאַרטאָפֿל — אַ שיטערע פֿאַרעיפּושטע קאַשע. מען האָט געעפֿנט אַ צווייטן, אַ דריטן קעלער — אומעטום דאָס זעלבע.

אָ, געטער! מען האָט אים ווידער אָפּגענאַרט! סקאַנדאַליעז, נידער־טרעכטיק אָפּגענאַרט! נאָר איצט וועט נעמען אַן ענד! ער וועט ניט נאָכגעבן און ניט פֿאַרגעבן! אַ צעיושעטער איז ער געלאָפֿן צום מאַלער. אים וועט ער צו ערשט דערשיסן ווי אַ קרעציקן הונט און אויך אַוועקלייגן אַ צענדליק פֿון די זײַניקע היניטישע ברידער!

דער שטאַבס־פֿעלדפֿעבל האָט שוין אָפּגעשפּיליעט די קאַבורע, אָנגע־

טאַפּט דעם פּאַראַבעלום... נאָר פּלוצעם האָט אים פאַרהאַלטן דעם לייטענאַנטס אַ שטאַפּעט:

— דער הער שטאַבס־פעלדפעבל ווערט דערוואַרט בײַם הער לייטענאַנט.

און אָט שטייט ער, פּפאַנקוך, מיט אַן אײַנגעפאַלן פּנים און אײַנגעפאַלענער ברוסט פאַר זײַן שעף.

— קורץ און שאַרף, הער שטאַבס־פעלדפעבל, — האָט אָן אַ באַגריסונג און אָן הקדמות אָנגעהויבן דער לייטענאַנט, — אונדזער העכערע אָנפירער־שאַפט האָט ווי געהעריק אָפּגעשאַצט אײַערע אַדמיניסטראַטיווע דערפאָלגן און אָרגאַניזאַטאָרישן טאַלאַנט. ענדלעך וועט איר ווערן אַליין אַ שעף. איר ווערט באַשטימט קיין... — דער לייטענאַנט האָט טראַפּנווײַז געלייענט פון פּאַפּיר: — קיין, קיין קײַ־שיאַ־דאַ־ריט אָנצופירן מיט דער הייצוואַרג־פאַר־גרייטונג. זומער — טאָרף, ווינטער — האָלץ. אַרבעטקראַפט — אַרעסטאַנטן — ייִדן און אויך אַנדערע, פאַרשפּאַרטע אין אָפּגעזונדערטע לאַגער־באַראַקן.

בלויז די צוקנדיקע ברעם פון לינקן אויג האָט אַרויסגעגעבן פּפאַנקוכס שווערע איבערלעבונג. פאַרשטייט זיך, ער האָט ניט געקאָנט זאָגן: ניין, איך וויל ניט. כ׳בין אומצופרידן! קיין אויסוועג איז ניט געווען. דעם מענטשנס גורל ווערט געפורעמט ערגעץ הויך, הויך אין די הימלען און קיין מענטשנס האַנט גרייכט ניט אַהין עפּעס צו ענדערן.

ס׳איז אַוועק אַ רעכט ביסל צײַט ביז פּפאַנקוך האָט זיך געכאַפּט, אַז מען דאַרף אויפן קול אויסדריקן געהאָרכיקייט. ער האָט צוגעקלאַפּט די אָפּצאַסן און אַרויסגעפּרעסט דורך די ליפּן:

— יאַוואָל, הער לייטענאַנט! אָנפירן מיט פאַרגרייטונגען!

און וואָס ווײַטער? פאַרשווײַגן דעם אומגליק מיט די קאַרטאָפל? אַ טראַכט טוענדיק, אַז בײַם איבערגעבן די קעלערן זײַן יורש וועט די אַל סײַ ווי אַרויסקריכן פון זאַק, האָט ער באַשלאָסן גלײַכער אָפּצוטעמפּן איר שפּיץ, און אונטערטעניק אָנגעהויבן:

— זייער געערטער הער לייטענאַנט, אײַער הויכקייט ווייסט...

דעם לייטענאַנטס בליק האָט ניט־דאַזיק אַרומגעוואַנדלט אין חלל.

— די קאַרטאָפל, ס׳הייסט, ניט אַלע... — האָט פּפאַנקוך געבעבעט.

איצט האָט דער לייטענאַנט קאָנצענטרירט זײַן ראיה אויף די נעגל, וואָס ער האָט גענומען אַרומפּײַלן, און פלעגמאַטיש איבערגעפרעגט:

— ניט אַלע? מאָדנע... — דאָ האָט ער זיך ווי אויפגעכאַפּט פון אַ טראַנס און געגומען באַפעלן: — זאָלן איצט אַנדערע ייִדן אַרויסוואַרפן דאָס פוילניש פון די קעלערן! אַרויס מיט דער שפּײַז! מיר'ן שיקן אונדזערע מענטשן אין דאָרף. זײַט זיכער, דאָרטן האָט מען גוט אויסגעהיט די קאַרטאָפל. דאָרטן האָט דערמיט זיך ניט פאַרנומען די אינטענדאַנטור... און אויך ניט קיין שטאַבס־פעלדפעבל... ניטאָ מער קיין פראָסט, קאָן מען אין די דערפער עפענען די קאַרטאָפל־גריבער. מיר'ן ווי ניט איז פאַרשטאָפּן די מײַלער פון די באַשטעלערס, און ווײַטער זאָלן אונדזערע נאָכפאָלגערס זיך ברעכן דעם קאָפּ. אַלזאָ, צוועלף טעג בלײַבן אונדז אויף איבערצוגעבן דאָ אַלע געשעפטן און דעמאָלט... — דער לייטענאַנט האָט אָוועקגעלייגט דעם נאָגל־רייניקער און גאַליק פאַרגעזעצט: — מיך וואַרפט מען אַריבער קיין אָסטען, נעענטער צום זונאויפגאַנג, ווו ס'קאָכט זיך און ס'איז זודיק... דערקעגן, אײַער פאַטריאָטישע טעטיקייט וועט זיך פונאַנדערוויקלען הינטער די רוקנס פון עטלעכע הונדערט אַרעסטאַנטן. אײַך וועט זײַן קילער. אַלזאָ, טראָגט זיך אָפּ און מאַכט ריין עטלעכע קעלערן פאַר נײַע קאַרטאָפל, וואָס מען וועט ברענגען. כ'וויל אויסמײַדן אַ טומל, אויספאַרשונגען... איר האָט מער גליק ווי פאַרשטאַנד, הער שטאַבס־פעלדפעבל!

— יאָוואָל, הער לייטענאַנט! — האָט פּפאַנקוך אויסגעשאָסן, אויפגע־הויבן די רעכטע האַנט און מיטן אויסרוף „הײַל היטלער!" אַרויסגעמאַרשירט.

אַזוי איז עס שוין: דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט, און גאָט צעמאַכט. וויפל פּלענער האָט געוועבט דער שטאַבס־פעלדפעבל! זיך געקליבן פאַר־לייגן דאָ אַ גרויסן גאָרטן צו האָבן אייגן גרינוואַרג, געקליבן זיך צו באַנײַען די שילדן און ווײַזערס אויפן גאַנצן שטח. דער מאָלער ענדיקט עטלעכע פּאָרטרעטן, פאַר וועלכע ער דאַרף אײַנקאַסירן פון די קאַמעראַדן־באַשטע־לערס שאָקאָלאַד און געטראַנקען. און וויפל אַנדערע ענינים וואָרטן דערליי־דיקט צו ווערן.

קומט, הייסט עס, אַן ענד צו אַלץ, און אים בלײַבט נאָר אַרויסצוקריכן פון דער בלאָטע און לאָזן נאָך זיך אַ ריינע אַטמאָספער. דער לייטענאַנט מיינט, אַז ער, פּפאַנקוך, האָט מזל. אַן אידיאָט! מזל האָבן גאָר די ייִדן. איצט איז שוין ניט די צײַט זיי אָנצולערנען פאַרן לאָזן אין די קעלערן צעפוילטע קאַרטאָפל, וואָס האָבן אָנגעשטעקט די געזונטע. אים דאַרף מען ניט לערנען.

ס׳איז אַ קלאָרער סאַבאָטאַזש! ער דערמאָנט זיך, ווי די ייִדישע אונטער־מענטשן פלעגן אָראַפּטראָגן אין די קעלערן פולע עמערס וואַסער כּלומרשט צו טרינקען. ער, אַ געוועזענער צער־בעלי־חיימניק, האָט ניט געקאָנט פאַר־ווערן לעבעדיקע באַשעפענישן צו שטילן דעם דאָרשט, בעת זיי האָבן אויסגעפירט אַ מלוכיש וויכטיקע אַרבעט. ער זעט אַלץ, פילט אַלץ, פאַרשטייט אַלץ! דאָס וואַסער האָבן זיי געוויס אויסגעגאָסן אויף די קאַרטאָפל זיי זאָלן נאָך מער פוילן, ווײַל אויסטרינקען אַזוי פיל וואַסער... און ווער ווייסט, מעגלעך, אַז ניט קיין אָפּפאַל, ווי ער האָט דערלויבט, נאָר זעק מיט גוטע קאַרטאָפל האָבן די ייִדן, אָנגעלאָדענע ווי קעמלען, געשלעפּט אין געטאָ אַרײַן... עך, האַנס, האַנס, ווי מען האָט דיך געמאַכט צום נאַר! און ווער!

דער קאָפּ האָט געקאָנט פּלאַצן פון די אַלע געדאַנקען און פּלוצעמדיקע איבעררעשונגען. ער וואָלט געוויס געפּלאַצט, ווען פּפאַנקוך קומט ניט צו זיך אַהיים, קערט ניט אַרײַן אין האַלדז אַ גאַר גרויסע דאָזע פון דעם סאַמע שטאַרקסטן און ביטערסטן געטראַנק, וואָס ער האָט געפונען, און ווען ער וואַלגערט זיך ניט אַרײַן אין בעט אינגעם מונדיר, אין די שטיוול...

דער שטאָבס־פעלדפעבל האָט אין אַלץ פאַרגעסן. אַפילו דאָס, אַז ס׳איז געווען באַפוילן אָנטיילצונעמען אין דער עפּנטלעכער צערעמאָניע פון הענגען פּאַרטיזאַנער.

## אין נאָמען פון בלוט

ס׳האָט זיך שוין געזען, ווי מען זאָגט, דער ברעג: די פאַרשיידענע מאַגאַזינען און סקלאַדן באַלד איבערגעגעבן; די קעלערן — אויסגערייניקט פון דער פוילנדיקער אָנשיקעניש; די טשעמאָדאַנעס — כּמעט אַלע פאַרפּאַקט; די פערזענלעכע געשעפטן — אויך שוין כּמעט געבראַכט צו אַ טאַלק.

אין משך פון די אַ טעג האָט פּפאַנקוך באַוויזן דורכצופירן נאָך אַ מלוכיש וויכטיקן אַקט. ער האָט איבערגעגעבן ווו מען דאַרף צוויי וואַכלײַט, נאָך דעם ווי ער האָט אונטערגעהערט, אַז זיי באַקלאָגן זיך אויפן קריג. ניט גענוג וואָס די דאָזיקע גאַרנישטן, די דאָזיקע אַבסאָלוטע נולן האָבן אַזוי געראָטן אַכטונג געגעבן אויף דער קאַרטאָפל־סאָרטירונג, שעמען זיי זיך ניט צו אָכצן און קרעכצן!

נאָך דער דאָזיקער הויך פּאַטריאָטישער אָפּעראַציע איז זײַן געדריקטע

שטימונג אַ ביסל געלינדערט געוואָרן. ער וואָלט זיך אויך געדאַרפט אָפּרע־כענען מיט די יידן, נאָר דאָס וועט מען שוין טאָן אָן אים. ס׳איז פאַראַן, גאָט צו דאַנקען, ווער ס׳זאָל זיך דערמיט פאַרנעמען. די לעצטע צייט גייען אַרום די יידן ווי שאָטנס. וואַרטן, קענטיק, אויף עפּעס ניט־גוטס. זאָלן זיי וואַרטן! זאָלן זיי ציטערן! קיין גנאָד האָבן זיי ניט פאַרדינט! ער דאַרף בלויז אַרויס־באַקומען פון די דאָזיקע לעבעדיקע מתים דעם באַשטעלטן רינג פאַר דער טאָכטער און דעמאָלט קאָנען זיי גיין צום טײַוול. דײַן רינג טראָגט ער שוין און ער גיט צו עלעגאַנץ זײַן האַנט און אים אין גאַנצן. פּפאַנקוך האָט זיך פאַרגעשטעלט, ווי ער וועט נאָך דער מלחמה, פאַרנעמענדיק אין רוסלאַנד אַ הויכן אַדמיניסטראַטיוון פּאָסטן, אויסזען מיטן דאָזיקן צירונגשטיק אויפן פינגער און מיט אַן אײַזערנעם קרייץ אויף דער לינקער זײַט ברוסט.

ס׳האָבן ניט געהאָלפן די מאָנונגען, אָבער דעם רינג פאַר דער טאָכטער האָט דער מאָלער נאָך אַלץ ניט געבראַכט. צו פיל סטראַשען האָט פּפאַנקוך געהאַלטן פאַר ניט ראַציאָנעל. וואָס טוסטו, אַז דער דאָזיקער טיפּ פאַרשווינדט? ווי וועסטו אים זוכן? אין געטאָ בעל־הבתעוועט די געסטאַפּאָ. צי וועסטו איר זאָגן, אַז דו האָסט נייטיק אַ יידן מיט אַזאַ און אַזאַ נומער? צי וועסטו קריכן מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנקער בעט אַרײַן? אַהאַ, אים דאַרף מען ניט לערנען! גאָר אַנדערש וואָלט אַלץ אויסגעזען, ווען דער מאָלער געפינט זיך הינטערן שטעכלדראָט פונעם לאַגער, ווו ער, פּפאַנקוך, וועט אין גיכן זײַן האַר און הערשער. וועגן דאָס לוינט צו טראַכטן און טאַקע זאָרגן, מען זאָל דעם מאָלער אײַנשליסן אין קאָנטיגענט פאַרן אויסנשטאָטישן אַרעסטאַנטן־לאַגער, וואָס וועט געשטעלט ווערן צו זײַן, פּפאַנקוכס, דיספּאָ־זיציע. ערשטנס, די רינגען, צווייטנס, די בילדער, וועלכע ער קאָן צייכענען ניט נאָר זײַענדיק אַן עלטסטער פון קאַרטאָפל־סאָרטירערס.

מיט גאָטס הילף וועט די דאָזיקע פראַגע ווערן געלייזט. ניט דערליידיקט בלײַבן דערווײַלע נאָר די אינטימע געשעפטן — גרעטכען... ווער וועט אונ־טערזאָגן, ווי אויפצובינדן דעם דאָזיקן שלימזלדיקן קנופּ?

מען האָט געדאַרפט גלײַך אָננעמען אַ באַשלוס. צײַט איז געבליבן ווייניק. דײַטלעך זעט מען, אַז אין דער געוועזענער בתולה קוועלט אָן אַ קנאָספּ, ס׳ווערט צײַטיק אַ פּרוכט, אין וועלכן עס קרייצן זיך צונויף צוויי ראַסעס. אַ פּרוכט מיט געמישט בלוט! אַז גאָט גיט, וועט עס זײַן אַ מיידל, די זעקסטע

בײַ אים... װוּ װעט ער זי אַהינטאָן? טאָ װי פּלאָנטערט מען זיך אַרױס? אפשר װעט ער געפינען אַן אָנװײַזונג אינעם פונדאַמענטאַלן װערק פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער לערע, אין ראָזענבערגס „דער מיטאָס פון צװאַנציקסטן יאָרהונדערט״?

האָט ער זיך אַ צי געטאָן צום בוך, װאָס איז געשטאַנען בײַ אים אױבן־אױף װי אַ זיך טרינקענדיקער צו אַ רעטונגסרייף. אינעם געפּלאָנטער פון אומענדלעך לאַנגע, געדרײדלטע זאַצן האָט ער אױסגעלײענט, אַז ס׳איז שױן געקומען די צײַט פון נײַעם דײַטשישן מיטאָס, דעם מיטאָס פון רײנעם בלוט און פון דער פרײַער דײַטשישער נשמה, װאָס באַטײַט דעם סוף פונעם ראַסן־כאַאָס. דער מיטאָס דערװאַכט צו אַ נײַ לעבן נאָך אַ לאַנגן לעטאַרגישן שלאָף אין משך פון יאָרהונדערטער...

דער מיטאָס דערװאַכט און זײַן מויד מיט איר קומענדיקן אָפּשפּראָץ װעט שטערן, עס זאָלן פּאָר דער אַרישער ראַסע זיך עפענען די טויערן פון אײביקער לײַטזעליקײט און גליק. צעמישנדיק זײַן בלוט מיטן בלוט פון עפּעס אַן אומקלאָר באַשעפעניש פּענטעט ער, פּפאַנקוך, דעם מיטאָס, לאָזט אים ניט קומען צום אױסדרוק און זיך פול אַנטפּלעקן. װאָס טוט מען, װאָס טוט מען? איצט, װען ער שטײַגט אױפן דינסטלײטער, קאָן אים די געשיכטע מיטן מײדל אַלץ קאַליע מאַכן. דער פירער, אַלײן אַדאָלף היטלער מוז העלפן!

מיט אַ טיאָכקעניש אין האַרץ האָט ער אַ נעם געטאָן דעם אין ברױנעם לעדער אײַנגעבונדענעם היטלערס „מײַן קאַמף״. מיט ציטעריקע פינגער געבלעטערט די קװאַזי־פּאַרמעטענע זײַטלעך פון דער עװאַנגעליע פונעם דריטן רײַך, ביז ער איז שטײן געבליבן בײַ די שלוסװערטער פונעם בוך:

„אַ מלוכה, װאָס גיט זיך אָפּ אין דער עפּאָכע פון ראַסן־פּאַראומרײניקונג מיטן באַװוּען אירע בעסטע ראַסישע עלעמענטן, מוז װערן אין אײנעם אַ טאָג דער האַר איבער דער ערד״.

אַלץ איז קלאָר! ער, פּפאַנקוך, קאָן ניט װערן אַזאַ האַר, װײַל ער פּאַרגרעסערט דעם ראַסן־כאַאָס. אַן עכטער גערמאַנער איז דעצידירט, טאָר זיך ניט װאַקלען און מוז, אַזױ גיך װי מעגלעך, אַנטפּלעקן זײַן אײַנגעבױרענע אײגנקײט צו הערשן. אַזױ גיך, װי מעגלעך!

און פּפאַנקוך האָט זיך גענומען אײַלן. ער האָט פלינק געגאָסן אין זיך

שפּאַנישן מאַלאַגאַ און דײַטשישן טאָפּל־קימל, געמישט פראַנצייזישן קאָניאַק מיט יוגאָסלאַווישער סליוואָוויצאַ און אונגאַרישן טאָקײַער.

אויף מאָרגן האָט ער קוים אויפגעהויבן זײַן שווערן, מיט עסיק אָנגע־גאָסענעם קערפּער. בײַם ערשטן טראָט האָט ער זיך אָנגעשטויסן אין איינער פון די ליידיקע פלעשער, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אויפן דיל, און זי צעבראָכן.

„שערבלעך ברענגען גליק" — האָט ער זיך געטרייסט.

די אָברים, ווי זיי וואָלטן געווען אַרויסגעשרויפט פון זייערע שלעסער. פון דער נאָגעניש אין דער ברוסט האָט זיך געוואָלט וויינען. פאַר די אויגן איז געשטאַנען אַ נעפּל, אין קאָפּ — אַ געדיכטער טשאַד, וואָס האָט אויס־גערייכערט אַלע באַגערן און איבערגעלאָזט איינעם — טרינקען! האָט ער אויסגעזשליאָקעט ביזן דעק אַ פלאַש זויערווײַן.

צוליב איר, דער גרעטכען זײַנער, איז בײַ אים הײַנט צעשטערט געוואָרן די טאָג־אָרדענונג, וואָס הייבט זיך געוויינטלעך אָן מיט דער פרימאָרגן־גימנאַסטיק. ער האָט הײַנט אַפילו ניט באַמערקט דאָגאָרן, וואָס האָט מיט אָן אויסגעשטערקטער צונג געוואַרט אויף די עטלעכע שטיקלעך צוקער, וועלכע ער באַקומט יעדן אינדערפרי אויפן ניכטערן מאָגן.

פּפאַנקוך האָט זיך דעצידירט. ער האָט אויפן אויג אָפּגעמאָסטן דעם מרחק פון טיש ביזן אײַזערנעם קרוק אין צענטער סופיט, ווו ס'קומען זיך צונויף די ריפּן פונעם געוועלב. וואָס מער ער האָט געקוקט, אַלץ מער האָט אים אויסגעזען, אַז דאָס אויערל פונעם קרוק איז אַרומגעזוימט מיט אַ לײַכטנ־דיקן אָרעאָל. אָ, דער קרוק! ס'איז אַן אויסגעשטרעקטע האַנט פון גאָט אַליין...

„דירעקט אונטערן קרוק צורוקן דעם טיש, אַרויפשטעלן אויף אים אַ בענקל" — האָט דיקטירט גאָטס ווילן, וואָס פאָרעמט דעם גורל פון איטלעך איינעם:

דער שטאָבס־פעלדפעבל איז אַרויפגעקראָכן אויפן טיש, זיך געשטעלט אויפן בענקל, אויסגעפּרוווט צי דער קרוק זיצט פעסט. בײַ אים אין קעשענע איז שוין געווען צוגעגרייט דער נייטיקער שטריק.

— גרעטכען, האַ, גרעטכען... — האָט ער אַראָפּקריכנדיק פון טיש ליבלעך צוגעוווּנקען צום מיידל: — קום אַהער.

אין דעם מיידלס פּנים קיין סימן פון שרעק. קאַלט און גלײַכגילטיק,

ווי היפּנאָטיזירט, איז זי מיט די אויגן נאָכגעגאַנגען פּפאַנקוכס זשעסטן, וואָס האָבן דערקלערט, אַז ער נעמט זיך ווידער צום צייכענען. שוין צײַט צו באַצירן די הוילע ווענט מיט נײַע בילדער. דעריבער מוז זי אים פּאָזירן ווי פריער. הײַנטיקס מאָל וועט זי זיך ניט דאַרפן אויסטאָן. זי דאַרף אָבער אַרויפקריכן אויפן טיש. אָנווײַזנדיק עס, האָט ער איר אויסגעשטרעקט שאָקאָלאַד.

דאָס מיידל האָט אָפּגעשטופּט די מתּנה. דאָס האָט ניט געשטערט דעם שטאַבס־פעלדפעבל צאַרט זי אַרומצונעמען און צופירן נעענטער צום טיש. באַגלייט האָט ער יעדן טראָט מיט ליבלעכע רייד:

— האָב ניט קיין אַנגסט, קינד מײַנס. איך בין טאַקע פון דיסעלדאָרף, פון דער שטאָט וואָס איז באַרימט מיט אירע וואָפן־פאַבריקן און דעם „דיסל־דאָרפער וואַמפּיר". ער פלעגט מאַכן ווורשט פון מיידלפלייש. האָב ניט קיין אַנגסט. איך בין ניט קיין ווורשטנמאַכער. איך בין אַ שטאַבס־פעלדפעבל. געווען אַ צײַט ווען כ׳האָב דיך געראַטעוועט פון פײַער. מיר האָבן אָבער ניט אָפּגעמאַכט אויף ווי לאַנג. דאַרפסט מיר דאַנקען, ליבכען, פאַר די גליקלעכע מינוטן וואָס איך האָב דיר געשאָנקען. און איצט דאַרפסטו פאַרשטיין, אַז יעדער מענטש ווערט געבוירן מיט זײַן אייגענעם שיקזאַל. קעמפן קעגן אים איז נאַריש. דיר, פלאַטערל מײַנס, איז הײַנט באַשערט אויפצוהייבן זיך אין די הימלען. דו ביסט דאָך ליב און פאָלגעוודיק. הייב זיך!

דאָס מיידל האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. האָט זי פּפאַנקוך מיט גוואַלד אויפגעהויבן און אַוועקגעשטעלט אויפן טיש. אויך איצט איז זי געשטאַנען פאַרגליווערט. העלע פאַסמעס האָר האָבן באַדעקט אירע פּלייצעס. אינעם גרוילעכן ליכט פונעם צימער האָבן מאָדנע געלויכטן איר ווײַס אומעטיק פּנים און די איבערגעקרייצטע אויף דער ברוסט נאַקעטע הענט אירע. פּפאַנ־קוך, מיט אַ בלאָקנאָט אין דער האַנט, האָט פלומרשט געמאָלן.

פּלוצעם האָבן גענומען פיבערן דעם מיידלס ליפּן.

— ניט בעטן גאָט! — האָט דערשראָקן אויסגעשריען דער שטאַבס־פעלדפעבל. דערנאָך איז זײַן שטים ווידער ליבלעך ווייך געוואָרן: — דו ביסט יונג, קיינעם קיין שלעכטס ניט געטאָן; פאַר דײַן זעל זענען אָפן דעם הימלס טויערן; דיך וועלן מלאכים באַגעגענען... כ׳וועל דיך אויספּוצן מיט בלומען, אַ קרייץ פון יונגע בירקענביימלעך אַוועקשטעלן... ס׳איז בעסער

ווי דערשטיקט צו ווערן אין אַ גאַזקאַמער אָדער ברענען אויף אַ שײַטער...
נאָר דו, ווי איך זע, פאַרשטייסט ניט, וואָס איך דערקלער. — האָט ער אויס־
געשריִען : — גענוג ! מיט די וואַרצלען זאָלן אויסגעריסן ווערן אַלע, וואָס
פאַרמערן דעם בלוט־ און ראַסן־כאַאָס ! דײַטשלאַנד איבער אַלץ ! גאָטס ווילן
אַנטפּלעקט זיך אין דער טוונג פון מענטשן ! אַלזאָ, אין נאָמען פון בלוט
און גאָט !

דערפילנדיק זיך ווי אַן אויספירער פון גאָטס ווילן, איז פּפאַנקוך אַרויפ־
געקראָכן אויפן טיש, אַרויסגענומען פון קעשענע דעם צוגעגרייטן שטריק
און האַסטיק אים אויפגעהאַנגען אויפן קרוק.

אַנשטאָט צו פאָלגן האָט דאָס מיידל גענומען קוויטשען און אַרויסגע־
פּלאַצט מיט אַזאַ געיאָמער, אַז פּפאַנקוכן איז אַזש שלעכט געוואָרן. איצט
האָט מען ניט געטאָרט זיך לאָזן באַווירקן פון סענטימענטן און ווייכהאַרציקע
געפילן פון אַן אַמאָליקן מיטגליד פון „טירשוץ־פאַראיין". ווי מיט אײַזערנע
צוואַנגען האָט ער אָנגעכאַפּט זײַן גרעטכען, אַרויף מיט איר אויפן בענקל,
אָנגעטאָן איר דעם שלייף אויפן האַלדז... צוליב זיכערקייט, אַליין אומגע־
וואָלגערט דאָס בענקל, אַראָפּגעשפּרונגען פון טיש און זיך מער ניט אומגע־
קוקט אַהין.

גלענצנדיק ! קיינע צייכנס פון גוואַלד — ניט אין צימער, ניט אויפן
מיידלס קערפּער. דערצו — דאָס אומגעוואָלגערטע בענקל אויפן טיש... אַלץ
ווײַזט, אַז זי איז פרײַוויליק אַוועק פון דער וועלט.

זײַענדיק שוין אין דרויסן האָט פּפאַנקוך דערפילט אַ נאָגעניש אויף אַ
באַק. ער האָט אַ פיר געטאָן מיט דער האַנט — בלוט ! דײַטשיש בלוט ! זעסט,
וואָסערע נעגל דאָס דאָזיקע פלאַטערל האָט זיך געלאָזט אויסוואַקסן ! זעסט,
ווי מען דאַרף שטיין אויף דער וואַך ! איצט וועט זי מער זיך ניט דראַפּען.

מיט אַ געפיל ווי ס'וואָלטן פון אים אַראָפּגעפאַלן שווערע פענטעס, האָט
דער שטאַבס־פעלדפעבל אַוועקגעאײַלט צו זײַנע דינסטפליכטן.

### אַ בעל־הבית פאַר זיך

ענדלעך ! ענדלעך האָט ער ניט איבער זיך דעם לייטענאַנט. קיינער רײַט
אים ניט אויפן קאַרק. ער איז אַ בעל־הבית אין זײַן אייגענעם קיניגרײַך,
אַליין אַ שעף, אַ פירער — אַ לאַגער־פירער !

באַראַקן הינטער שטעכלדראָט. אַרום און אַרום — אַ טאָפּעלער צוים, וואַכטורעמס. אומגעפער אַזוי האָט ער זיך טאַקע פאָרגעשטעלט די זאַך. קלאָר, ווען ער אַליין בויט דעם לאַגער און וואָלט אים ניט איבערגענומען פון אומפאַראַנטוואָרטלעכע טויגענישטן, וואָס זענען אַפילו ניט געווען פעיִק אָן שפּורן צו ליקווידירן די טויטע קערפּערס פון די קריגס־געפאַנגענע, וועלכע מען האָט דאָ פריִער געהאַלטן, וואָלט ער גאַנץ אַנדערש פונאַנדער־געשטעלט די געביידן. די וואַכשטוב מיטן צימער פונעם לאַגער־פירער, איצט זיין צימער, וואָלט ער אָפּגעטראָגן ווייטער פון די אַרעסטאַנטישע וואַנצנעסטן און באַזונדערש זאָרגעוודיק אַרומגעצוימט. אין צוים אַרום לאַגער וואָלט ער אומבאַדינגט אַריינגעלאָזט עלעקטרישן שטראָם.

דער נייער לאַגער־פירער, שטאַבס־פעלדפעבל האַנס פפאַנקוך, האָט שאַלקהאַפטיק אַ שמייכל געטאָן: אים, דעם אַלטן הינער־פרעסער דאַרף מען ניט לערנען ווי צו אַדמיניסטרירן! גענוג אַנגעלערנט, איז ער מער ניט געצייגט צו טרייבן שפּאַס. דער בעסטער באַווייז: לויט זיין באַפעל און טעכנישע אָנווייזונגען איז ביי יעדן באַראַק אויפגעשטעלט געוואָרן אַ תּליה. און דאָס זענען געווען די איינציקע קאָנסטרוקציעס פון פריש געהילץ אויף דער לאַגער־טעריטאָריע.

געפינענדיק זיך אין זיין נייעם קיניגרייך, איז ביי פפאַנקוכן גאָר גיך קיין זכר ניט געבליבן פון דער פריִערדיקער פּאַסקודנער שטימונג זיינער. די קאַלאָריענפולע און וויטאַמינרייכע שפּייז וואָס די וואַכמענער פלעגן „אָרגאַניזירן” ביי די אַרומיקע פויערים, די מחיהדיקע לופט, אָנגעזאַפּט מיט די ריחות פון לאָנקעס און סאָסנעוועלדער, האָבן געווירקט אויפן שטאַבס־פעלדפעבל ווי די בעסטע סאַנאַטאָריע. די שלאַבעריקע הויט אויף זיין פּנים איז שטייפער געוואָרן. די שטענדיק גראַזירטע באַקן האָבן געגלאַנצט. דאָס אַקוראַט אַרומגעשוירענע בערדל האָט דערמאָנט אין דעם אָנשפּאַר אונטערן קין פון די אוראַלטע פּרעהס, וואָס האָט זיי געצווונגען צו האַלטן שטאָלץ פאַרריסן זייער פּנים. פּיפּיקער האָבן זיך באַוועגט די פּיס און די געדאַנקען האָבן זיך געריסן אין די הייכן.

און ווי זאָל ער ניט זיין גוט געשטימט, אַז ער אַליין פירט איין אָרדענונג, אַ נייע אָרדענונג אין דער וועלט. ס'איז מקוים געוואָרן זיין הייסער באַגער: איצט זענען אויך ליטווינער, און רוסן, און פּאָליאַקן ביי אים הינטערן שטעכל־

דראָט: וואָס די קרייצטרעגערס האָבן ניט דערגרייכט מיט שווערד און בלוט אין משך פון יאָרהונדערטער, רעאַליזירט דער פירער איינס־צוויי. דער מיזרח, אָסטלאַנד, הייסט עס, וועט ענדלעך באַוווינט זײַן נאָר פון מענטשן מיט גערמאַניש בלוט, און ווי ס'איז די טעג געזאָגט געוואָרן אין דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּרעסע, וועלן די אָרטסגעבירטיקע זײַן באַמיסטיקונג אויף די ריזיקע שטחים, ווו אַ נײַער שײַנענדיקער מאָרגן גייט אויף פאַר דער דײַטשישער נאַציע.

בלײַבט בלויז צו ענדערן דעם אָפיציעלן נאָמען פון דער געגנט, ווו דער גורל האָט אים אַראָפּגעבראַכט, אונדזער שטאָבס־פעלדפעבל. אַ ריינראַסיקער דײַטש קאָן זיך אויסדרייען די צונג בײַם אויסריידן דעם ליטווישן נאָמען קײַ־שע־ראַ־דיס, צי קײַ־שע־דאַ־ריס, צי קײַ־שע־ראַ־מיס, דער טײַוול ווייסט, ווי סע הייסט דאָרטן. האָט ער געטראַכט, געטראַכט, זיך דערטראַכט און באַשלאָסן: פון איצט וועט עס בײַ אים הייסן — קוישערדע. אַ באַהעפטונג פון צוויי עכט גערמאַנישע ווערטער — אומשולד און ערד. די דאָזיקע ערד דאַרף זיך אָפּגעבן די דײַטשן, ווי אַן אומשולדיק מיידל איר באַשערטן.

אַ סך צײַט און אָרט וואָלט פאַרנומען, ווען מיר זאָלן וועלן אַלזײַטיק באַשרײַבן פּפאַנקוּכס אויפטוען און אַנטפּלעקן זײַן אַדמיניסטראַטאָרישן זשעני. איין מאָמענט טאָר מען אָבער ניט פאַרבײַגיין מיט שטילשווײַגן. דאָס איז די פּינקטלעכע און עפעקטפולע באַשטראָפונג פון פאַרזינדיקטע לאַגער־ניקעס. ער האָט קיין מאָל ניט געשטראָפט אָן אַ סיבה. דעריבער איז זײַן געוויסן געווען ריין — פאַר גאָט און דער מלוכה. ער האָט געוואָרנט מינדלעך און אויך אויסגעהאַנגען דעם מאָלערס קלאָר אָנגעצייכנטע מעלדונג: „דער־לויבט איז דאָס, וואָס דער לאַגער־פירער באַפעלט. אַל דאָס אַנדערע איז פאַרבאָטן!"

די שולדיקע אין עובר זײַן אויף דער דאָזיקער פאַראָרדענונג פלעגט מען פאַרשמײַסן אָדער הענגען אין בײַזײַן פון אַלע לאַגערניקעס. און דאָס איז פּפאַנקוך גאָר ניט אויסן געווען. כּדי אַנדערע צו פאַרהיטן פון אַן ענלעכער שטראָף, פלעגט ער זיך צעדרשענען צו די פאַרזאַמלטע:

— קוישערדער אַרעסטאַנטן! ייִדן, באַנדיטן, טעראָריסטן און אַזוי צוליב אָרדענונג אַהער אַרײַנגעפאַלענע! האָקט זיך אַרײַן אין אײַער אייזלשן געהירן: אײַער וועלט איז איצט קוישערדע! האָף איך, אַז די וואָס ווילן ניט פאַרזוכן

דעם פֿאַרגעניגן פֿון אַ גומי־פּלאַקן אויפֿן הוילן געזעס אָדער אַ שלייף אַרום האַלדז, וועלן עס יאָ פֿאַרשטיין און אײַנהיטן אָרדענונג!

ליידער האָט ספּאַנקוך געמוזט פֿעסטשטעלן, אַז זײַן לאַגער איז פֿול מיט טעמפּקעפּיקע באַשעפֿענישן, וואָס לייגן ניט קיין אַכט אויף זײַנע פֿאָטערלעכע אָנווײַזונגען. די צאָל פֿאַרזינדיקטע האַלט אין איין וואַקסן. געווען אַפֿילו אַנטלויפֿערס. דאָ האָט מען געמוזט באַזונדערש שטרענג רעאַגירן. ער האָט געשטראָפֿט די געבליבענע. אַנשטאָט דעם אַנטלאָפֿענעם פֿלעגט דער גורל אויסקלײַבן אַן אָביעקט פֿאַר דער באַלערנדיקער שטראָף־צערעמאָניע. מען פֿלעגט אים אויפֿהענגען און יעדער צענטער פֿון דער ריי האָט באַקומען שמיץ. אויב ס'איז מעגלעך אויסצודרעסירן הינט, פֿאַר וואָס זאָל מען צווייפֿיסיקע באַשעפֿענישן ניט קאָנען אײַנגעוווינען צו דיסציפּלין און אָרדענונג?

אָבער אויפֿהאַלטן אין קוישערדע אַן אײַזערנע דיסציפּלין און אַ שטרענגע אָרדענונג איז ניט לײַכט געווען. ס'האָט געשמעקט אינעם לאַגער מיט ווידער־שפּעניקייט און אָפֿענעם סאַבאָטאַזש. צום בײַשפּיל, קלאָר איז געזאָגט געוואָרן: די אויסגעגראָבענע טאָרפֿפּליטעס לייגן צום טריקענען אין שטאַבעלן פֿון לינקס אויף רעכטס. האָט עפּעס אַן אונטערמענטש אָנגעהויבן דווקא פֿון רעכטס, ווי ער וואָלט געשריבן אָדער געלייענט זײַן ייִדיש. ספּאַנקוך האָט עס באַמערקט און אַ דונער געטאָן:

— וואָס טוסטו?

און יענער, צי ער האָט ניט פֿאַרשטאַנען קיין דײַטש אָדער געמאַכט זיך ניט פֿאַרשטיין, יענער האָט געטאָן דאָס זײַניקע. ספּאַנקוך איז געווען קאָרעקט, איבערגעחזרט ווי אַזוי מען דאַרף אַרבעטן, נאָר זעענדיק אַז עס העלפֿט ניט, גענומען דערקלערן, וואָס עס באַטײַט אָרדענונג און דיסציפּלין, מיט דער פֿאַרשטענדלעכסטער שפּראַך — מיט דער שפּיצרוט איבערן קאָפּ, איבער די זײַטן.

דער לאַגערניק האָט קיין פּיפּס ניט געטאָן. וואָלט ער כאָטש אויפֿגעע־ציטערט, געשריִען פֿאַר ווייטיק און באַוויזן, אַז דעם לאַגער־פֿירערס באַ־מיִונגען זענען ניט אומזיסט. שטייט ער, אָנגעשפּאַרט אין דער לאָפּעטע, און שווײַגט. איז ספּאַנקוך געווען געצוווּנגען צו רעאַגירן קעגן דער ביַיזוויליק טעמפּער אײַנגעשפּאַרטקייט — אַרויסגעריסן די לאָפּעטע פֿונעם אַרעסטאַנטס הענט. פֿאַרפֿאָרן מיט איר שאַרף איבער זײַן קאָפּ און אים צעשפּאָלטן.

גלײַך נאָך דעם האָט ער געכאַפּט אַ לאַגערניק שטײן און קײַען. אַ קאָנטראָליר געטאָן און פעסטגעשטעלט: דאָס שטיקל ברויט וואָס ער האָט געקײַט, איז געווען באַשמירט מיט אַ פעטס. אַ שמעק געטאָן — ס׳איז פוטער! האָט עס פּפאַנקוכן אַזש אויפגעריסן: צוויי צי גאָר דרײַ פאַרברעכנס אויף אַ מאָל! עסן אין דער אַרבעטצײַט; עסן שפּײַז, ניט קיין פאַרויסגעזעענע אין דער מלוכיש פעסטגעשטעלטער נאָרמע פאַר אַרעסטאַנטן, און דריטנס — פוטער! פוטער, בעת דײַטשן גייען אויס נאָך דעם.

דעם דרײַפאַכיקן פאַרברעכער האָט פּפאַנקוך אַרײַנגעהאַקט אין קאָפּ זײַן זינד, און יענער — ווי ניט אים מיינט מען עס. איז געבליבן איין מיטל — לאָזן אים שפּירן, וואָס עס באַטײַט ניט אָפּהיטן סטאַטוטן און רעגלאַמענטן.

ניט דאָס ערשטע מאָל, אַז ער ווענדט אָן פיזישע קראַפט, אויספילנדיק זײַן היסטאָרישע מיסיע. דעריבער האָט פּפאַנקוך זיך פאַרוווּנדערט, וואָס נאָכן פאַרלויפעניש מיטן אײַנגעשפּאַרטן טאָרפגרעבער און דער געשיכטע מיטן פוטער־פרעסער, איז אים אַרײַנגעפאַלן אַ ווייטיק אין רעכטן עלנבויגן. אָונט צו האָט זיך דער ווייטיק איבערגעוואָרפן אין פּלייצע. דאָס האָט אים דערשראָקן און געצוווּנגען זיך צו פאַרטראַכטן. אפשר פאַרשווענדט ער איצט צו פיל פון זײַנע פיזישע רעסורסן, וועלכע ער מוז היטן און שפּאָרן פאַר ווײַטערדיקע דינסטן דעם פאָטערלאַנד?

מחשבות זענען אָפט אַ מקור פון קווענקלעניש. האָט פּפאַנקוך טאַקע אָנגעהויבן ספקן, צי ער וועט דאָ אין דער צוקונפט אויסקומען בלויז מיט דער שפּיצרוט.

פאַרן גיין שלאָפן, ווי ס׳איז געווען אײַנגעשטעלט, האָט זיך צו אים געמוזט מעלדן דער מאָלער. ער איז שוין מער ניט קיין עלטסטער. געבליבן איז ער אָבער נאָך אַלץ אַ צייכענער פון פאַרטרעטן, שילדן און אַ געוויסער ליוועראַנט פון זײַן מאַיעסטעט, דעם לאַגער־פירער.

דעם רינג פאַר דער טאָכטער האָט פּפאַנקוך באַקומען נאָך פאַרן אַרויס־פאָרן אין לאַגער. איצט איז דערגאַנגען ליזעלאָטעס ריי. ס׳וועט זײַן אויך פאַר איר אַ רינג. זאָל זי זען, וואָס פאַר אַן איבערגעגעבענעם מאַן זי האָט. אויסער ליזעלאָטען קאָן מען באַשטעלן רינגען פאַר אַנדערע גוטע פרײַנד און גוט דערבײַ פאַרדינען, בעת די סחורה קאָסט דיר ניט קיין פּפעניג. ס׳איז נאָר געווען שווער, ווערדליק דעם מאָלערס דערקלערונג, זיך צו

פֿאַרבינדן מיטן יוועליר, וואָס איז געבליבן אין דער שטאָטישער געטאָ.

— ווייסטו דעם יוועלירס נומער? — האָט פּפאַנקוך געפרעגט דעם מאָלער. — כ׳וועל אָפּגעבן אַ וועלכן ניט איז טויגענישט מיט אַ געלן שטערן און באַקומען אַנשטאָט אים אַ יוועליר. וועלן מיר האָבן אַן אייגענעם יוועליר גלײַך אונטער דער האַנט. ווי איז זײַן נומער?

— כ׳ווייס בלויז זײַן נאָמען און פאַמיליע.

צוויי מאָל פאַר איין טאָג האָט פּפאַנקוך זיך אָנגעשטויסן אין דער אומ־פּראַקטישקייט פון די נײַע פאַרוואַלטונגס־מעטאָדן. פריִער — דאָס ניט קענען די אָרטיקע שפּראַכן און באַנוצן זיך בלויז מיטן שלאָגמיטל, און איצט דאָס ליקווידירן נעמען און פאַמיליע־נעמען. נאָר גאָרניט, מען וועט זיך אַן עצה געבן.

— געוויס קענסטו ליטוויש, — האָט ער האַסטיק אַ ווענד געטאָן זײַן בליק צום מאָלער.

— יאָ.

— און רוסיש?

— אויך.

— פּויליש?

— אַ ביסל.

— גוט! זייער גוט! — האָט זיך דערפרייט דער שטאַבס־פעלדפעבל.

— איך וועל, ווײַזט אויס, דאַרפן אַן איבערזעצער, אַ דאָלמעטשער, הייסט עס... — דאָ האָט פּפאַנקוך פאַרקנייטשט דעם שטערן. אויסגעגלאָצט די אויגן, ווי ער וואָלט צום ערשטן מאָל דערזען דעם מאָלער: — וויפל שפּראַכן קענסטו אויב אַזוי? נאָר ניט לײַגן! ביסטו ניט אַ מאָל איינער פון יענע, די דאָזיקע... ווייסט דאָך, די דאָזיקע געהיימע, וואָס ווייסן אַלץ, קענען אַלץ... איינער פון די...

דער מאָלער האָט אומגעדולדיק געוואַרט, דער דײַטש זאָל שוין זאָגן וואָס ער מיינט און וויל. ניט פאַרענדיקט דעם זאַץ, ניט אויסגעדריקט דעם אָנגעהויבענעם געדאַנק, איז פּפאַנקוך אַריבער צום עיקר:

— הער אויס. גאָלד, גאָלד דאַרף איך, בראַסלעטן, פאַרטסיגאַרן, קייט־לעך. נאָר איבער הויפּט — גאָלדן געלט. פאַרשטייסט דאָך, די געשעפטן מיטן קריג זעען מיר אויס ניט אין גאַנצן פּערפעקטע און פאַרצויגענע. דאַרף מען

טראַכטן וועגן דער צוקונפט... און דו ביסט מײַן בעסטער פרײַנד, וועסטו פאַרשטיין...

— דער לאַגער־פירער ווייסט דאָך, אַז מען האָט פון אונדז, אין געטאָ, אַלץ צוגענומען.

— געהערט וועגן דעם. כ׳ווייס אָבער אויך, אַז איר האָט ניט אַלץ אָפּגעגעבן. דערויף זענט איר דאָך ייִדן, וואָס נאַרן שטענדיק אָפּ די מאַכט. אָבער מיך וועסטו ניט אָפּנאַרן. איר האָט פאַרשטעקט, באַהאַלטן. און אויב דו ביסט איינער פון די, פון יענע וואָס ווייסן אַלץ... וועסטו מיר מוזן ווײַזן, ווו איר האָלט באַגראָבן די אַלע זאַכן... גאָלד, בריליאַנטן!

— כ׳וועל זיך באַמיִען, — האָט פלוצעם צוגעשטימט דער מאָלער.

אויסגעשעפּט אַלע ענינים, וואָס ער האָט פאַרויסגעזען פאַרן הײַנטיקן אָוונט, האָט דער לאַגער־פירער געגעבן דעם מאָלער אַ צײכן זיך אָפּצוטראָגן.

נאָכקוקנדיק דעם אַרויסגייענדיקן, האָט פּפאַנקוך באַמערקט, אַז די געלע שטערן אויף יענעמס ברוסט און רוקן זענען שטאַרק אָפּגעבליאַקעוועט. „באַנײַען זיי וועסטו פאַרשפּאָרן!״ — האָט ער זיך דערפרייט, און זיך גענומען פאַרשטעלן, ווי ס׳וועט פאַרשווינדן דער דאָזיקער סודות־טרעגער זײַנער...

אַ צופרידענער און מאָדנע אומבאַזאָרגטער, האָט פּפאַנקוך אויף טשי־קאָוועס אַ בלעטער געטאָן די הײַנטיקע צײַטונג. שוין לאַנג, אַז ער נעמט ניט קיין צײַטונג אין האַנט אַרײַן. וועגן נצחונות גיט זי איצט ניט צו וויסן, און אויסגלײַכונגען, פאַרקירצונגען פון פראָנטליניעס אינטערעסירן אים ניט... ער פלעגט קיין מאָל ניט לייענען די נעקראָלאָגן. מורא געהאַט אַ בליק צו טאָן אויף דער אָנגעפּיקעוועטער מיט שוואַרצע ראַמלעך לעצטע צײַטונג־זײַטן. נאָר הײַנט (קענטיק, די פּאָרזעונג אַליין האָט עס באַפוילן), הײַנט האָבן די אויגן, אַנטלויפנדיק פון די שרעק אָנוואַרפנדיקע נעקראָלאָגן, זיך אָנגעשטויסן אין אַ סורפּריז. דער לייטענאַנט, זײַן געוועזענער שעף, האָט געפונען דעם העלדנטויט אויפן מיזרח־פראָנט!

פון אָנהייב האָט עס פּפאַנקוכן צעטומלט. איבערכאַפּנדיק אָטעם, האָט ער גענומען לאַכן, הירזשען. ווידער איבערגעלייענט די עטלעכע קאַרגע נעקראָלאָג־שורות, זיך איבערצײַגט, אַז ס׳איז טאַקע זײַן געוועזענער שעף און ניט קיין אַנדערער, האָט ער זיך אָנגעגאָסן אַ פול־פולן בעכער.

— פּראָזיט, הער לייטענאַנט! פיל גליק אויף יענער־וועלט! צום ווויל, בראַוועור פּראָנטהעלד! לעקען זי מיך אַם אַרש! ס׳הייסט, קושט מיר אין הינטן און גיט איבער די בעסטע גרוסן דעם ספינקס׳ עלטער־באָבען!

פאַרגעסן דעם וויטיק אין האַנט, האָט פּפאַנקוך וווּליונגעריש אַרויפ־געזעצט אויפן קאָפּ דאָס שטײַפע פּאַראַד־היטל, צוגערופן דאָנאַרן און, ווי שטענדיק פאַרן שלאָפן גיין, אַרויס מיט אים אויף אַן אינספּעקציע־שפּאַציר. אומקערנדיק זיך האָט ער, ווי געוויינטלעך, פאַרענדיקט דעם לאַנגן, מיט דינסטפליכטן איבערגעלאָדענעם טאָג: געבליבן שטיין אויפן גאַנעק פון דער וואַכשטוב, ווו ער איז געוועזן אײַנגעקוואַרטירט, און נאָך אַ מאָל, פון ווײַטן, דורכגענישטערט מיט אַ פאַרשעריש שאַרפן בליק אַלע ווינקעלעך פונעם לאַגער. די ליכטער אין אַלע באַראַקן־פענצטער — אויסגעלאָשן. געלע פאַסן פּראָזשעקטאָרן־שײַן, אַראָפּגעלאָזטע פון די וואַכטורעמס, זענען צעלייגט איבער דעם שטעכלדראָט־צוים. ער זעט אַפילו אינעם נאַכטבלוי די לופעס פון די קוילן־וואַרפערס אַרויסשטעקן פון וואַכטורעמס. שטיל, רויִק אומעטום. רויִק ווי אויף אַ בית־הקברות. איבערצײַגט, אַז אַלץ איז אין בעסטער אָרדע־נונג, און אַז אַפילו די היגע זלידנע קאָמאַרן בײַסן הײַנט ניט אַזוי אינטענסיוו ווי שטענדיק, האָט ער מיט נאָך אַ גרעסערער הנאה פאַרצויגן אויף זײַן מוילהאַרמאָניק דעם באַליבטסטן נומער פון זײַן רעפּערטואַר — „וואָלגאָ, וואָלגאָ״...

די פּאָפּולערע אין דער גאַנצער וועלט רוסישע מעלאָדיע האָט זיך אָוועקגעטראָגן אין די דערבײַיִקע וועלדער, וואָס האָבן באַזוימט דעם רויט־געלבלעכן, זיך לעשנדיקן האָריזאָנט.

**דעם הונטס סוף**

פאַקטן האָבן דערוויזן, אַז דער דיסעלדאָרפער אַסטראָלאָג וואָס האָט אויפ־געשטעלט האַנס פּפאַנקוכס האָראָסקאָפּ און פאָרגעזאָגט דעם הויכן אויפשטײַג פונעם שטאַבס־פעלדפעבלס שטערן, האָט קיין טעות ניט געהאַט.

פּפאַנקוך פלעגט אָפט גלאָצן די אויגן צום הימל, זוכנדיק זײַן שטערן. דער סאַמע העלסטער איז דעם פירערס. די וואָס שימערירן דערנעבן, געהערן צו זײַנע קאַמפּס־גענאָסן — גערינג, געבעלס, הימלער, ראָזענבערג. די בלאַסע, קוים לײַכטנדיקע שטערנדלעך, גלײַך זעמדעלעך אויסגעשאָטענע אויפן נאַכ־

טיקן הימלפליין, זענען פון קליינע מענטשעלעך, פון מינערוועריקע באַשע־פעניש. „וועלכער קאָן זײַן מײַן שטערן?" — פלעגט פּאַנקוך פּרוּוון טרעפן. געוויס איינער פון די שימערירנדיקע.

נאַכט, שטערן, האָראָסקאָפּ...

אַ גורלדיקע ווענדונג אין דעם שטאָבס־פעלדפעבלס לעבן איז אָבער פאָרגעקומען דווקא בײַ זונשײַן, אין מיטן העלן טאָג. אַ ווענדונג וואָס האָט אים געצווונגען צו ספקן אין די נביאות פון דיסעלדאָרפער שטערנזעער.

דער טאָג איז געווען אַ לויטערער, אַ זוניקער. אַלץ אַרום האָט געגרינט, געבליט, געלעבט. בלויז דאַנאַר איז געווען טויט! ער איז געלעגן אויף אַ זײַט, אויסגעצויגן אין זײַן גאַנצער אומגעווייִנטלעכער לענג, מיט בייז אויס־געשטשירעטע ציין, מיט אַן אויסגעגלאָצטן מוטנעם אויג.

ווי אַזוי? פאַר וואָס? קיינער וועט אײַך דערוועגלע אויף דעם קיין ענטפער ניט געבן. אַפילו ניט דעם הונטס אַלץ ווייסנדיקער, אַלמעכטיקער בעל־הבית. ס'אומגליק האָט פּאַנקוכן געפּלעט ווי מיט אַן אײַנפרענט איבערן קאָפּ.

זיין געטרייסטן פרײַנד האָט פּאַנקוך באַשטאַט אין אַן אָרון פון געהובלטע דעמבענע ברעטער. דער מאָלער האָט אים ברוין באַפאַרבן און אויפן דעקל אָנגעמאָלן אַן אימפּאָזאַנטן הינטישן קאָפּ פון דער וואָלפראַסע. באַגראָבן האָט מען דאַנאַרן אונטערן פענצטער פון דעם לאָגער־פירערס ווײַנבאַראַק. אויפן פריש אָנגעשאָטענעם, מיט בלומען באַפלאַנצטן בערגל ערד — געשטעלט אַ בערעזע־פלעקל מיט אַ שוואַרצן שילד, אויף וועלכן דער שטאָבס־פעלד־פעבל האָט אייגנהאַנטיק אָנגעשריבן מיט ווײַסע גאָטישע אותיות: „דאָ רוט, פון דער שיקזאַל־האַנט פאַרשניטן, ד אַ נ אַ ר, דער געטרײַסטער פון די געטרײַע באַשיצערס פון זײַן האַר און געוועלטיקער, און דערפאַר — פון דײַטשלאַנדס גרויסקייט און דעם פירערס אייביקן רום".

— וואָס ווייסטו, מאָלער, וואָס דאַנאַר איז געווען?! — האָט דער שטאָבס־פעלדפעבל אויסגעגאָסן זײַן ביטער האַרץ. — ווען די אַלטע גערמאַנער פלעגן אַרויס אין שלאַכט, האָבן זיי געזונגען לידער צו דאַנאַרס אַכפּערונג. ער איז געווען זייערער אַ גאָט און דער דעמאָן פון געוויטער, זייער ערשטער קריגער אויפן שלאַכטפעלד. און איצט איז אונדזער דאַנאַר, דאַנאַרכען, ניט געוואָרן, ביטאָ...

דער מאָלער האָט אָנגעשטרענגט געקוקט אויף פּאַנקוכן, מיט באַדויער

געשאָקלט דעם קאָפּ, און אויך געוואָרפן אַ בליק אויפן סופיט, אויפן עלעק־טרישן לאָמפּ, וואָס איבערן טיש.

קיין וואָרט וועגן געשעפטלעכע ענינים. איצט זענען טרויערטעג, טרויער נאָך דאַנאַרן, און פפאַנקוך האָט צום ווייפלטן מאָל זיך אויסגעטענהט:

— וואָס ווייסטו, מאָלער, וויפל זאָרג ס'איז געווען, ביז כ'האָב אויפ־געהאָדעוועט אַזאַ דאַנאַר. ניט קיין הונט, אַן אייבערהונט! יאָ, יאָ, ווערטער קאָן מען גלייבן און ניט גלייבן. אָבער דאָקומענטן! זיי מוז מען גלייבן.

אין אַ שיינער לעדערנער פּאַפּקע האָט פפאַנקוך געהיט זײַן פּערזענלעכע קאָרעספּאָנדענץ, די אָריגינאַלן פון די באַקומענע און די קאָפּיעס פון זײַנע אַרויסגעשיקטע בריוו. אויסדרוקספול, ערטערווײַז טיף אויפגערעגט, האָט ער פאַרגעלייענט זײַנעם אַ בריוו, אין וועלכן ער רופט צו גערעכטלעכער אַחריות דעם בעל־הבית פון דיסלדאָרפער הינטבעריזע, בײַ וועמען ער האָט געקויפט דאַנאַרן. באַשולדיקט האָט ער דעם פאַרקויפער, אַז באַלד נאָכן ברענגען דאָס הינטל אַהיים, האָט זיך אַרויסגעשטעלט: ערשטנס — דאָס הינטל האָט פליי; צווייטנס — עס לײַדט פון שילשול און ברעכט; דריטנס — עס האָט אַ בײַסונג און קראַצט זיך; פערטנס — דאָס אָרעמע באַשעפעניש איז אונטער־דערנערט; פינפטנס — עס שלאָפט שווער אײַן און שלאָפט נערוועז; זעקסטנס — עס ציטערט מיטן גאַנצן קערפּער און האַלט זיך קוים אויף די פיס...

און פאַר דעם אַלעם האָט ער, האַנס פפאַנקוך, די ערע אָנצוקלאָגן דעם פאַרברעכערישן פאַרקויפער אין געריכט!

פאַרענדיקט לייענען, האָט דער שטאַבס־פעלדפעבל פאַרהאַלטן אויף זײַן צוהערער אַ זיגערישן בליק, ווי איינער זאָגט: „אָט וואָס איך קאָן! פון אַ קוים לעבעדיק באַשעפעניש אויסהאָדעווען אַזאַ הונט! אַזאַ דאַנאַר!"

אויסהערנדיק דאָס אַלץ האָט דער מאָלער מיטליידפול אַרויסגעלאָזט אַ הילכיקן זיפץ.

— יאָ, זעסט, — האָט פפאַנקוך מיט אַ קרעכץ צוגעמאַכט די פּאַפּקע, — אַזוי איז עס אויף אונדזער וועלט: מען ווערט ניט פאַרגיטיקט פאַר פאַרדיסטן. וויפל מי האָב איך אַרײַנגעטאָן! געכאָוועט, אויסגעדרעסירט. קיינעם אויסער מיך האָט ער ניט אָנערקענט. זאָגאַר דיך, וואָס דו ביסט בײַ מיר אַן אָפּטער אַרײַנגייער, וואָלט ער צעריסן אויף מײַנעם אַ ווונק. ניטאָ, ניטאָ מער אַזאַ געטרײַער פרײַנד! וויסט און לער... שרעקלעך... שוידערלעך...

צעשפּיליעט דעם מונדיר, האָט פּפּאַנקוך זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ בענקל לעבן דעם שפּײַזזאַלמער, אַרויסגענומען אַ פלאַש קאָניאַק און לאַנג געזשליאָ־קעט דעם שטאַרקן געטראַנק דירעקט פון העלדזל. ניט אויף לאַנג האָט דער אַלקאָהאָל געקאָנט אים פּענטען די צונג. באַלד האָט ער ווידער אָנגעהויבן:

— עך, דיסעלדאָרפער אַסטראָלאָג, שטערנזעער מײַנער... ווי, וואָס, ווער האָט דאָנאַרן אַוועקגעשיקט אויף יענער־וועלט, האַ? מאָלער, האַ?!

דער מאָלער האָט זייער ערנסט אויסגעפירט:

— מײַן באַשיידענע מיינונג איז, אַז דעם הער שטאַבס־פעלדפעבלס בריוו, פאַקטיש, דאָנאַרס לעגיטימאַציע, זײַן גענויע דעקט אומצווייד־ײַטיק אויף דעם ביאָלאָגישן באַזיס פון זײַן טויט. דאָס וואָס דער הונט האָט איבער־געלעבט אין פריסטן עלטער, קאָן ניט פאַרבײַגיין אָן רעזולטאַטן. בלוט, ראַסע, אָפּשטאַם... ווייסט מען, ווער ס'האָט אים פּראָדוצירט?

פּפּאַנקוך איז אויפגעשפּרונגען:

— וואַרט נאָר, אייגנטימער פון דער הינטבערזע! אויב אַ באָמבע האָט דיך ביז איצט ניט קאַפּוט געמאַכט, וועל איך, קומענדיק אויף אורלויב, מאַכן פון דיר אַ געהאַקטן דײַטשישן ציבעלע־ביפסטעק!

דער שטאַבס־פעלדפעבל האָט געפילט, אַז מיטן טויט פון זײַן בעסטן פרײַנד איז אים אַרויסגעריסן געוואָרן אַ שטיק געזונט, און פון אונטער די פיס איז אים אַוועקגענומען געוואָרן דער זיכערער באָדן. אַרום זיך האָט ער געזען די קאָנקרעטע פאַרקערפּערונג פונעם ראַסן־כאַאָס: הינטער די צוימען — אַ באַנדע אונטערמענטשן; אַרום די צוימען — די לאַגערוואַך, צונויפ־געשלעפּטע פון פאַרשיידענע לענדער, אָפּגעקויפטע נשמות. זעלטן ווער פון זיי איז אַ רײַנבלוטיקער דײַטש, צי כאָטש אַ פאָלקסדײַטש, וואָס רעדט אַ צעבראָכענעם דײַטש. דערצו די אָרטסגעבירטיקע אײַנוווינערס, וואָס דרייען זיך נאָך אַרום אויף דער פרײַ... אויף וועמען בלײַבט אים איצט זיך צו פאַרלאָזן? סײַדן אויפן מאָלער. פּפּאַנקוכן האָט אויסגעזען, אַז דווקא דער דאָזיקער טיפּ ווינטשט אים ניט קיין שלעכטס. ניט נאָר ווי אַ מאָלער, ליוועֿ־ראַנט פון ווערטזאַכן און אויספירער פון באַשטעלונגען, נײַערט אויך ווי אַן איבערזעצער דינט ער אים געטרײַ. בלויז איין מאָל... פּפּאַנקוכן איז אויפגע־פאַלן, אַז אין די לאַגערן באַגעגנט מען אים אָפּט און מען באַגלייט אַרויס מיט איינע און די זעלבע אויסרופן. מיטן וואָרט „קײַשענע" צי „קיאָושענענע".

ער הערט דאָרטן אויך „יאַשניצאַ“, „יאַיענטשניצאַ“ צי עפּעס ענלעכס. האָט ער געפרעגט דעם מאָלער, וואָס דאָס אַלץ באַטײַט.

באַמערקנדיק אַן אײַנגעהאַלטענעם שמייכל אויפן מאָלערס ליפּן, האָט פּפאַנקוך בייזלעך אויפגעהויבן די שטים:

— שמייכלסט, שפּראַכן־קענער מײַנער! דאָס שמייכלען וועט דיר אין גיכן פאַרגיין. מיין ניט, אַז קוים האָסטו איבערגעלעבט דאַנאַרן, וועסטו אויך... אויב מיר איז באַשערט ווי דאַנאַרן, וועל איך באַווײַזן פרײַער דיך און אַלע דײַנע ברידער אַהין אַוועקשיקן...

— אַ דאַנק פאַר דער געפעליקייט. ניט געוווּסט, אַז איר האָט אונדז אַזוי גערן, אַז אין ערגעץ קאָנט איר אָן אונדז ניט אויסקומען. נו, וועלן מיר דאָרטן צייכענען פּאָרטרעטן פון מלאכים... — ווי וועלנדיק פאַרלויפן פּפאַנקוכס רעאַקציע אויף זײַנע גאַנץ חוצפּהדיקע רייד, האָט דער מאָלער אים דערלאַנגט אַ קידושין־רינגעלע: — הער לאַגער־פירער, דאָס איז פאַרלויפיק. ביטע, עכט גאָלד!

— ווידער אַ רינג, — האָט זיך פּפאַנקוך פאַרקרימט. פון דעסטוועגן האָט ער אים צוגענומען, דערקלערנדיק: — דעם רינג, אויב ס׳איז דײַן הייראַטסרינג, קער איך דיר אום אויף דײַן ערשטער ביטע. בײַ מיר איז ווי אין אַ סייף. און דו פאַרצי ניט און זאָג בעסער, ווו, בײַ וועמען ס׳איז פאַרשטעקט גאָלד, בריליאַנטן. פאַרליר ניט קיין צײַט. כ׳גיב דיר אַ טערמין — איין וואָך! ביז איצט בין איך געווען פון דיר צופרידן. ביסט אַ קלוגער יונג. אַ שאָד, ווירקלעך אַ שאָד, וואָס האָבנדיק אַזאַ היפּשן אויסזען, ביסטו פּאָרט ניט קיין אַריער. וואָס קאָן מען מאַכן. יעדערער מיט זײַן שיקזאַל־שטערן...

— הער לאַגער־פירער, — האָט דער מאָלער זיך מיליטעריש אויסגעצויגן, — כ׳וויל מעלדן אײַער גנעדיקער האָהײַט, אַז דאָ אין לאַגער איז פאַראַן אַ ליטווישער אַרעסטאַנט, וואָס איז אַרײַנגעפאַלן פאַרן היטן פאַרמעגן פון ייִדן, געלאָפענע מיט די סאָוועטן. מען זאָגט, אַז ער האָט באַגראָבן אַ סך גאָלד און זילבער און בריליאַנטן...

ניט באַווײַזן האָט ער צו פאַרענדיקן, ווי פּפאַנקוך איז אויפגעשפּרונגען און באַפעלעריש אויסגעשריִען, אַ זעץ טוענדיק מיט דער פויסט אין טיש:

— זאָל ער קומען!

אויסגעשריִען און שטילער, אָבער נאָך אַלץ מיט אַ טאָן פון אַ הערשער, וויַטער גערעדט:

— איך וועל קאָנטראָלירן, צי דו ליַגסט ניט. קאָנטראָלירן אין די דאָ־קומענטן, צוליב וואָס דיַין ליטווינער איז אַריַינגעפאַלן. כ׳וועל באַפעלן, מען זאָל דיר לאָזן מיט אים אַ שמועס טאָן. ביסט דאָך, אַזוי צו זאָגן, מיַין דאָל־מעטשער. נו, און אַז דו זאָלסט מעגן צו יעדער צײַט צוזאַמען מיט אים קומען צו מיר, וועל איך אויך אָנזאָגן. צוזאַמען וועלן מיר אַלץ גענוי אָפּריידן — ווי, ווען, ווו. זע, אַלץ זאָל מיר זיַין אויסגעקלאָרט ביז צו דער מינדסטער דעטאַל. פאַרשטאַנען?! קאָנסט זאָגן יענעם מענטש, אַז מען וועט אים פאַר־קלענערן די שטראָף, אויב די זאַך וועט קלאַפּן. זאָג, אַז איך וועל אים אין גאַנצן באַפריַיען. פאַרשטאַנען?! און אויך דיך וועל איך ניט פאַרגעסן...

## די גורל־שעה פונעם הונטס בעל־הבית

בלויז עטלעכע טעג זענען פאַרביַי זינט דאַנאַר האָט אויסגעצויגן די פיס, און פּפאַנקוך איז געוואָרן ניט צו דערקענען: בלאַס, אָן אַ טראָפּן בלוט אין פּנים, אָפּגעצערט ווי נאָך אַ שווערער קרענק. ס׳האָט אים ניט געקאָנט טרייסטן די האָפענונג אין גיכן פאַנטאַסטיש ריַיך צו ווערן. ווו וועסטו באַהאַלטן דאָס פאַרמעגן, אַז סכּנות לאָקערן פון אַלע זיַיטן? איז ער געשלאָפן ביַי ליכט, מיט אַן אויטאָמאַטישן פּיסטויל צו קאָפּנס. ביַי יעדן שאָרך אויפ־געכאַפּט זיך, געכאַפּט דעם פּיסטויל. אויפן גאַנעק פון זיַין קוואַרטיר האָט ער אָוועקגעשטעלט אַ פּאָסטן, אויסגעקליבן פון די סאַמע פאַרטרויטע — אַ ריינבלוטיקן פאָלקסדיַיטש און אים אָנגעזאָגט: פון אָוונט קיינעם, אויסער דעם „דאָלמעטשער" און נאָך איינעם וואָס ט׳קומען מיט אים, ניט אַרויפלאָזן אויפן גאַנעק.

גאָר גיך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיַין שרעק איז ניט געווען אומזיסט.

אין איינעם אַן אָוונט האָט פּפאַנקוך דערהערט אויפן גאַנעק אַ מאָדנע פאָרען זיך. דערנאָך — אַ קלאַפּ, אַ קרעכץ, ווידער אַ קלאַפּ. עמעצער האָט אָנגעקלאַפּט אין זיַין טיר: צוויי מאָל צו דריַי האַסטיקע קלעפּ. גאָט צו דאַנקען, אָנגעקלאַפּט מיטן אָפּגעמאַכטן צייכן. אמת, אַ ביסל צו פרי. נאָר, גאָט צו דאַנקען, ס׳איז געווען דער מאָלער. ווי שטענדיק האָט ער אַראָפּגענומען ס׳היטל, טיף זיך פאַרנייגט, זייער העפלעך געזאָגט דעם „גוטן אָבענד".

פפאַנקוך האָט צוריקגעלייגט דעם פּיסטויל אונטערן צוקאָפּנס, און פּלוצעם... ווידער אַ פאַטאַלער „פּלוצעם"! דער מאָלער האָט אַ הוסט געטאָן און אין דער טיר איז אויסגעוואַקסן אַן אַרעסטאַנט מיט אַן אויטאָמאַט אין די הענט... די רער פונעם וואָפן אָנגעשטעלט דירעקט אויף אים, דעם שטאַבס־פעלד־פעבל, דעם לאַגער־פירער!!!

פפאַנקוך האָט שאַרף אַ קוק געטאָן אויפן מאָלער, ווי פאָדערנדיק דער־קלערן, וואָס דאָ קומט פאָר. נאָר וואָס פאַר אַן אומגעהײַערע אומוואַנדלונג! ניט דער אונטערטעניק געהאָרכיקער, דינסטווייליקער מאָלער איז פאַר אים געשטאַנען. דער דאָזיקער ייִדישער אונטערמענטש האָט ניט מיט זײַן שטענ־דיק ווייכער, געלאַסענער שטים, נאָר העזהדיק־באַפעלעריש געהייסן אים, דעם לאַגער־פירער, ניט רירן זיך פון אָרט, אַניט וועט ער דערשאָסן ווערן! און אַליין, אַ וואָרף טועדיק זיך צום הענגענדיקן מונדיר אויף דער וואַנט, פאַרכאַפּט זײַן, דעם שטאַבס־פעלדפעבלס פּערזענלעך וואָפן — דעם פּאַ־ראַבעלום.

פפאַנקוכן האָט די צונג זיך צוגעקלעפּט צום גומען. אַ דײַטשישער פּאַראַבעלום בײַ אַ ייִדישן אונטערמענטש אין האַנט! טרוקן איז אים געוואָרן אין מויל. ער האָט אַ צופּ געטאָן זײַן בערדל: צי ס'חלומט זיך אים? דער מאָלער וואָס איז איצט שוין אויך געווען באַוואָפנט, האָט באַפוילן נאָך מער אָפּגיין פון געלעגער, ווו ס'איז געווען באַהאַלטן אונטערן קישן די לעצטע האָפענונג זײַנע, דער אויטאָמאַטישער פּיסטויל...

— דאָס געווער נידערלייגן! לאָס! וועלכער שפּאַס!!! — האָט פפאַנקוך אַ טופּע געטאָן מיטן פוס.

— ניט טומלען, הער לאַגער־פירער, ניט אויפרעגן זיך און אַנדערע. ווי זאָגט מען אין דײַטש: שטענדיק רויִק זײַן און קאַווע טרינקען! — האָט קאַלטבלוטיק גערעדט דער מאָלער. — מיר'ן אַלע געשעפטן דערליידיקן האַסטיק, ניט פאַרלירנדיק קיין טײַערע צײַט. דעם שטול — אויפן טיש און ניט הייבן די שטימ!

אַ רויט אָנגעצונדענער, מיט אויפגעבלאָזענע באַקן און געבײַלטע פויסטן, האָט פפאַנקוך אַרויסגעפּלאַצט:

— הערט נאָר, איר, אונטערמענטשן! פאַרגעסן, ווער איך בין?!

— ניט פאַרגעסן, ניין, — האָט געענטפערט דער מאָלער. — דערפאַר

טאַקע באַפֿעלן מיר אָװעקשטעלן דעם שטול אױפֿן טיש! װען ניט, שיסן מיר!

— מיך, ע, ע, מיך? — האָט דער שטאַבס־פֿעלדפֿעבל געשטאַמלט. — דאָס איז אוממעגלעך. איך װעל שרײַען!

— בײַם ערשטן פּיפּס — פֿליט אַ קויל!

צװײ רערן האָבן געצילט אין פּפֿאַנקוכן. האָט ער געפֿאָלגט, אַרױפֿגעשטעלט דעם שטול אױפֿן טיש, מורמלענדיק דערבײַ:

— ס'איז אַ שרעקלעכע מיספֿאַרשטענדעניש... אַ שרעקלעכע...

— יאָ, באַלד פֿאַרגעסן, — האָט זיך געכאַפּט דער מאָלער. — די האַרמאָניק אָהער!

— די האַרמאָניק, האַרמ... — האָט פּפֿאַנקוך אַ ביסל לײַכטער אָפּגעאָטעמט. — ביטע. גלײַך פֿאַרשטאַנען, אַז איר שפּאַסט.

ער האָט אַרױסגעשלעפּט פֿון קעשענע דאָס אינסטרומענטל, געפֿעליק עס אױסגעשטרעקט דעם מאָלער, מאַכנדיק צו אים עטלעכע טריט.

— ניט פֿון אָרט! — האָט דער מאָלער שטרענג געװאָרנט. — װאַרף צו! אָט אַזױ. אױך די שליסלען פֿון דער געװער־קאַמער אַהער!

פּפֿאַנקוך האָט נאָך אַלץ ניט באַנומען, װאָס דאָ טוט זיך. אפֿשר װירקט אַזױ שטאַרק דער פֿריִער אױסגעזופּטער שנאַפּס? אַ שרעקלעך געטראַנק די היגע װאָדקאַ... דווקא הײַנט זיך אָנגעזופּט מיט איר און שלעכט פֿאַרביסן. זי איז שולדיק, װאָס אין צימער זענען אָנגעקראָכן געשפּענסטער מיט אױטאָמאַטן און פֿאַראַבעלומס. פֿון לינקס, פֿון רעכטס — אומעטום זענען זײ. אַפֿילו פֿון הינטן... ער האָט דערשפּירט אױף זײַן רוקן דעם בריִיקן אָטעם פֿון טױטשפּײַענדיקע רערלעך. דער פֿינגער זאָל נאָר ניט אַ קװעטש טאָן דאָס צינגל. אײן קװעטשעלע, און ניטאָ האַנס פּפֿאַנקוך! װי פֿאַרהאַלט מען דעם פֿינגער? װי פֿאַרציט מען די צײַט, אַז די געטלעכע השגחה זאָל באַװײַזן קומען צו הילף? אױף די פֿאַרלאַנגטע שליסלען זענען שױן בײַ די אַרײַנדרינגלערס, און זײ איז נאָך אַלץ װײניק. װילן, ער זאָל אַרױפֿקריכן אױפֿן טיש. ניין! דאָס איז שױן צו פֿיל!

— װאַכמ... — האָט ער געפּרוּװט אױסרופֿן.

— ניט שרײַען! — האָט אים איבערגעשלאָגן דער מאָלער. — דער װאַכמאַן ליגט מיט אַ צעשפּאָלטענעם שאַרבן. דערקענסט ניט דעם אױטאָמאַט? זײַנער! — ער האָט געװיזן אױף זײַן מיטהעלפֿער, װאָס איז מיטן

וואָפן געשטאַנען בײַ דער פאַרמאַכטער טיר און ניט אויפגעהערט צילן אין פפאַנקוכן.

ניטאָ קיין אויסוועג. ביז די הילף וועט קומען, מוז מען פאַלגן, אויספירן באַפעלן, געהאָרכיק אונטערוואַרפן זיך פאַדערונגען. אַרויפהייבן זיך אויפן טיש איז ניט לײַכט אָנגעקומען פפאַנקוכן. לײַכטער איז שוין געווען זיך שטעלן אויפן שטול. ער האָט בלויז געוואָרטשעט:

— כ׳ווייס ניט, וואָס איר ווילט. איך בין, דאַכט זיך, געווען צו דיר... צו אײַך, הער מאָלער, אַזוי גוט, אַזוי גוט...

און ער, דער מאָלער, אַנשטאָט אָפּצודאַנקען זײַן וווילטוער, האָט אים חוצפּהדיק געדוצט און אונטערגעטריבן:

— שנעלער, פּרווו אויס דעם האָקן! יענעם, אויף וועלכן ס׳הענגט דער לאָמפּ. זיצט פעסט?

געזאָגט און דערלאַנגט פפאַנקוכן אַ שטריק.

אויף איין ברעג פונעם שטריק איז געווען אַ קליין פעטלקע, אויפן צווייטן — שוין אַ גרויסע פעטליע.

— און איצט דאָס קליינע שלייפעלע אויפן האָקן אַרויפטאָן! — האָט געפאָדערט דער מאָלער, פאָכענדיק מיטן פאַראַבעלום. — שנעלער, אַניט ווערט געשאָסן. אין דיר!

דערזען אַז מיטן מאָלער קאָן ער זיך ניט צונויפריידן, האָט פפאַנקוך זיך געווענדט צום צווייטן אַרײַנגעקומענעם, צו דעם וואָס מיטן אויטאָמאַט, געזוכט בײַ אים מיטגעפיל. אָבער יענער האָט מיט עקל עפּעס אַ ברום געטאָן אויף אַן אומפאַרשטענדלעכער שפּראַך, אויסגעשפּייגן און פאַרענדיקט מיט די סודותפולע „קײַשע...נע״ און „יאַיש...ניצאַ״. דערצו נאָך אַ סטראַשע געטאָן מיטן וואָפן. מען האָט ווידער געמוזט פאָלגן, אויספירן דעם באַפעל: ס׳קליין שלייפעלע אויפן האָקן!

— און איצט — דעם שלייף אויפן האַלדז! — האָט אויפגעהילכט דעם מאָלערס גרויליקער באַפעל, גלײַך די האַק וואָס פירט אויס די טויטאורטלען אינעם דריטן רײַך, וואָלט זיך דומפּ אַרײַנגעזעצט אינעם לאַגער־פירערס נאַקן. — אויפן האַלדז!

פפאַנקוכס באַקן — אײַנגעפאַלן, דאָס אויסגעטריקנטע מויל — אויפ־געריסן, דאָס בערדל — שלאַבעריק אַראָפּגעהאַנגען... ווי האָט געקאָנט פאַ־

סירן, אַז די וועלט וואָס מיט זײַן, פפאַנקוכס, אַנטייל האָבן די רײַנראַסיקע גערמאַנער שוין באַלד אײַנגענומען און אײַנגעשטעלט אין איר אָרדענונג, איז איבערגעקערט געוואָרן קאָפּ־אַראָפּ, פיס־אַרויף? געוויס, דער ראַסן־כאַאָס האָט ווידער גענומען די אייבערהאַנט. די אונטערמענטשן זענען באַ־וואָפנט און ער, דער רײַנבלוטיקער זון פונעם דײַטשישן האַרנפּאַלק, שטייט מיט הוילע הענט ערגעץ הויך אַרויפגעהויבן איבער דעם כאַאָס... אַ וועלט מיט געשפּענסטער... ניין, ניט דער מאָלער, ס'איז איינער פון יענע צוויי מאָל זעקס און דרײַסיק געהיימע יידן, פון וועמענס הענט מען קאָן ניט אַנטרינען. אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די מאַסקע, טוען זיי איצט פּאַרטיליקן די אַרישע ראַסע... און צווישן די פּאַרטיליקערס — דער מאָלער, איינער פון די, וועמענס נאָמען ער האָט מורא איבער די ליפּן צו ברענגען...

— איצט, איצט ווייס איך! דו! דו! — אײַנגעקלאַמערט מיט ביידע הענט אינעם אַראָפּהענגענדיקן שטריק, האָט פפאַנקוך מיט גרויל געשטאַמלט. — דו, פון יענע... ציון־עלטסטע, וואָס מאַסקירן זיך... פון יענע... זאָג, מײַן אורטייל איז אונטערגעשריבן מיט בלוט?

— געוויס! מיט בלוט!

— , געטער! דאָנער, וואָטאַן, טאָר! — האָט געכריפּעט דער שטאַבס־פעלדפעבל. — פאַרלוירן, פאַרלוירן, כ'בין פאַרלוירן! מײַן שיקזאַל־שטונדע! גאָטס ווילן... ער אַנטפּלעקט זיך אין באַפעלן פון מענטשן, האַ? — און דעם שטריק וועלכן ער האָט געהאַלטן אײַנגעקלאַמערט, האָבן גאָר געטער אַראָפּ־געלאָזט פון הימל, כּדי אים, פפאַנקוכן, אויסצולייזן פונעם כאַאָס וואָס הערשט אַרום, באַפרײַען פון אַלע ניט־גוטע וואָס שטיקן אים, וואַרגן... אַ מוראדיק קאַלטע שרעק איז אים באַפאַלן און אָפּגעשלאָגן מיט אַ שווידערלעך שטעכיקן אַנגסטשווייס. אַלע זײַנע אֵברים האָבן געציטערט, און די הענט האָבן געזוכט אַן אויסלייז פון די קאָשמאַרקלעמען, וואָס האָבן אָט־אָט אַרויסגעקוועטשט זײַן נשמה. די הענט האָבן געזוכט אַן אויסלייז...

— פעסטער פאַרצי! פעסטער! ווי בײַ דײַן גרעטכען! — האָט געהאַלטן אין איין באַפעלן דער מאָלער מיט דער שטים פון עפּעס אַ דערצאַרנטן גאָט.

— מיר זענען באַרעמהאַרציק — דער שטריק איז אָנגעזייפט.

ענדלעך איז דער שטול אַרויסגעפלויגן פון אונטער פפאַנקוכס פיס.

דער שטריק האָט זיך אָנגעצויגן, אַ טרעשטשע געטאָן, שיער ניט גע־

פּלאַצט: די משׂא איז ניט לײַכט געווען. פּפאַנקוך האָט זיך גענומען אויסציִען, געוואָרן לענגער, שלאַנקער. זײַן בויך איז אײַנגעפאַלן אָן גימנאַסטיק. זײַן פיגור וואָס האָט אים ניט ווייניק זאָרג פאַרשאַפט, האָט זיך איצט אַזוי אויסגעגליכן, אַז בײַם לעבן וואָלט ער וועגן אַזאַ גלײַכקייט און שלאַנקייט אַפילו טרוימען זיך ניט דערוועגט.

די שײַן אינעם לאַגער־פירערס פענצטער, דאָס לעצטע ליכט אינעם לאַגער איז אויסגעלאָשן געוואָרן.

און דאָ וואָלט מען געקאָנט שטעלן אַ פּונקט. מיר האָבן פאַקטיש געענ־דיקט אונדזער דערציילונג וועגן דעם שטאַבס־פעלדפעבל האַנס פּפאַנקוך, וועלכן מיר האָבן אָנגערופן בײַם אמתן נאָמען און וועלכן די לאַגער־אַרעס־טאַנטן האָבן געגעבן די צונעמענישן „פּײַנקוכן", „קיאָושינענע", „יאָיטש־ניצאַ", „יאַיענטשניצאַ" — וואָרט־ווערטלעך איבערזעצנדיק זײַן פאַמיליע־נאָמען אויף ייִדיש, ליטוויש, רוסיש, פּויליש.

דעם שטאַבס־פעלדפעבלס געשיכטע וועט אָבער בלײַבן ניט פאַרענדיקט, אויב מיר וועלן ניט, כאָטש בקיצור, אינפאָרמירן וועגן די ווײַטערדיקע פאַרלויפענישן אין זײַן געוועזענער מלכות.

געוויס, דער מאָלער האָט מיט שׂכל זיך אײַנגעקויפט דעם שטאַבס־פעלדפעבלס לײַטזעליקייט און זי מיט שׂכל אויסגענוצט. באַזונדערש, די באַשטימונג צו זײַן אַ „דאָלמעטשער", אַן איבערזעצער. געקומען אין באַרירונג מיט אַרעסטאַנטן אָן געלע מגן־דודס, וואָס האָבן געהאַט פאַרבינדונגען מיט דער פרײַער וועלט, האָט ער געפונען אַ וועג צו קריגן סם אויף מכבד צו זײַן דעם קריגערישן דאָנאַר און צוזאַמענגערעדט זיך מיט מענטשן, גרייטע אָפּ־צווישן פון דער ערד־אייבערפלאַך דעם הונטס בעל־הבית.

אַ זומערנאַכט האָט מיט אַ שטאָל קאָלירן קיווער געהאַט איבערגע־דעקט די וועלט. ס'איז געווען וואַרעם, שטיל, רויִק, און בלויז די שפּרינגער־לעך האָבן אַן אויפהער געציקעט אינעם אַרומיקן חושך, ווי שאַרפנדיק כּלי־זיין פאַר אַן אַנטשיידנדיקער שלאַכט. שטערן האָבן ציטעריק אַראָפּגעקוקט פון זייערע הייכן און אָנגעשטרענגט נאָכגעפאָלגט די געשעענישן, וואָס האָבן זיך אָפּגעוויקלט געגנוי, ווי די מורדים אין פּפאַנקוכס געוועלטיקונג האָבן זיי געהאַט פאַרויסגעזען.

דער מאָלער, מיט פּפאַנקוכס פּאַראַבעלום אין האַנט און אויטאָמאַטישן פּיסטויל אַריבערגעהאַנגען אויף דער פּלייצע, איז געבליבן שטיין אויפן גאַנעק פון לאַגער־פירערס באַראַק. ווי יעדן אָוונט פּפאַנקוך, אַזוי האָט הײַנט דער מאָלער גענומען שפּילן אויף דער מויל־האַרמאָניק. צו ערשט געפּרוווט אויסשפּילן די מעלאָדיע „וואָלגאַ, וואָלגאַ“, אָבער באַלד מיט אַלע כּוחות אָנגעהויבן בלאָזן סתּם אין דער וועלט אַרײַן. און דאָס איז געווען אַ צייכן...

פון נאָענטסטן באַראַק האָבן זיך אַרויסגעכאַפּט עטלעכע מענטשן און גלײַך צו דער געווער־קאַמער. דאָרטן האָט שוין געוואַרט מיט די שליסלען דעם מאָלערס מיטהעלפּער. באַוואָפנטע אַרעסטאַנטן האָבן באַלד זיך געטראָגן צום צוים און צום לאַגער־טויער. און אויך ניט קיין באַוואָפנטע האָבן זיך געלאָזט אַהין — זיך געריסן אויף דער פרײַ.

אויף די וואַכטורעמס האָבן אויפגעצאַפּלט פּראָזשעקטאָרן און נערוועז גענומען אַרומטאַפּן דעם נאַכט־חושך. פּאַסמעס ליכט, באַגלייטע פון אַ שי־סערײַ, האָבן פאַרלוירן זיך געוואָרפן אין אַלע זײַטן, געפּליעסקעט איבער לויפנדיקע מענטשן־סילועטן. אויטאָמאַטן־סעריעס האָבן דאָ און דאָרטן בלינד געשטעפּט די טונקעלע לופט, דעם טומל אַרום די צוימען, די געשרייען און דאָס טופּערײַ פון אײַלנדיקע און געיאָגטע פוסטריט.

אונטערן צודעק פון דער וואָרעמער, טינט בלויער זומערנאַכט האָבן הײַפלעך געווזענע אַסירים זיך אַרויסגעריסן פון לאַגער, אַרײַנגעכאַפּט זיך אין דערבײַיקן וואַלד און אַלץ טיפער, טיפער אַרײַנגעדרונגען אין זײַן שיצנ־דיקן געדיכטעניש.

## דעם אויסלייז אַנטקעגן

דו ליגסט אין עקסטן ווינקל פונעם שײַער, הויך, גאָר הויך אויפן היי. ליגסט פאַררוקט, פאַרגראָבן אין דעם סטויג, קיין פרעמדער זאָל חלילה דײַן דעכען ניט דערשפּירן. ליגסט פאַרטײַעט, וואַרטסט אָנגעשפּאַנט און טראַכטן טוסטו אָן אויפהער. ביז אַהער האָסטו ניט געהאַט אַזוי פיל צײַט צו טראַכטן און איבערטראַכטן. בעיקר מאַטערט דיך אָן אויפהער די מחשבה, צי לאַנג וועט נאָך אויסקומען צו וואַרטן אויף דער ווייטיקדיק געגאַרטער, מיט אַזאַ שמאַכ־טעניש דערוואַרטער אויסלייזערישער רגע, וואָס אויסגעדאַכט האָט זיך וויפל מאָל: אָט איז זי! טאַפּסט זי ממש אָן, דערלעבסט...

דורך אַ שפּאַרונע אין דער ברעטערוואַנט פונעם שײַער קוקסטו אומזיסט אויס די רגע שוין באַלד דרײַ חדשים. געווען זומער, ס'איז איצט האַרבסט און דו זעסט, ווי אַ מרה־שחורהדיקער פאַרנאַכט ווייקט אַדורך אין נאַסן גרוי די שוואַרצערד פונעם מיט ווינטער־תבואה פאַרזייטן פעלד, וואָס ציט זיך ביז צו אַ סאָסנעוועלדל. דורך אָט דעם וועלדל האָסטו אָנגעשפּאַרט אַהער צו. זעסט אויך אַ שטיקל פעלד מיט געקעפּטע קרויטקאַטשענעס, וואָס סטאַרטשען ווי אויסגעשטשירעטע ציין פון אַן איבערגעקערטער און אויף הפקר איבער־געלאָזטער ריזיקער בראָנע. צווישן די רייען פון די דעמאָלט צעגרינטע הייפּטלעך קרויט האָסטו פון אָוונט זיך צוגעשלײַכט צו דער אײַנגעזונקענער אין אַ גרוי בלעטער־געווימל פויערשער כאַטע, וואָס האָט דיר צוגעווונקען מיט אַ שײַנענדיק פענצטערל. די ביימערקרוינען זענען איצט אַרומגעפּליקט, און דאָס געפלעכט פון זייערע הוילע אָדערן וויגט זיך, הויערט שומריש איבער דער דאָזיקער דאָרפישער שטוב, ווו ס'הוליען היינט אָוונט עטלעכע שכנים פון דערבײַיקע כוטערס. זיי האָבן געהאָלפן דעם בעל־הבית אויסדרעשן די אָפּגעקאָסיעטע תבואה. האָט ער, ווי דער מינהג איז, אָנגעטריבן לכּבוד דעם

געשעעניש היימישן שנאַפּס, געשטאָכן אַ חזיר. און מחמת ער איז אַן אַלמן, האָבן די שכנישע ווײַבער צעמאַכט די טושע, אײַנגעזאַמלט דאָס בלוט און צוגעגרייט געווירצטן בלוטוורשט, אָפּגעפּרעגלט פעטן חזירשן גריוון מיט ציבעלע. אַלע וואָס האָבן געהאָלפן דרעשן, נעמען איצט אָפּ דעם לוין וואָס זיי קומט — שיכּורן, פרעסן — און דולן דערבײַ בלעקעכצן.

און דו ליגסט אינעם טונקעלן אויסבאַהאַלט אַ דורכגעקעלטערטער, אַ הונגעריקער און דאָרשטיקער, ווײַל דעם גאַנצן טאָג וואָס מען האָט געדראָשן אינעם שײַער, האָט מען ניט געטאָרט האָבן מיט דיר קיין מגע־ומשׂא. און ניט אײַנגעפאַלן איז קיינעם אָנצוגרייטן דיר כאָטש אַ ביסל אַכילה, עפּעס צו טרינקען. טראַכטסטו, אַז שוין, ווען אַלע פרעמדע זענען אַרײַן אין שטוב, האָט געמעגט רוטאַ—רות זיך באַווײַזן...

פון שטוב הערן גיט אויף זיך צו טראָגן ווילדע קולות. זיך אָנגעשיכּורט, אַמפּערט מען זיך אַוודאי: צי זאָל מען לויפן מיט די דײַטשן אָדער בלײַבן אויף אָן אָרט; צי דאַרף מען מורא האָבן פאַר די אָנקומענדיקע רוסן אָדער ניט; צי וועט דער פראָנט אין היגן קאַנט שטיין אַזוי לאַנג, ביז ס׳וועלן אויף פּאַראַשוטן זיך גאָר אַראָפּלאָזן די אַמעריקאַנער אָדער די ענגלענדער... האָט דאָך דער פויער, דער זעלבער טאַקע וואָס האָט דיר דעם מקום־מיקלט געגעבן, אַנוסטן כיטרע אַ ווונק געטאָן מיט זײַנע טיף אַרײַנגעזעצטע, קעציש־גרינע אייגעלעך און זיך שטאַרק צעקוואָלן:

— ווייסט, ס׳איז גוט. בײַ די רוסן איז אויסגעגאַנגען די פּאַרע, רירן זיי זיך ניט פון אָרט. און די דײַטשן וועלן מאַכן איין האַנט מיט די אַמעריקאַנער. קלאָר ווי דער טאָג, ניטאָ וואָס מורא צו האָבן.

זײַנע דיבורים האָבן דיך אָנגעשפּיצט: מסתמא האָט דער פויער אַ סיבה מורא צו האָבן. טרייסט ער זיך. דיר איז קיין חילוק ניט געווען — רוסן, אַמעריקאַנער... ס׳איז דיר בלויז אָנגעגאַנגען איבערצולעבן. און אַז די אויס־לייזערישע רגע איז שוין ממשותדיק, אָט־אָט קומט זי אָן, האָט זיך דיר געדאַכט אויך אינעם פּראַכטוואַגאָן, אין דער מוראדיק דושנער ענגשאַפט, אין וועלכער די דײַטשן האָבן צונויפגעשפּאַרט אײַך — די לעצטע לעבעדיקע רעשטן פון דער פּאַרטיליקטער געטאָ... געשלעפּט האָט אײַך דער צוג ווער ווייסט וווהין, מעגלעך — אין טויט אַרײַן, און דו האָסט אין יענעם אומקום־טשאַד געפילט, אַז אַהער, פון וואַנען דער צוג אַנטרינט, לאָזט זיך שוין אַראָפּ

די מיט ווײ און טרערן אויסגעבענקטע, מיט טײַכן בלוט אויסגעקויפטע ישועה. ביסטו געווען זיכער: מען דאַרף זיך בלויז באַפרײַען פונעם קלעם, מען דאַרף שפּרינגען פון וואַגאָן און פּאַלסט אַרײַן אין די אָרעמס פון אָט דער ישועה.

האָסטו צו דײַן ווײַבל, וואָס איז געשטאַנען צוגעפּרעסט צו דיר — אַ שרעקלעך בלייכע און מסוכּן דערשלאָגענע — האַרבלעך קאַלט אַ זאָג געטאָן:

— לעבן צוזאַמען זענען מאַן און ווײַב מחויב. אָבער שטאַרבן?..

די רעדער פונעם וואַגאָן האָבן אַלץ האַסטיקער און האַסטיקער געפּויקט אין די רעלסן, ווי קריגנדיק אַלץ מער מורא פאַרן מלאך־המוות, אַנטקעגן וועלכן זיי האָבן, לרובֿ־הדעות, זיך געקוילערט. און דו האָסט געוואָלט לעבן! קיין מאָל איז דאָס לעבן אַזוי טײַער, אַזוי זיס ניט געווען, ווי אין יענעם לשון־אָפּגענומענעם, שווער סאָפּענדיקן, פאַרעיפּושטן ערבֿ־טויט־שטיקעניש, ווײַל אין דרויסן איז ניט בלויז געשטאַנען אַ לויטערער, אַ מחיהדיקער פאַר־נאַכט, נאָר אויך די רגע וואָס געבוירט אויף ס׳נײַ דאָס לעבן, האָט דאָרטן זיך געצײַטיקט.

האָסטו ווידער אַ זאָג געטאָן צו דײַן ווײַבל, קוקנדיק פאַרבײַ איר, פאַרבײַ די עטלעכע יאָר וואָס איר האָט בײַנאַנד אָפּגעליטן אין געטאָ:

— שטאַרבן צוזאַמען זענען מיר ניט מחויב. איך ריזיקיר! כ׳וועל שפּרינגען! דײַן זאַך — ווילסטו, שפּרינג אויך.

האָסט אָפּגעריסן און זשעדנע צעקײַט אַ שטיק פונעם האַלבן לעבל ברויט, וואָס די דײַטשן האָבן יעדערן געגעבן „אויף דער רײַזע". דאָס רעשטל ברויט — אַרײַנגעשטופּט דײַן ווײַבל אין האַנט און קאַלטבלוטיק גענומען זיך אַדורכ־שפּאַרן צום וואַגאָן־פענצטערל, צו דער איבערגעפּלאָכטענער מיט שטעכלדראָט העלער עפענונג צו דער וועלט. צוויי דערנעבן שטייענדיקע מאַנצבילן זענען דיר געקומען צו הילף — אויפגעהויבן און געהאַלטן, ביז ס׳איז דיר געראָטן פונאַנדערצורוקן דאָס דראָטגעפלעכט, געראָטן אַרויסצושטעקן אין דרויסן איין פוס, דערנאָך דעם צווייטן. דערפילט דעם קילן געפּאַך פונעם פרײַען ווינט, האָסטו מיטן גאַנצן כּוח זיך אָפּגעשטויסן פונעם וואַגאָן און געטאָן אַ שפּרונג.

מאָדנע ווייך זיך קרישלענדיקן זאַמד האָסטו דערשפּירט אונטער זיך נאָך אַ ווייטוענדיקן אַנפּראַל אין דער ערד. אויסגעשעפּט ביסטו געבליבן ליגן

אויפֿן מאָדנע ווייכן, געלבלעך־ברוינעם שיפֿוע, נשתּומם אָנגעקוקט די גרין צעכוואַליעטע רחבֿותן און טיף אַרײַנגעזויגן אין זיך דעם הוויות פֿון פֿרײַ זײַן. ביסט לאַנג געלעגן, זיך עפּעס ניט דערוועגט אויפֿצושטיין און גלײַכגילטיק צוגעזען, ווי די זון, אַ פֿאַרמאַטערטע און זייער רויטע, איז געזונקען צום הימלראַנד, וואָס האָט דאָס געקלאַפּער פֿונעם אַוועקאײַלנדיקן צוג פֿאַרשלונגען, און זינקענדיק געגרייט זיך אַ בלוט־אָפּגעגאָסענע גסיסה־מיטה. און ווען די שקיעה־זון האָט אַריבערגעצויגן אַ צונטער פֿלאַמיקן פֿאַרהאַנג איבערן אויס־געגאַנגענעם טאָג, האָט אין דער אַנטקעגנדיקער, אין דער מיזרח־זײַט, אַ צווייטע שקיעה־שײַן אונטערגעצונדן דאָס אַש פֿונעם הימלראַנד. האָסט באַלד פֿאַרשטאַנען וואָס דאָס באַטײַט, און אַזש אויפֿגעצאַפּלט: די אונטערגעצונדענע געטאָ איז עס! ברענט צוזאַמען מיט די ייִדן וואָס האָבן זיך אויסגעבאַהאַלטן פֿון דער דעפּאָרטאַציע. און פֿאַרשטאַנען האָסטו אויך, אַז סט'אויסגעמיטן דעם טויט אויף ביידע זײַטן הימל — אין מיזרח און מערבֿ. ס'הייסט — ביסט געבליבן לעבן! די אויסלייזערישע רגע דאַרף עס בלויז באַשטעטיקן. האָסטו געוואָלט אונטעראײַלן די דאָזיקע רגע: אויסגעטאָן דאָס צעשמאַטעטע רעקל, אָפּגעטרענט פֿון דער ברוסט און רוקן די געלע מגן־דודס און אַ שלײַדער געטאָן פֿון זיך די צוויי טויטשטעמפּלען. אויפֿגעשטאַנען, אויסגעפּרוווט די הענט, די פֿיס און זיך דערפֿרייט — זיי האָבן דיר געדינט און אַפֿילו ניט ווי געטאָן. געשטעלט אַ טראָט, געשטעלט אַ צווייטן און אַוועק צו מיזרח — באַגע־גענען די ישועה, וואָס די דערוואַכטע דאָרטן האַרמאַטן־שיסערײַ האָט אָנגע־זאָגט איר אָנקום.

דער וועג צו דער ישועה האָט דיך אַרויפֿגעפֿירט אויף אַ סטעשקע, אַדורכגעפֿירט אַ שטילן, מיט שטיקער אָוונט אָנגעשפּיגעוועטן וואַלד און בײַ זײַן ראַנד אַנטפּלעקט אַ מאַגיענדיק פֿענצטערל מיט שײַן, מיט צוגעזאָגטער שוץ, היימישער זעט און וואַרעמקייט. צוגעצויגן האָט דיך דאָס באַלויכטענע פֿענצטערל צו אַ דאָרפֿישער כאַטע, צו אַ הונטגעביל, צו אַ פֿויער, וואָס האָט דעם הונט אײַנגעשטילט און כמאַרנע, פֿאַרשעריש דיך אָנגעקוקט, ביז ס'האָט אַרויסגעפּלאַצט פֿון זײַן מויל די גרוילפֿראַגע:

— זשידיאַליס?*

---

* אַ ייִדליק? (ליטוויש).

דײַן קאָפּ האָט שווער געטאָן אַ זינק אין האַלדז אַרײַן, און געפֿילט האָסטו ווי מען שטיקט, שטיקט דײַן אויסלייזערישע רגע. מען דערוואַרגט זי מיט דיר אין איינעם. נאָר דאָ האָט דער פּויער צופֿרידן אַ זאָג געטאָן:

— קאָנסט אַרײַן!

געזאָגט און געעפֿנט די טיר פֿון זײַן שטוב, ווי אַ טויער צו דײַן אָקערשט אויף ס'נײַ געבוירן ווערן.

פֿאַרן אַרײַנגיין האָסטו באַמערקט, אַז דער פּויער לאָזט אָפּ זײַן הונט פֿון דער קייט.

בײַם שײַן פֿון אַן אימפּאָזאַנט שיינעם גאַז־בליצלאַמפּ, וואָס איז געהאַנגען איבער אַ קײַלעכיקן טיש פֿון ברוין פּאָלירט האָלץ, האָסטו פֿאַרכטיק באַטראַכט דײַן גאַסטגעבער — אַ מיטליאָריקער ליטווינער אין אַ געבלימטער בלוזע, מיט אַ ברייט, פֿון ווינט און זון פֿאַרבאַקן פּנים און מיט קורץ געשוירענע פֿלאַקסהאָר. ער האָט דיך אויפֿגענומען ווי מען נעמט אויף אַ מענטש — געבעטן זיך זעצן, אויסגעפֿרעגט ווער דו ביסט, ווי קומסטו אַהער. און דו האָסט ניט געלײַקנט. קוים אַנטלויפֿן די דײַטשן, דאַרף מען ניט ציטערן פֿאַרן אמת, וואָס איז דײַן גורל. האָסט דערציילט דעם פּולן, מיט לייד און בלוט אַדורכגעזאַפּטן אמת.

הערנדיק דיך האָט דער פּויער געהאַלטן אין איין צונויפֿפּרעסן די ציין. האַרטע קנײַלעכלעך, ווי גוזן געהאַמעוועטער כּעס צי גאָר שׂינאה, פֿלעגן דערבײַ זיך אַרויסשפּאַרן אויף זײַנע קינבאַקן. האָסט זיך דערשראָקן. ס'איז דיר אויסגעקומען, אַז דער אַרויסגעבראַכטער אמת מאַכט צו נישט דײַן יעדע האָפֿענונג. האָסטו פֿאַרלוירן געגומען זיך אַרומקוקן, ווי בעת מען זוכט אַן אויסוועג, און סט'דערפֿילט גאָר, אַז ביסט צוגעוואַקסן צו אַ שטול פֿון אַ גוטער מעבל־גאַרניטור, אַ באַצויגענעם מיט פּליוש. דײַן אומבאַהאָלפֿענער בליק האָט זיך פֿאַרטשעפּעט אין אַ מאַהאָגאָני־פֿאַנירטן בופֿעט מיט אַ וויטרינע, אין וועלכער ס'איז הינטער גלאָז אָנגעשטעלט רײַך באַמאָלן געשיר, פֿינקלענדיקע קרישטאָלענע בעכערס. צוגעשפּאַרט צו דער וויטרינע־וואַנט — אַ זילבערנער טעלער מיט אַן אויסגעפּוקלטן געפֿלעכט פֿון בלומען און בלעטער, אין וועלכן דײַן בלאָנדזשענדיקער בליק האָט זיך אײַנגעפֿלאָנטערט.

— כ'וויל ניט שטאַרבן, — האָסטו אַרויסגעמורמלט, ווי פֿאַרענטפֿערנדיק זיך, און געוואַרט, געוואַרט אויפֿן חסד פֿונעם פּויער.

דאָ האָט זיך אַרײַנגעשטעלט אין דער ווינשטוב אַ פּולבלעך שלאַנק, העלהאָריק, העל־פּנימדיק, העל אָנגעטאָן שיקסל און אָנגעקוקט דיך מיט העלן חידוש. האָסט דערפילט אַז פון דײַנע לעצטע ווערטער איז זי אויפגעציטערט געוואָרן און געבליבן מיט אירע העלע אויגן צוגעקלעפּט צו דיר.

— שטעל דעם אורח וועטשערע, — האָט איר דער פּויער באַפוילן, ווי חתמענדיק דײַן גורל.

די אויסלייזערישע רגע האָט ערגעץ אָפּגעכאַפּט דעם פאַרהאַלטענעם אָטעם און גענומען זיך דערנענטערן צו דיר, צו דיר!

דער פּויער האָט געפרעגט צי דו עסט חזיר. אין געטאָ האָסטו אַלץ געגעסן. אַ שטיקל געררייכערט חזיר־פעטס האָט געהאַט דעם טעם פון אַ חלום. ווי אַ באַפרײַטער פון קלעם, האָט דער הונגער אין דיר איצט געווילדעוועט, און וואָלסט אײַנגעשלונגען אַלץ אין דער וועלט. אָבער געבעטן האָסטו עפּעס מילכיקס.

— עסט נאָר כשר? ווי אַלע ייִדעלעך? — האָט דער פּויער זיך צעשמייכלט. — ניטאָ מער — כשר! אַן פלייש ציט מען אויס די פּיס, און דו, ווי איך זע, ווילסט לעבן.

אַנשטאָט צו ענטפערן, עפּעס זאָגן, האָסטו שולדיק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

בעת דו האָסט זשעדנע געשלונגען שטיקער פריש דאָרפיש קאָרנברויט, פאַרטרינקענדיק מיט קאַלטער מילך, האָט זיך אין דרויסן ניט־פאַרגינעריש צעהאַווקעט דער הונט: אַוועקנעמען, אַוועקנעמען פון דיר דעם דערפילטן גן־עדן־טעם!

דער פּויער האָט זיך אויפגעפּלאָשעט. מיט אַ פּלוצעם דערוואַכטער רציחה דיר געהייסן פאַרשווינדן הינטער דער טיר, וואָס ער האָט מיט אַ שאַרפן האַנטבאַוועג אָנגעוויזן, און דאָס העלע שיקסל האָט אויף זײַן ווינק האַסטיק גענומען אָפּרוימען דעם טיש. די צײַט פונעם אָוונטמאָל איז שוין לאַנג געווען פאַרבײַ.

ביסט אַרײַנגעפאַלן אין אַ פינצטערניש און צעשראָקן צוגעהערט זיך צו דעם, וואָס געשעט הינטער דער טיר, וואָס דו האָסט אָקערשט צוגעמאַכט. זיך צוגעהערט און פאַרשטאַנען פונעם גערייד דאָרטן, אַז אַרײַנגעקומען איז אַ צווייטער פּויער, אַ שכן. געבראַכט האָט ער די נײַעס וועגן פאַרבײַגעפירטע אויף דער אײַזנבאַן ייִדן־טראַנספּאָרטן און אַז ייִדן זענען געשפרונגען פון די

וואַגאַנען. מען האָט געפונען געהרגעטע בײַ די רעלסן. פֿאַראַן אפשר אויך לעבן געבליבענע, געלאָפענע. געחידושט האָט ער זיך, דער אַרײַנגעקומענער פֿויער, למאַי מען שלעפּט עס די ייִדן קיין דײַטשלאַנד. שוין זשע ניטאָ קיין גריבער אויפֿן אָרט ?..

האָט דײַן מכניס־אורח אים דערקלערט, אַז צעשיסן וואָלט מען טאַקע געקאָנט די ייִדעלעך אויפֿן אָרט, אָבער מען קאָן אַ מאָל ניט באַוויזן צו פֿאַרברענען די טויטע. די רוסן קאָנען אָנקומען...

דערנאָך האָבן ביידע נאָך לאַנג, לאַנג געסדרט וועגן פֿראָנט וואָס דערנענטערט זיך. און ווידער — אפשר וועלן פֿאָרט זיך אַראָפּלאָזן די אַמעריקאַנער... געטרייסט האָבן זיך די פֿויערים, אַז אויב אַפילו די רוסן, זענען זיי שוין ניט די זעלבע וואָס פֿאַרן קריג. ריידן רעדט מען, אַז זיי לאָזן פֿונאַנדער די קאָלכאָזן. מאָסקווער ראַדיאָ גיט איבער נײַעס אין ליטוויש, שפּילט דעם ליטווישן נאַציאָנאַלן הימען, וואָס זיי האָבן פֿאַר דער מלחמה אָפּגעשאַפֿט. הייסט עס — אַנדערע צײַטן און ניטאָ וואָס מורא צו האָבן...

אַרויסגעבאַגלייט דעם שכן, האָט דער בעל־הבית זאָרגעוודיק פֿאַרהאַנגען די פֿענצטערלעך פֿון דער וווינשטוב, קיין פּיצל שײַן זאָל זיך ניט אַדורכסאַטשען און קיינעם זאָל ניט אײַנפֿאַלן איבערצוטראַכטן, למאַי מען איז בײַ אים עפּעס וואָך אַזוי שפּעט אין דער נאַכט. אַרײַנגערופֿן דיך, האָט ער אָנגעהויבן:

— סט׳געהערט אַוודאי, ביסט ניט איינער געשפּרונגען, און אַלע ווייסן שוין, אַז פֿאַראַן געשפּרונגענע. כ׳קאָן שווערן, פֿאַרן אָפּטרעטן וועלן אײַך די דײַטשן זוכן. צו וואָס דאַרפֿן זיי איבערלאָזן לעבעדיקע ייִדן, האַ? צו דערציילן וואָס זיי האָבן אײַך געטאָן, האַ? אָבער איך ריזיקיר. כ׳וועל דיך אויסבאַהאַלטן.

ער האָט אָנגעצונדן אַ פּיפּקע, געלאָזט אַ געדיכטן, קרעליק ביטערן רויך און זיך צערעדט וועגן דעם אומגליק וואָס די דײַטשן האָבן אַרויפֿגעבראַכט ניט בלויז אויף די ייִדן. אָט, זײַן ווײַב, אַ קרענקלעכע איר גאַנץ לעבן, אויסגעווען בײַ אַלע דאָקטוירים און זנאַכערס, אָבער אָפּגעגעבן גאָט די נשמה האָט זי צוליב די דײַטשן, צוליב די רציחות... אַן איבעריקן מאָל האָט דער פֿויער דערקלערט, אַז אַ גרויסע ריזיקע און קאָפּדרייעניש נעמט ער אויף זיך, געבנדיק דיר אַן אָפּדאַך.

וועלנדיק אים באַרויִקן האָסטו זיך אַרויסגעכאַפּט:

— ס'איז ניט אויף לאַנג. די האַרמאַטן־טראַסקעריַי... ביז מאָרגן, שפּעט־סטנס ביז איבער מאָרגן און ס'וועט...

דער פויער האָט דיך איבערגעהאַקט:

— מען קאָן ניט וויסן, וואָס מען ווייסט ניט.

געמאַכט די דאָזיקע באַמערקונג, האָט דער פויער זיך אָוועקגעלאָזט מאַלן די סכּנה וואָס שטעקט אינעם אויסבאַהאַלטן אַ ייִדן, דערצו נאָך אַ געלאָפענעם, דערצו נאָך ווען דער פראָנט דערנענטערט זיך. נאָר ער איז גרייט. ער וויל ראַטעווען מענטשן פון אַ זיכערן טויט. וואָס, ייִדן זענען דען קיין מענטשן ניט? ער פאַרלאַנגט ניט קיין געצאָלטס פאַרן ראַטעווען. ער בעט ביַי דיר גאָרניט. בלויז אַ צעטל זאָלסטו אים אָנשריַיבן.

אַן אָפּלייגעניש האָט ער זיַין טאָכטער, דעם העלן, פּולבלעך שלאַנקן שיקסל, וואָס האָט די גאַנצע צייַט פון דיר קיין אויג ניט אַראָפּגענומען, געהייסן ברענגען אַ שטיקל שריַיבפּאַפּיר, טינט־און־פעדער.

אָפּגעווישט דעם טיש מיט דער האַנט — געמאַכט פּלאַץ צום שריַיבן — האָט דער פויער מיט אַ פאַרשטאַרקטער התמדה געפּיפּקעט דעם האַרבן הימישן טאַבאַק און דערקלערט, אַז דער צעטל דאַרף זיַין אין ליטוויש און שטיין דאַרף אין אים, אַז דו, אַזאַ און אַזאַ — אָנגעבן זאָלסטו פּינקטלעך דיַין נאָמען, פאַמיליע־נאָמען און פאָטערס נאָמען, געענוי ווי אין פּאַספּאָרט, און ווו דו האָסט געלעבט פאַרן קריג זאָלסטו שריַיבן, און אַז ביסט געווען פאַרשפּאַרט אין געטאָ און געשפּרונגען ביסטו פון וואַגאָן, וואָס האָט איַיך געפירט צום טויט. און וויַיטער האָסטו געזאָלט שריַיבן, אַז ער, דער פויער וואַציס קאַרקאַ, האָט דיך אויסגעבאַהאַלטן אַן וועלכן געצאָלטס אין דער סאַמע געפערלעכסטער מינוט, איַינשטעלנדיק דערביַי זיַין לעבן, דאָס לעבן פון זיַין איינציקער טאָכטער...

דו האָסט אַזוי טאַקע אָנגעשריבן. ס'איז דאָך געווען אמת. און געוואָלט האָסטו מיט עפּעס פאַרגיטיקן דעם, וואָס האָט דיר אויסגעשטרעקט אַ האַנט.

דער פויער האָט איבערגעלייענט דעם צעטל און ס'איז אים פּלוצעם איַינגעפאַלן:

— שריַיב זיך אונטער אויך אין ייִדיש. נאָר דיַיטלעך. זאָל מען ניט מיינען אַז ס'איז געפעלשט.

קיינע חששות זענען דיר ניט אויפגעקומען און האָסט זיך אונטערגעשריבן — זלמן יפה. דײַטלעך, אות בײַ אות.

דער פויער האָט באַטראַכט דײַנע אונטערשריפטן, גענומען ציילן מיטן ווײַזפינגער די אותיות און אויפהייבנדיק דעם קאָפּ בייז געפּסקנט:

— דאָ שטימט עפּעס ניט! די צאָל אותיות, די צאָל שטימט ניט!

האָסטו מיט אים אײַנגעקנעלט אַ קאַפּיטל עברי.

דער פויער האָט טיף אַרײַנגעצויגן דעם רויך פון זײַן פּיפּקע און אַרויס־געפּרײַכט:

— אַ ברירה האָב איך? אַ משוגענע שפּראַך אײַערע, מוז איך דיר גלייבן. אָבער ליגן וועסטו בײַ מיר אין שײַער און — קיין פּיפּס! טאָמער מען געפינט דיך, ביסטו אָן מײַן וויסן אַרײַנגעקראָכן, אָקערשט אַרײַנגעקראָכן...

דו האָסט ניט פאַרשטאַנען צו וואָס די אַלע באַוואָרעניש, בעת די ישועה — אַט־אַט איז זי דאָ.

דערנאָך האָט דער פויער אַרײַנגעבראַכט דעם הונט, ער זאָל דיך באַ־שמעקן, האַלטן פאַר אַ בן־בית, און אין חושך אַוועקגעפירט דיך נעכטיקן אין שײַער.

פון איצט ביסטו דאָרטן געלעגן, הויך פאַרשטעקט אינעם היי און געוואַרט. אָנגעהויבן ציילן די טעג, אַ סך געטראַכט און איבערגעטראַכט. דאָס שטאָטישע מעבל בײַם פויער, דאָס געשיר אין דער בופעט־וויטרינע — פון וואַנען? דער צעטל וואָס ער האָט פון דיר אַרויסבאַקומען — צו וואָס? האָסט געטריבן פון זיך אַ חשד...

אָפּט האָסטו זיך אומגעקערט אין די מחשבות צום אָנגעפּראָפּטן וואַגאָן מיט די פריטשמעליעט־פאַרלוירענע ייִדן, וואָס געטראָגן האָט ער זיי מסתמא אין טויט אַרײַן. פלעגסט צו מאָל זיך דערמאָנען אין דײַן ווײַבל. ניט קיין שיינע איז זי געווען און צופעליק זענט איר געוואָרן אַ פּאָר. ביידע האָט איר פאַרלוירן אין די אַקציעס אַלע אײַערע אייגענע און אַרײַנגעפאַלן דערנאָך אין איין דירה. אָן אַליינשטייענדיק מיידל אין געטאָ איז געווען פון די ערשטע פאַרשלעפּט צו ווערן אויף אומקום אין די כּלערליי לאַגערן. האָבן שכנים דיך ממש געצווּנגען אָפּצושרײַבן זיך מיט איר. זי איז געווען אַ קאָפּ עלטער פון דיר, אינטעליגענטער פון דיר — געהאַלטן בײַם ענדיקן פאַרמאַציע, און דו האָסט לערנען זיך געפּוילט און געאַרבעט ווי אַ געשעפט־פירער אין אַ ייִדישער

ווילטוזקער חברה. זי האָט קעציש־איבערגעגעבן זיך גענומען טוליען צו דיר און איר זענט זיך צונויפגעקומען. צוזאַמען געשלעפּט דעם קנעכטשאַפטיאָך, איבערגעלעבט ניט ווייניק און זיך צעשיידט אַזוי משונהדיק, ווי אין אַ קאָשמאַרטראָנס.

דעם פויערס טאָכטער (רוטאַ האָט זי געהייסן און דו האָסט זי אין די געדאַנקען אָנגערופן — רות) פלעגט צוויי מאָל אין טאָג, גאָר פרי און פון אָונט, אַרײַנקומען אין שײַער מיט אַן עמער פוילע פאַר די חזירים. אין עמער פלעגט עפּעס צום עסן און טרינקען זײַן אויך פאַר דיר. אַוודאי האָט מען זיך געדאַרפט היטן פאַר אַ פרעמד אויג, פאַר אַ בײַזוויליקן שכן. קיין חשד האָט בײַ קיינעם ניט געטאָרט אויפקומען, ווײַל די דײַטשן און זייערע אָרטיקע אַרויסהעלפערס האָבן נאָך אַלץ געבושעוועט אין דער געגנט. געני שטערט, געזוכט זייערע דעזערטירן און פאַר אײנס — אויסגעבאַהאַלטענע ייִדן. דעם שיקסלס אַ היסטל איז געווען דער סימן זאָלסט זיך באַווײַזן. פאַרגאַפּט פלעגט זי קוקן אויף דיר מיט מאָדנע העלע, ליב פאַרחידושטע אויגן. איין מאָל ווען דו ביסט, אַ לאַנג ניט קיין געראַזירטער און באַוואַקסענער, אַרויסגעקראָכן פון הינטערן היי, האָט זי אויפגעצאַפּלט, און אַרויסגעריסן האָט זיך בײַ איר אַ פחד־אויסרוף מיט אַ צומיש פון באַגײַסטערונג:

— יעזוס!!!

דערשראָקן פאַר איר דאָזיקן הויך אַרויסגעבראַכטן וואָרט, בעת אָנגעזאָגט איז געווען קיין פּיפּס ניט צו טאָן אין שײַער, איז זי אַזש אָפּגעשפּרונגען אויף צוריק. דײַן אויסגעצויגן, זייער אויסגעבלייכט פּנים, באַזוימט מיט אַ שוואַרצן האָראָנוווקס, האָט איר אומגעריכט דערמאָנט אינעם געקרייציקטן, וואָס זײַנס אַ בילד הענגט איבער איר געלעגער זינט זי געדענקט זיך.

אַ ניט קיין געראַזירטער, אַ ניט קיין געשווירעוער, אַ ניט קיין אַרומגעוואָשענער, אַן אָפּגעריסענער און אָפּגעשליסענער, אַ פאַרקנסטער צו דער טויט־סכנה, ביסטו פון אַלע מעשׂיות גאָר — יעזוס! האָסט אין זיך לכתחילה געלאָכט פון דאָזיקן משונהדיקן אײַנפאַל און באַלד איז דיר אָנגענעם געוואָרן דער דאָזיקער פאַרגלײַך... צוליב רוטאַן...

בײַם ברענגען דיר ס׳עסן פלעגט זי זיך ניט אײַנהאַלטן און מיט אַ וואַרעמען ציטער דיר שטיל שעפּטשענדיק אָנזאָגן, אַז ניטאָ קיין נײַעס, דער פראָנט שטייט אויפן זעלבן אָרט. דו האָסט באַמערקט, אַז זי גיט דיר עס

צו ווייסן אויך מיט אַ פֿאַרבאַרגענער צופֿרידנקייט. ווייל זי דיך האַלטן אין שײַער, צי וואָס? דערלאַנגענדיק דיר ס׳עסן פֿלעגט זי עס ניט אַרויסלאָזן באַלד פֿון אירע הענט, ווי געוואָלט דורכן טעפּל געקעכטס און שטיק ברויט וואָס דו האָסט אָנגענומען, דערפֿילן דעם אַנריר פֿון דײַנע הענט. און ווי שטענדיק פֿלעגט זי זיך צוקלעפּן צו דיר מיט איר העל־העלן בליק. דו פֿלעגסט אָן ווערטער פּרוּוון ענטפֿערן מיט אַ שמייכל, און דײַנע אויגן האָבן געגעסן איר מחיהדיק ווײַס־סאַמעטן פּנימל, איר צעוויגטן אונטער דער לויזער בלוזקע פּולבלעכן מיידלשן בוזעם. דײַנע כּוחות פֿלעגן אויסגיין וואַרטנדיק אויף איר קומען, וואָס פֿלעגט מיט זיך אַנטראָגן דעם ריח פֿון לעבן און אויפֿהעלן דאָס אַרומיקע גיפֿטיק־זלידנע בין־השמשות. האָסט באַמערקט: אַ געשמאַקן ביסן פֿלעגט זי דיר אין טעפּל אַרײַנלייגן (מעגלעך, אַז אָן דעם טאַטנס ווייסן), און דעם שמוצעמער פֿאַר דײַנע באַדערפֿענישן — מיט אַ ליבשאַפֿט־שמייכל אַרויסטראָגן.

אויך נאָך איר שטיל און אָפּגעהיט אַרויספּלאַטערן פֿון שײַער, האָסטו געלעבט מיט איר פֿאַרגאַנגענעם דערשײַנען, געלעבט מיט דער דערוואַרטונג אויף איר קומענדיקן באַווײַזן זיך און געטריבן פֿון זיך דאָס עקבערניש, אַז ביסט אַ באַווײַבטער, ביסט אַ ייִד. האָסט געזוכט אַ היתּר — אין געטאָ איז געווען פֿאַרוואָרט צו פֿראַווען חופּה־וקידושין. אָן דעם הרי־אַת פֿלעגט מען זיך צונויפֿקומען. איז דײַן ווײַב דיר קיין ווײַב ניט... און וואָס דו ביסט אַ ייִד? האָסטו ווידער געפֿונען אַ היתּר — רות פֿון דער מגילה איז אויך ניט געווען קיין ייִדישע, פֿון דעסטוועגן איז זי געוואָרן — רות.

איין מאָל פֿאַרן אַוועקגיין האָט רוטאַ—רות זיך פֿאַרהאַלטן און אָנגעשפּאַנט־פֿאַרטראַכט, שטיל־שטיל געפֿרעגט:

— אמת, יעזוס איז געווען אַ ייִד?

געפֿרעגט און געוואַרט זאָלסט זאָגן, אַז ס׳איז טאַקע אַזוי.

דו האָסט אָן שהיות אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ.

— מוז איך, כ׳מוז... — האָט זי זיך אַ צי געטאָן צו דיר און אָפּגעהאַלטן זיך, ניט דערענדיקט, איז זי אַנטלאָפֿן, געיאָגט פֿון עפּעס אַ פּחד, און שטילנע פֿאַרקייטלט הינטער זיך דעם טויער, ווי וועלנדיק דיך פֿאַרהיטן פֿון שלעכטס. אָנן דיר איז צוגעקומען אַ נײַע קשיא: וואָס האָט זי געוואָלט זאָגן? ס׳האָט דיך אַ ביסל געשראָקן דאָס ניט־געזאָגטע. געשראָקן און ליבער איז דיר

געוואָרן רותס פּאָרכטיק אַרויסגעבראַכטער „יעזוס״, און ניט געטראַכט האָסטו מער צו בעטן בײַם פּויער ראַזיר־מכשירים...

איעדע צען, צוועלף טעג פלעגט דיך דײַן גאַסטגעבער בײַ נאַכט אַרײַנ־נעמען אין שטוב, זאָלסט זיך אַ ביסל אָנוואַרעמען, אַרומוואַשן, צענעמען די גלידער. ער האָט דיר אַפילו געגעבן אַן אונטערהעמד, אַ פּאָר אונטערהייזלעך צום איבערבײַטן, און נאָך אַ מאָל האָט דיך טיף אויפגערודערט אַ מחשבה: ס׳איז שטאַטיש אונטערוועש...

יעדן מאָל ווען ער האָט גערעדט מיט דיר, פלעגט דער פּויער, אַן אומ־געדולדיקער, אַ גערייצטער, אַרויסקומען כּמעט ווי מיט אַ טענה:

— וואָס וועט זײַן, האַ? דער פראַגט דאָ בײַ אונדז — ניט פון אָרט!

דו האָסט זיך פאַרטיידיקט, אַז ביסט דערין ניט שולדיק. נאָר קלאָר איז געווען: די אויסלייזערישע רגע פאַרגעסט צו קומען. מען זאָל הערן אַ האַר־מאַטן־שאָס, דאָס געזשום פון אַן עראָפּלאַן...

בעת איינעם אַזאַ אַרײַנגנעמען דיך אין שטוב האָט דער פּויער פּלוצעם געפרעגט, ווי עס האַלט בײַ דיר מיטן גאָלד, וואָס אַלע ייִדן פאַרמאָגן. אויף דײַן ענטפער, אַז דו האָסט ניט, האָסט ניט קיין גאָלד, האָט ער, אויסשפּירעריש קוקנדיק אויף דיר, פּאַמעלעך אַרויסגעזײַט:

— און אַ בריליאַנטל? טראָגסט אים אײַנגענייט אין די הויזן? הויזן איז דאָס לעצטע אָנטועכץ וואָס בלײַבט אויפן לײַב, ווען מען שיקט אַ מענטש אויף יענער־וועלט...

האָסט זיך תּמימותדיק פאַרטיידיקט:

— אַלץ, זאָל איך אַזוי לעבן, אַלץ האָט מען פון אונדז צוגענומען. כ׳בין פון אָרעמע עלטערן און קיין מאָל ניט געהאַט ניט קיין גאָלד און ניט קיין בריליאַנטן. אָבער נאָך דער מלחמה, אַמעריקע וועט אָפּגילטן פאַר יעדן געראַ־טעוועטן ייִדן. כ׳וויס עס גענוי.

— אַזוי גאָר! — איז דער פּויער נשתּומם געוואָרן. ער האָט פאַרגיביק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און דיך באַרויִקט: — שרעק זיך ניט, כ׳האָב געפרעגט אַזוי זיך... כ׳וועל דיך ניט טשעפּען, ניט אַרויסטרײַבן. מיר דאַרפן בלויז איבערקומען... אַז עס נעמט קיין ענד ניט! פאַרשטייסט אַליין, ניט קיין קליינע צרה האָב איך אַרויפגענומען אויף זיך. און אַן אַ וועלכן ניט איז נוצן. אַן אומגליק מיט אײַך, ייִדן...

ער האָט דיך ניט אַרויסגעטריבן. געלאָזט ליגן אין שײַער. בכּוונה מער קיין מאָל קיין ראַזיר־מכשירים ניט אָנגעבאָטן. אַזוי באַוואַקסן, אַזוי טיפּיש ייִדיש ווי דו האָסט אויסגעזען, וועסטו זיך ניט דערוועגן צו אַנטלויפן. קוים אָבער דו אַנטלויפסט און מען כאַפּט דיך, איז דײַן באַוואַקסן פּנים דער בעסטער באַווײַז, אַז קיינער האָט דיר ניט געהאָלפן.

איין מאָל, בעת רות האָט ס׳עסן געבראַכט און ווי אַ צוגעהאָפטענע צו דיר ניט געקאָנט אַוועקגיין, האָסטו זי אַ פרעג געטאָן, צי לאַנג שטייט שוין בײַ זיי דער שייגער בופעט מיט דער געשיר־וויטרינע.

— זינט די דײַטשן, — האָט זי געענטפערט און אַרויסגעפּלאַצט מיט תּחנונים: — פרעג ניט! אָ, יעזוס, פרעג ניט!

פונאַנדערגעוויינט זיך, איז זי האַסטיק אַרויס פון שײַער, און דו ביסט כּמעט זיכער געווען, אַז ס׳איז ייִדיש האָב־און־גוטס, און אַז צוגעראַבעוועט ייִדיש אונטערוועש טראָגסטו איצט.

דו האָסט געוואַרט און געוואַרט אויף דער אויסלייזערישער רגע, וואָס האָט איעדע ווײַלע געקאָנט, געזאָלט, געמוזט ווערן וואָר. האָסט לעבן געוואָלט פאַר יעדן פּרײַז. ביסט דאָך דער לעצטער פון דײַן משפּחה, דאַרפסטו בלײַבן לעבן! ס׳איז דיר אויך אײַנגעפאַלן: אפשר האָט דײַן ווײַבל דיר נאָכגעטאָן און געשפּרונגען פון וואַגאָן? (זי פלעגט זאָגן, אַז דיר וואָלט זי נאָכגעגאַנגען ביז עק וועלט, אין פײַער און וואַסער.) אפשר ליגט זי אויך ערגעץ אין אַ סקירדע היי?

...און דאָ האָט מען אַ גאַנצן טאָג געדראָשן אינעם שײַער, און דו האָסט, אַן אײַנגעגראָבענער אין דײַן באַהעלטעניש, אַ פאַרשמאַכטער און אויפגע־רעגטער געוואַרט. לסוף זיך דערוואַרט.

גנביש האָט רות זיך אַדורכגעשאַרט דורכן שפּאַלט פונעם קוים געעפנטן טויער און אַרײַנגעשורשעט זיך אינעם געדיכטן טונקלעניש, וואָס האָט פאַר־פולט דעם שײַער. שטיל האָט זי געגעבן דעם צייכן — אַ היסטל געטאָן. ביסט אַרויסגעקראָכן פונעם אויסבאַהאַלט, אַראָפּגעשאַרט זיך פונעם היי. האַסטיק האָט זי געגעבן צו דיר מיטן אויסגעשטרעקטן עסן. האָסט אין דער כּמעט־פינצטערניש געטראָפן איבערצונעמען דאָס ברויט און חזיר־ווילד אין דעם אַרײַנגעלאָזט דײַנע ציין. ס׳געקעכטס האָסטו זשעדנע גענומען זופּן פּשוט פונעם טעפּל.

ווי שעפּטשענדיק אַ תּפילה האָט רות געבעטן מוחל זײַן — ניט געקאָנט פריִער קומען. די מענטשן זענען זיך אָקערשט פונאַנדערגעגאַנגען. וועלטן האָבן זיך אין שטוב געקערט. דער טאַטע האָט געגוואַלדעוועט, אַן אָנגעזשליאָקעטער. ליגט ער איצט אָן כּוחות.

זי האָט געציטערט — פון איבערלעבונג צי פון קעלט, ווײַל געווען איז זי בלויז אין אַ קלײדל. און דער האַרבסטיקער אָוונט האָט אין אַלץ און אַלעמען בייז זיך אײַנגעגריזשעט מיט זײַן פײַכטער קעלט. פּלוצעם איז זי צו דיר צוגעפאַלן ווי צו אַ רעטונג, און פאַרגעסנדיק אַז מען מוז זײַן שטיל און אָפּגעהיט, אַזש אויסגעשריִען:

— האָב אויף מיר רחמנות!

זי איז דיר אַרײַנגעפאַלן אין די אָרעמס, און דו האָסט זי אַרומגענומען, געפּרוּווט אײַנשטילן, געגלעט, צוגעדריקט צו זיך און געפילט ווי איר הייסער, פלײשיק־שטײַפער מיידל־קערפּער צאַפּלט אויף און ווערט פאַרטײַעט, אַ צוגעטוליעטער צו דיר. אָפּגעכאַפּט אָטעם, האָט זי געגומען מורמלען, אַז דו מוזסט, מוזסט זי אויסהערן. דער טאַטע האָט טאַקע פאַרווערט צו רעדן אין שײַער, אָבער זי מוז דיר עפּעס דערציילן. צוגעטוליעטע האָט איר זיך אַנידערגעוואַלגערט אויפן היי. און פאַרטרויט האָט זי דיר דאָס, וואָס זי האָט אַפילו זיך ניט דערוועגט מגלה צו זײַן דעם גלח בעת די ווידויים: ווי נאָר די דײַטשן האָבן זיך באַוויזן, איז איר טאַטע אַרומגעלאָפן מיט אַ ווײַסן אָרעמבאַנד אויפן לינקן אַרבל און מיט אַ ביקס. אַרומגעלאָפן מיט נאָך אַזעלכע ווי ער און זיך געפלײַסט — זיי שיסן ייִדן אין די אָרומיקע שטעטלעך. דאָס שײנע מעבל און די שיינע זאַכן האָט ער טאַקע געבראַכט פון דאָרטן...

הערנדיק עס, האָסטו צו ביסלעך אָפּגעלאָזט רותן און דאָס גאַרעניש נאָך אירע ליפּן, נאָך איר לײַב, וואָס האָט אין דיר די גאַנצע צײַט געטליִעט און זיך מיט אַ רגע צוריק געהאַט צעפלאַקערט, איז אויסגעוועפּט געוואָרן. ביסט אַרײַנגעזונקען אינעם היי ווי אַ צוגעשטיקטע האַלעוועשקע... דאָס מיידל האָט זיך צוגערוקט צו דיר, אָנגענומען דײַנע אַ קאַלטע האַנט. אירע הענט האָבן געגליט — איינע אַרום דײַן האַלדז, די צווייטע אין דײַנער אַ דלאָניע.

זי האָט זיך געלאַשטשעט צו דיר, און דו האָסט פאַרקראַמפּט איר האַנט אין דײַן דלאָניע. דאָס האָט זי ווי געשטויסן אויסצורעדן זיך ביזן סוף, לויז ווערן פונעם מוראדיק דריקנדיקן סוד, וועלכן זי קאָן מער ניט אײַנהאַלטן אין זיך.

און דערציילט האָט זי, ווי אין איינער אַ נאַכט רײַסן זי אויף פון שלאָף געשרייען. געשרייען אין דער ווינשטוב! שפּרינגט זי אַראָפּ פון געלעגער, לויפט אויף די קולות. וויי, די מאַמע, אין הוילן נאַכטהעמד, שרײַט, רײַסט זיך די האָר פון קאָפּ. דער טאַטע — מיט אויסגעסטאַרטשעטע אויגן, מיט אַ צוואַנג אין האַנט — שלאָגט זי, שרײַענדיק, אַז שלאָפן, צום טײַוול, דאַרפן איצט אַלע! האָט זי, רוטאַ, אַרײַנגעריסן זיך צווישןביידן און אויך באַקומען געשלאָגן... איר האָט עס ניט אויסגעמאַכט. אָבער די מאַמע, שטענדיק אַ קראַנקע מיטן האַרץ, איז אין גאַנצן אָוועקגעפאַלן, פאַרשלאָפט געוואָרן, און קיינע מעדיצינען האָבן שוין ניט געהאָלפן. באַוויזן האָט זי צו דערציילן, אַז אין יענער נאַכט האָט זיך איר אין גאַנצן ניט געשלאָפן. וואַראַטשעט זי זיך אויפן געלעגער פון איין זײַט אויף דער צווייטער. דאָס אָרט פון טאַטן איז ליידיק. דערפילט זי, אַז ער עסקט זיך עפּעס אַזוי שפּעט אין דער ווינשטוב. גייט זי אַראָפּ אַ קוק טאָן און דערזעט אים בײַם טיש אינעם שײַן פון לאָמפּ, און אויפן טיש — גאָלדענע ציין. מיט אַ צוואַנג רײַסט ער אַראָפּ דאָס גאָלד פון די ציין... האָט זי פאַר שרעק זיך צעשריִען און דער טאַטע איז זי געפאַלן שלאָגן, וואָס זי שלאָפט ניט אַזוי שפּעט בײַ נאַכט... געוווּסט האָט די מאַמע אויך פון עפּעס אַ פלאַש. די דײַטשן זאָלן האָבן באַגראָבן אינעם ייִדן־קבר אין וואַלד אַ פלאַש מיט אַ רשימה פון די, וואָס האָבן געשאָסן, בכדי פון זיך די שולד אָפּצוואַשן. איז דעם טאַטן און נאָך עמעצן געגאַנגען אין לעבן צו געפינען די פלאַש. האָבן זיי זיך געריִעט אין דער גרוב, געזוכט די פלאַש און, קענטיק, פאַר איינס געריסן בײַ די מתים גאָלדענע ציין... פון געלעגער איז דאָס מאָל די מאַמע שוין ניט אויפגעשטאַנען. אָבער נאָך איידער מען האָט זי אויפן מאָהילניק באַהאַלטן, האָט דער טאַטע שוין אַ צווייטע זיך געהאַט אײַנגעשאַפט. קומט זי צו אים נעכטיקן, ווען אים איז ניחא. אין קאַשטשאָל גיין מיט איר אײַלט ער זיך ניט. אַ רײַכע קוקט ער אויס, און די אַ איז אָרעם. זאָגט ער, אַז די אָרעמע וועט ניט אַנטלויפן. איצט באַרויִקט זי אים דאָרטן אין שטוב, ווײַל דער אויסגעצופּטער סאַמאָגאָן קאָכט און זידט אין זײַן געהירן. קאָכט און זידט... דעמאָלט ווערט ער ווילד, איר טאַטע, צעיושעט ווי אַ צערייצטע חיה, און קאָן מענטשן צערײַסן, ווײַל, אַהאַ, קראַפּט האָט ער ווען ס׳קאָכט און זידט אין זײַן געהירן...

די גאַנצע צײַט פון רעדן האָט דעם מיידלס קול זיך געוויגט, געלאָשן,

ווידער אויפגעפלאַמט, געוואָרן שטילער, אײַנגעהאַלטענער, ביז ס'איז ערגעץ פאַרלוירן געגאַנגען. ווי געפינענדיק איר פאַרלוירן קול, איז זי פּלוצעם אויפגעשפּרונגען:

— ווײַ, דער טאַטע!

אָפּגעריסן זיך פון אָרט, אַנטלאָפן.

רות איז אַנטלאָפן. און דו ביסט געבליבן אַ פּלוצעם אויסגעניכטערטער. אַלע קשיות — פאַרענטפערט, די ספקות — אויסגעקלאָרט. חשדים, וואָס דו האָסט געוואָלט זיי זאָלן זיך אויסלאָזן צו גאָרנישט, זענען געוואָרן אויס חשדים. האָסט איצט געניי געוווּסט, צו וואָס דער פויער האָט בײַ דיר דעם צעטל אַרויסגעקראָגן. און דיר איז געוואָרן אַזש ניט גוט פונעם געדאַנק, ווען דו ווייסט דאַרפן דאַנקען פאַרן לעבן בלײַבן, און ווער עס וועט מיט דײַן געראַ־טעוועט לעבן זוכן זיך ריינצוּוואַשן פון מאוימדיקע חטאָים, מאָנען סליחה ומחילה.

סט'געמיינט אַז אַלץ איז דיר קלאָר. אָבער ניט געוווּסט האָסטו אַן עיקר: וואָס ווײַטער? פון לויפנדיקן צוג ביסטו געשפּרונגען. דײַן נײַער און זייער פּאַמעלעכער צוג איז מיט אַ מאָל פאַרפאָרן אויף אַ טעמפּן רעלס. לויטן שׂכל דאַרפסטו ווידער שפּרינגען... האָסט אויסגעפּרוּווט דײַנע גלידער. די פיס האָבן דיר, פון לאַנגן ליגן, דינען ניט געוואָלט. און דו דאַרפסט שפּרינגען, לויפן, מוזסט לויפן, וועסט פּרוּוון לויפן! און רות, רות? דו האָסט ניט געקאָנט וויסן, וואָס מיט איר געשעט.

זי האָט זיך געהאַט אַרײַנגעגנבעט אין דער שוואַך באַלויכטענער וווינ־שטוב. דער בליצלאָמפּ האָט געררייכערט און קיינער האָט דעם קנויט ניט פאַרריכט. איר טאַטע, אַן אַנגעזשליאָקעטער און איבערגעפּרעסענער, איז אין די זאַכן, אין די שטיוול געלעגן אויפן פּליושענעם דיוואַן און געטענהט, למאַי די טאָכטער זײַנע איז פאַרשווּנדן און העלפט אים ניט קומען צו זיך. דערפילט, אַז זי איז ענדלעך דאָ, האָט ער זיך אויפגעזעצט און מיט אַ וואַקל־דיקן קאָפּ אָנגעשטעלט אויף איר קליינע, מיט רויטער יוכע אָנגעגאָסענע אויגן. לאַנג פאַרביסן זי אָנגעקוקט.

— ווו ביסטו געווען, האַ? — האָט ער אַרויסגעכריפּעט און זײַן בלאָנדער קאָפּ האָט זיך נאָך מער צעשאָקלט. — ווו פאַרפאַלן געוואָרן? ווו ווערן עס פאַרפאַלן מיידן?

ער האָט ווי ניט איז זיך אויפגעשטעלט; מיט דראָבנע טריטעלעך, ווי אויף שטאָלצן, צוגעטאָפּעט צו דער טאָכטער און זי אָנגעכאַפּט מיט רציחה:

— אויפן היי מיטן יִיד, האַ? זיך געשפּילט אין טאַטעלע־מאַמעלע, האַ? געזינדיקט מיטן יִיד?!

זײַן קעפּסווײַב, אַ געזונטע גויע, האָט די גאַנצע צײַט זיך געהאַט מטפּל געווען מיט אים — געלייגט קאַלטע קאָמפּרעסן צו די שלייפן, געגעבן טרינקען זויערן קוואַס. איצט איז זי געפּלעפּט געוואָרן פונעם פּויערס רייד. געוואָלט זיי פאַרשטיין, אָבער דערווײַלע באַוויזן וואָס זי קאָן: צוגעשטופּט דעם שיכּור צוריק צום דיוואַן, מיט כּוח אים אַנידערגעזעצט, אַרײַנגערוקט אים אין מויל אַ זויערע אוגערקע.

גריזשענדיק די אוגערקע, גרעפּצנדיק און שלוקערצנדיק האָט ער ניט אויפגעהערט צו בורטשען:

— מיך, מיך דאַרף מען שיסן! פאַרן ראַטעווען יִידן — דערשיסן! די יִידן האָבן אונדזער אויסלייזער געקרייציקט און אַלע זענען זיי קאָמוניסטן! טאָר קיינער פון זיי ניט בלײַבן, קיינער ניט! וועט קיינער ניט וויסן!.. כ׳שווער בײַ גאָט דעם אַלמעכטיקן, דערשיסן וועל איךביידן, דערשיסן ווי די הינט! פאַרן וואַלגערן זיך אויפן היי, פאַרן זינדיקן... מײַן ביקס, די ביקס אַהער! ווו איז מײַן ביקס?

דאָ האָט ער זיך גאָר צעכאָכאָטשעט:

— דער צעטל! כאַ־כאַ־כאַ... ס׳אַ דאָקומענט. יאָ, אַ דאָקומענט בלײַבט אַ דאָקומענט! די ערד פאַרדעקט די האַנט און איר אונטערשריפט האָט קראַפט. טאָפּל קראַפט אין צוויי שפּראַכן... בעסער נאָך, די האַנט זאָל מער זיך ניט אונטערשרײַבן... קיין איין יִידישע האַנט טאָר ניט בלײַבן אויף דער וועלט!

ער האָט ראַפּטעם זיך אויפגעהויבן, אָפּגעשטויסן פון זיך זײַן פּילֶגֶש, אַ וואָרף געטאָן זיך ווידער צו דער טאָכטער און אַרײַנגעשלײַדערט זי אין איר שלאָפקאַמער, אויסדונערנדיק דעם באַשלוס:

— מער וועסטו צום יִיד ניט גיין!

און געלאָזט האָט ער זיך איבער דער שטוב זוכן די ביקס. ניט געדענקט ווו ער האָט זי לעצטנס פאַרשטעקט, האָט ער זי געזוכט שרײַענדיק און שילטנ־דיק די גאַרע וועלט, למאַי מען באַהאַלט פון אים זײַן טײַער וואָפן, וואָס האָט

אים די גאַנצע צײַט געטרײַ געדינט בײַם אָפּרעכענען זיך... איצט וועט ער זיך אָפּרעכענען מיטן ייִד אויפֿן היי און דערנאָך זיך נעמען צו זײַן זינדיקער טאָכטער...

דערווײַלע האָט זי האַסטיק אָנגעטאָן אַ קאַפּטל, דורכן פֿענצטער אַרויס־געשפּרונגען אין פֿינצטערן דרויסן און זיך אַוועקגעטראָגן צו דיר איבער דער שוואַרצער און קלעפּיקער בלאָטע פֿונעם דאָרפֿישן געהעפֿט.

אַרײַנגעכאַפּט זיך אין שײַער, האָט זי, אומגעשטערט אויסגערופֿן הויך, הויך אויפֿן קול:

— מיר מוזן אַנטלויפֿן! דער טאַטע האָט אַ ביקס!

האָסט אָן שהיות זיך אַראָפּגעלאָזט פֿונעם סטויג און, געשיצט פֿון דער פֿינצטערניש, זענט איר ביידע געלאָפֿן — איבער דער בלאָטע פֿונעם געהעפֿט, איבער די קוואַטשיק ווייכע מיעזשעס פֿונעם שמוציק־גרויען פֿעלד מיט די געקעפּטע קרויטקאַטשענעס. וואָס האָט דיך צו דער פֿויערשער כאַטע מיטן מאַניענדיקן פֿענצטערל אַ מאָל דערפֿירט. שווער איז דיר געווען צו לויפֿן נאָך אַזאַ צײַט ליגן אויף אָן אָרט. רות האָט דיך געשלעפּט פֿאַר אַ האַנט — האַס־טיקער, האַסטיקער! געצויגן דיך אין אַ פֿינצטערער, אין אַ פּחדימפּולער, אין אַ תהומיק טיפֿער ווײַט.

— האָב ניט מורא, כ׳ווייס אַלע סטעשקעס, — האָט זי דיך באַרויִקט בעתן אַרײַנכאַפּן זיך אין וועלדל, אין זעלבן וועלדל, וואָס אונטער דײַן שוץ האָסטו אָנגעשפּאַרט אַהער צו.

דאָ האָט איר אָפּגעכאַפּט אָטעם.

פֿלוצעם האָט אין דער זײַט פֿונעם כוטער אויפֿגעקנאַלט אַ פֿאַרשטיקטער שאָס, דערנאָך — אַ צווייטער און אַ דריטער.

— דער טאַטע! — האָט רות שטאַרקער אײַנגעקלעמט דײַן האַנט און פֿאַרשײַט, ווילד צופֿרידן דיך געצויגן אַלץ פֿאָרויס, פֿאָרויס.

אַ גרילציק געביל האָט זיך ווי אָפּגעריסן פֿון די דרײַ שאָסן, און ביידע האָט איר געפֿילט, אַז דאָס שיסערײַ און דער הונט יאָגן זיך נאָך אײַך. האָט איר אָנגעשפּאַנט אַלע כּוחות און געלאָפֿן, געטראָגן זיך איבער זאַמד און שטיינדלעך, איבער גליטשיקע בלאָטעס און טרוקענע צווײַגן, איבער אַרויס־געקראָכענע פֿון דער ערד ביימער־וואָרצלען, וואָס איר האָט זיי עקשנותדיק געטראָטן אין דער וואַלד־חשכות.

נאָר דאָ האָט זיך דערנענטערט און זיך צוגעשפּיצט ס׳גרילציקע געביל, און איר האָט דערקענט אײַער הונט. ער האָט אײַך אָנגעיאָגט און מיטגעלאָפֿן, באַגייסטערט ווויענדיק, אַנשטאָט אײַך צו פֿאַרהאַלטן, ניט לאָזן אַנטלויפֿן און בײַסן, רײַסן...

מער האָט אײַך קיינער ניט דערגרייכט. בלויז נאָך איין ביקסנשאָס וואָס איז אָן ספֿק צו אײַך געווען אַרויסגעלאָזט, האָט דומפּ אַרײַנגעזעצט אין שוואַרצן פֿלייש פֿון דער נאַכט און געבליבן אין אים שטעקן.

## אינהאַלט:

5 אויפן האָק פון דער האָפענונג
74 איין איינציקער מאָנצביל
87 באָרוועס איבער שניי
99 דער שמד אינעם ביישטיבל
114 וואָכלייט פאַרוויילן זיך
121 זאָל׳ס געבוירן ווערן!
131 פאַר איין נאַכט
150 קינדער, קינדערלעך...
156 אָן אָרט פאַרן קינד
164 און לעב, טעכטערל...
169 דער באָנדאַזש אונטערן קני
181 שטאָבס-פעלדפעבל האַנס פפאַנקוך
235 דעם אויסלייז אָנטקעגן

## ביכער פון מאיר יעלין
אַרויסגעגעבענע אין ישׂראל

**דער פּרײַז פון יענעם ברויט**

דערציילונגען, פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תּל־אָביב, 1977
פּרעמירט מיט דער זכריה גאָנאָפּאָלסקי־פּרעמיע, פּאַריז

**בלוט און וואָפן**

קליינע נאָוועלן, סקיצעס פון געטאָ
פאַרלאַג „המנורה", תּל־אָביב, 1978
פּרעמירט מיט דער ד"ר דוואָרזשעצקי־פּרעמיע, תּל־אָביב

**די מיראַזשן פונעם אַמאָק־לויפער אָסקאַר גריק**

נאָוועלע, ה. לייוויק־פאַרלאַג, תּל־אָביב, 1981
פּרעמירט דורכן וועלט־צענטער פון ייִדישן פּ.ע.נ.־קלוב, ניו־יאָרק

**באָרוועס איבער שניי**

דערציילונגען, ה. לייוויק־פאַרלאַג, תּל־אָביב, 1984